בשנות שהותי בלידא, מתחילת 1909 ועד סתיו 1913, היו שנות משבר חינוכי תרבותי בהרבה קהילות ישראל בתפוצות רוסיה. תביעות חינוך מסורתי־דתי מזה ורוחות חדשות מנשבות, התובעות השכלה חילונית מזה. הגימנסיה „הרצליה" ביפו נראתה לרבים כפתרון מעשי ואמנם באנו אלימלך חברי ואני ללמוד בה חכמת גויים בלבוש עברי.

לידא היתה עיר שישובה היהודי מגובש במסורת הליכות חיים ודת, מסחר, נוהג אישי ומשפחתי, דרכי חינוך ומערכות תרבות. לבני לידא השונים נודעת בזכרון כל יוצאיה דמות חריפת תחום, כאילו חצובה באבן וססגונית. הנה השוק ותגרנים ותגרניות שבדיבורם הנמרץ מהדהדים דופקי חיים ויצרים. הנה בעלי בתים צעירים בחנויותיהם, ובעלי בתים נכבדים בבתי עסקיהם וגבאים וראשי קהל תקיפים וסוחרים עם נכרים, ערים וזריזים. והנה מלמדים וכלי קודש, רבנים, שוחטים, חזנים ובעלי הטקסא וקצבים ובעלי מלאכה, קדרים ועושים במתכת. והנה האינטליגנציה, רופאים ומורים והכל שוזרים חוטם המיוחד להם ליריעת חיים ססגונית תוססת ומפעילה ומגרה נוער לשאוף להישגים, לכיבוש עמדות לעצמם ולעמם.

ואנו משולבים היינו ודבקים בנוף ובמסובב. רחוב זה שגרנו בו, „קריבייה אוליצה", הנמשך מזה לשוק, מעבר להצ־טלבות עם „קמינקה", ומזה עד המבצר הפולני־העתיק, נוסך הוד בלילות ירח, ושדה מרוץ והתרוצצות לנוער בימים שטופי שמש. וברחוב מול ביתנו — בניין המשטרה, ומשמאל מועדון האצילים והגינה מאחוריו המגיעה לרחוב וילנסקה עם קיוסק הגלידה והמשקאות הקלים. ובמעלה הרחוב מימין — מועדון ה„זמיר". באותו צד שגרנו אנו, במעלה הרחוב בכיוון למבצר, חצר הבוירסקים ומשכן המייצ׳טאי, ומשם הלאה משכנות הגויים. הלאה וימינה הדרך לבית־הספר של מסילת הברזל ובחצר בית־הספר, מכשירי ההתעמלות, שנהגו להתאמן בהם בשעות שהיה פנוי מתלמידים. מאחורי ביתנו — הפארק עם הנחל וזמתפתל בתוכו והגשרים מעליו והסירות שאפשר לשוט בהן והככר להצגת ראינוע בקיץ ומקום נגינת התזמורת הצבאית.

והנה הרחוב הראשי וחנויות ובתי מסחר של מודעינו, או הורי חברינו, וממנה סמטת סטיקליאני ובקצה בית חייקל המלמד, ובמורד הרחוב בדרך אל מחוצה לעיר בתי מבשל הבירה, הדואר, בית בן הרב מצד אחד של הרחוב ומן הצד השני הקשר לשוק, אותו בית ספר עברי־רוסי, שלמדתי בו, בית הרב מטעם דובובסקי ובסוף — בית הרב ריינס.

בדפוסי נוף, אדם וסביבה אלו נוצקה דמותנו — אנו בני לידא של אותם הימים.

ובמערכת חיי העיר וחיינו אנו היתה משובצת ישיבת לידא, כאבן שואבת נוער, הבאים מקרוב ומרחוק לצלול בים התלמוד, להתנצח בסוגיותיו ועם זאת להציץ לצדדין, להבין לרוח התמורות והחליפות בחללו של עולם ולשאוף לעצמיות ולעצמאות לאומית ואישית כאחת, בעולם מתחדש, ובתקופת חלומות כמוסים.

ל.ג.

# תלמידי ישיבת לידא מעלים זכרונות

פגישת רעים מיוחדת במינה נערכה ב־ב׳ חנוכה תשכ״ד בתל־אביב, במלון ה„קסטל", ביזמתו של ארגון יוצאי לידא בישראל, לרגל ההכנות להוצאת „ספר לידא". ליד השלחנות הסבו קבוצת תלמידים לשעבר של ישיבת לידא, שנזדמנו יחד יובל שנים ומעלה אחרי עזבם את בית־מדרשם בלידא.

באוירה חמה ונלבבת, העלו המסובים, רובם ככולם מפעילי החיים הצבוריים בארץ, לשלוחותיהם השונות, זכרונות נרגשים ומעניינים מתקופת למודיהם בישיבת הרב ריינס. רקע נאה להעלאת הזכרונות מן הימים ההם שמשה גם תערוכת התצלומים מלידא וישיבתה, מגנזיו של מר דב אלוני, תלמיד ותיק של הישיבה, אשר במשך זמן מסוים היה קרוב במיוחד לרב המנוח, שבביתו התאכסן אז. (רוב התמונות האלה הועתקו בספר זה, וכאן ההזדמנות להביע למר אלוני תודה על כך).

פתח בפרשת הזכרונות מר משה ביתן (ביטנסקי, מנהל לשעבר של משרד הקרן הקימת לישראל בתל־אביב,



משה ביתן (ביטנסקי)

עכשיו בפנסיה), מראשוני התלמידים בישיבה (מר ריטוב הוסיף מצדו: „לא רק ראשון — הוא היה ראש וראשון. ראינו אותו, בבואנו ללידא, כהר גדול בין בני הישיבה"). הוא נתקבל אחרי בחינה קצרה על ידי ראש הישיבה ר׳ יואל דוד,* שׁשלח פתק לרב ריינס בנוסח זה: „מבין גפ״ת בשכלו החריף". היו אז בישיבה, בראשיתה, 22 תלמידים בלבד, וקשיים היו לגביהם בלמודי החול, מאחר שכל אחד היה ברמת השכלה אחרת. שבע שנים וחצי למד מר ביתן בלידא. כש־עמדה לפניו, בסופה של אותה תקופה, הבעיה: מה הלאה? — יעצו לו רבותיו, ר׳ שלמה (ה„עילוי ממיצ׳ט") ור׳ אהרון (חתנו של הרב ריינס, לאחר שנים — רבה של לידא), לנסוע לפוניבז׳, ל„קיבוץ" שנוסד שם. זה פרט מענין. כי אכן, לא באה לידא לבטל את פוניבז׳ או את וולוז׳ין, אלא להשלים אותן. ישיבת לידא, עיקר מטרתה לא היתה להוציא מתוכה

* נרצח ב־1919, בפרעות שנערכו ע״י ההטמאן גריגורייב ביהודי יליסבטינראד.

רבנים דוקא אלא יהודים יודעי תורה ובעלי השכלה, שיטבעו את חותמם, חותם תורה ודעת, בכל שטחי החיים הצבוריים בישראל.

מר ישראל ריטוב (מנהל המרכז לקואופרציה) פתח ואמר: ראויה היתה לידא לשם „עיר חב״ד" לא פחות מלאדי, שכן היתה זו עיר מלאה חכמה, בינה, דעה (אגב, הפוך אותיו־תיה של „לאדי" ויעלה לך „לידא"...). הרב ריינס היה מגדולי הגדולים, ההוד והתפארת, החכמה העילאית. מן הראוי היה שניסד י״ט כסלו משלנו, כדוגמת אנשי חב״ד, יום לפגישת תלמידי ישיבת לידא, להעלאת זכרו של רבם הנערץ, הרב ריינס ז״ל.

דרך אגב, נזכר מר ריטוב בבקורו של הרב ריינס בבית אביו (שהיה מידידיו ומעריציו של הרב עוד לפני שלחו את בנו לישיבה) בעיירה אוסיפוביץ׳, שבין מינסק לבוברויסק. כשהגיע בעגלה, נתכנסו בני העיירה בהמוניהם לראותו. כשירד מן העגלה, בקש מילד אחד שהיה שם להביא לו כוס מים. נזדרזה אמו של הילד, הביאה כוס מים מן החצר הקרובה, שמה אותה בידי בנה שימסרנה לרב ואמרה לו: „בקש ממנו שיברכך". שתה הרב את המים ושאל: „במה אברכנו?" — אמרה: „שיהיה בן תורה". פנה לילד ואמר לו: „גיי, אינגעלע, געזונטערהייט און אז דו וועסט וועלן, וועסו קענען לערנען" (לך לשלום, ילדי, ואם תרצה, תהיה בן תורה)...

מר יעקב אמוראי (מורה ותיק, בפנסיה. יו״ר בית־הדין העליון של הסתדרות המורים בישראל) העלה גם הוא זכרון בחינתו הראשונה, על ידי הרב ריינס עצמו. שאלה מקורית שאל אותו הרב:

אומרים הבריות: אין לך כלל שאין לו יוצא. ובכן, היכן מצינו בכל זאת כלל שאינו שייך לכלל הקודם (ז״א שאין לו יוצא מן הכלל)? — התשובה היתה: כלל זה עצמו (שאין לך כלל ש... וכו׳) אין לו יוצא מן הכלל...

נזכר מר אמוראי באוירה העברית בין בחורי הישיבה. זמן קצר אחרי בואו ללידא (ב־1911 היה הדבר), ניגש אליו אחד התלמידים והודיעו (בעברית): דע לך, כי התלמידים בינם לבין עצמם מדברים רק עברית. אוירה עברית היתה גם בעיר עצמה, מדי שבת היו נוהגים מר אמוראי ואחרים מחבריו להתכנס אחרי הצהרים בביתה של אחת המשפחות הציוניות והיו קוראים שם יחד בכתביו של אחד־העם.

אחרי העלותו את זכרונותיו הנרגשים משעוריו של ה„עילוי" ממיצ׳ט בתלמוד ומהרצאותיו של ר׳ פנחס שיפמן (בן־סירה) בהיסטוריה יהודית ובספרות העברית, הוא מסיים: „מאז עזבתי את ספסל בית־המדרש בלידא, למדתי במוסדות השכלה גבוהים שונים. אך את אישיותנו הרוחנית, ישיבת לידא היא שעיצבה אותה".

מר נחמיה עמינוח (ממערכת „הצופה") המשיך בהעלאת רום ערכה של ישיבת לידא אשר „תוך זמן קצר ריכזה בתוכה אישים בעלי משקל וכוח חנוכי רב, ובזה הצליחה יותר מהרבה ישיבות אחרות בסביבתה".

מר נחום חיניץ׳ (מותיקי המורים בתל־אביב, בפנסיה) ומר ברקאי (מורה ותיק גם הוא) ספרו אפיזודות מעניינות

מחיי הישיבה. מלא אחריהם מר חיים אמתי, שחקן „הבימה", מצעירי התלמידים „בימים ההם", בעצמו בן לידא, שקרא פרקי זכרונות מהוי העיר.

להתרפקות על אותם ימים שבילו בלידא ולהרגשת החברות לרעיון יקר שליכד אותם, נתן בטוי מר יעקב בן־סירה, שהעיר: במדינות רבות עבר, ובכל מקום שביקר, נזדמנו לו תלמידים של הרב ריינס מלידא. בכל פגישה כזאת, כאילו הודלק גץ טמיר, כאילו אנשים אחים נפגשו.

רבים מבין המוזמנים למסיבה לא יכלו לבוא, מחמת מחלה וכיו"ב או מפאת ריחוק המקום ושלחו את הערכתם בכתב.

כתב פרופ' ישראל רייכרט, פרופסור בפקולטה לחקלאות של האוניברסיטה העברית בירושלים:

תודה לכם על הזמנתכם להיות נוכח במסיבת אזכרה לישיבת לידא, שבה בלינו את מיטב שנותינו ושבה מצאנו מזון רוחני שהזין ומזין אותנו כל השנים. זכרו של רבנו הרב ריינס ז"ל ואישיותו הדגולה לא ישכח ממני כל הימים. הוא מילא את תלמידיו תורה ואהבה לארץ ומיזוג יהדות ואנושיות.

מר אליעזר טש ספר במכתבו על קבוצת תלמידים בישיבת לידא בשם „התחיה", בראשותו של החבר שמואלוביץ, שהטילה על עצמה את הדבור העברי בבית וברחוב.

מר ח. רובין (אגושביץ) העלה במכתבו זכרונות נלהבים במיוחד מהרצאותיו של ר' פנחס שיפמן (בן־סירה) בתנ"ך.

**נחום חיניץ'**

# די לידער ישיבה

אַ גאַנצן טאָג האָט געקלאַפּט אין מיינע אויערן אַן אויפהער דאָס וואָרט לידע. אָט באַלד זענען מיר אין לידע. דאָס איז דאָך געווען דאַן מיין אידעאַל — פאָרן לערנען אין לידער ישיבה. הונדערטער בחורים האָבן זיך אַרומגעטראָגן מיטן געדאַנק: ווי קומט מען אַן? ווי דערגרייכט מען דעם ציל? אַן איינלאַדונגס־קאַרטל פון לידער ישיבה איז געווען ממש אַ גליק.

און אָט שטיי איך אין לידער וואָקזאַל — אַ פּראַכטפולע געביידע, גרויס, שיין, רחבותדיק געבויט. דאָ איז דאָך דער שיידונגס־פּונקט, אַ באַן־צענטראַלע פון ליניעס קיין מאַלאַדע־טשנאַ, ווילנע, מינסק.

אַ צעטומלטער בין איך געשטאַנען און זיך אַרומגעקוקט און אַרום מיר אַ מענגע פון נאָך צענדליקער בחורים. וווהין? פון וואַנען? אַלע אין לידער ישיבה. און אַ ציטער אויף די ליפּן: ווּעט מען מיך אָננעמען אין דער ישיבה? מ'זאָגט, אַז די ישיבה איז איבערפולט. איך וועל פּרווון מיין מזל... אַזוי שטיין לאָזן דיר נישט די לידער בעלי־עגלות — גוטמוטיקע פּשוטע יידן, וועלכע מונטערן און רופן דיך: פּרוש'ל, וואָס שטייסטו? קום לאָמיר פאָרן אין שטאָט אַריין, מיר באַרייסן נישט קיינעם.

„אַ קאָפּיקע אַרויף, אַ קאָפּיקע אַראָפּ,<br>
הויב אויף בחורל דעם קאָפּ.<br>
זיי שטאָלץ און מונטער,<br>
פאַל ביי זיך נישט אַרונטער!"

עס גראַמט זיך ביים בעל־עגלה און מיר לאַכן. אַ בעל־עגלה האָלט שוין מיין פּעקל און 6 בחורימלעך זיצן מיר אויף אַ דראָזשקע. מ'פאָרט אין שטאָט אַריין. אָט איז קאַמינקער גאַס. „לאַנג איז די גאַס, ווי דער יידישער גלות" — רייסט זיך אַרויס ביי איינעם פון אונדז. דער בעל־עגלה רעאַגירט אויף דעם: „דיר געפעלט שוין נישט אונדזער גאַס? האַ? וואָס? פאַלאַצן ווילסטו? געקומען לערנען אין לידע, איז וואָס איז דער חילוק: אַ גאַס לענגער אָדער קירצער? לערנען זאָלסטו און וואָס ווייניקער קריטיקירן. דו זעסט אָט דאָס הויז מיטן גלעזערנעם גאַניק? דאָ, טאַקע דאָ וווינט אונדזער רב הרב ר' יצחק יעקב ריינעס."

מיט התפעלות האָבן מיר זיך אַרומגעקוקט: אַ קליינקייט ריינעס! ווער האָט נישט געהערט זיין נאָמען און אין זיינע הענט איז דאָך אונדזער גורל.

און דער בעל־עגלה זעצט פאָר: „איז ער דען גלייך צו אַלע רבנים? אַ רב מיט אַ הדרת־פּנים, אַ ווייסע שיינע באָרד מיט אַ ליכטיק פּנים און קלוגע אויגן, ווי אַ מלאך אלוקים. היינט זיינע בגדים זענען פון סאַמעט און זיידנס, אַ זויבערע יאַרמולקע און אַ שטריימל, פּונקט ווי אַ גוטער ייד.

מ'רופט אים ריינעס לויט זיין פאַמיליע־נאָמען, ניט ווי אַלע רבנים. אין זיין ישיבה לערנט מען רוסיש און העברעיש, לערער מיט אָדלערס אויף די קנעפּ — גאַנצע „טשינאָוו־ניקעס".

אין שטאָט זאָגט מען, אַז ער האַלט פון ציון און דאָס האָרץ טוט אים אויך ציען קיין ארץ־ישראל. די שטאָט דער־לייגט נישט צו דער ישיבה. אָט מ'דאַרף צימערן, עסן אויך! מלאכים — זייט איר דאָך נישט! האַ? טאַקע אַזוי? נו, איז דאָ פּרנסה."

אויסגעהערט דעם בעל־עגלה'ס מענה־לשון, קוקן מיר זיך אַרום: אַ שטאָט ווי אַלע שטעט אָבער דאָך עפּעס אַנדערש. דער רב איז נישט ענלעך צו אונדזערע רבנים, און דער בעל־עגלה — אַ ריידעוודיקער, גוטמוטיקער, האַרציקער ייד.

מיר שטעלן זיך אָפּ נעבן אַ לידיקן נישט קיין אַרומ־געצאַמטן הויף און פאַר אונדזערע אויגן אַ צוויי־שטאָקיקע געביידע מיט אַ שילד: „הישיבה הגדולה אשר בלידא".

סוף כל סוף, דאָס איז די לידער ישיבה!

בחורים רינגלען אונדז אַרום, מ'באַטראַכט אונדז. נו, שלום עליכם! וואָס לויפט איר קיין לידע?

דער בעל־עגלה נעמט אַראָפּ די פּעקלעך און ווענדעט זיך צו אײנעם: „זע, העלף זײ געפינען אַ צימער" און דערבײ זינגט ער צו:

„עס איז אַ גוטע מידה,
קומען לערנען אין לידע.
נישט אַלע דאַרפן זײן רבנים,
שוחטים, חזנים, דיינים.
איר זאָלט אײער לעבן שמידן
אַלס גוטע, ערלעכע יידן."

אין אַ גוטער שעה האָבן מיר געפונען אויך אַ צימער ביים שטעפּער מאָוושאָוויץ. אַ קלײן צימער מיט 3 סאָפּקעס און אַ טישל פאַר 4 רובל אַ חודש. דער אַרײנגאַנג דורך אַ לאַנגן אַרבעטס־צימער — אַ שטעפּערײ, ווו עס אַרבעט אַ נידעריק־געוואוקסיקער יונגערמאַן מיט 3 געהילפן.

אונדזער בעל־הבית מערקט אָן: מיר פאַרמאָגן נאָך אַ קלײן שלאָף־צימער און דאָס אַלץ. דערבײ זינגט ער צו:

„מיר שטעפּן און נייען,
אין דרײען און צווייען.
ווי עס איז מען לעבט,
מ'שנײדט כאַלאָוועס און מ'שטעפּט".

„איר דאַרפט וויסן, אַז מײן ברודער מאָוושאָוויץ איז ביי אײך אין ישיבה אַ לערער פון רוסיש. אײנער פון די בעסטע לערער אין שטאָט" און דערבײ רוימט ער מיר אײן אַ סוד אין אויער: „ער איז אַ רעוואָלוציאָנער" און מורמלט אונטער, אַז דער רב ריינעס איז פון דעם נישט שטאַרק צופרידן, מ'זאָל חלילה נישט „טשעפּען" זיך צו דער ישיבה.

צומאָרגנס, פרײטיק 12 בייטאָג, קומענדיק פון ישיבה, האָבן מיר געטראָפן אונדזער בעל־הביתטע ווי זי באַקט חלות בײ אונדז אין צימער. פאַר אונדזערע אויגן איז אַנטפּלעקט געוואָרן אַ גרויסער אויוון, וואָס איז געווען פריער פאַרהאַנגען מיט אַ לאַנגן פאָרהאַנג און קײנעם וואָלט נישט אײנגעפאַלן, אַז דאָ איז קאָמבינירט אַ קיך צוזאַמען מיט אַ צימער צום פאַרדינגען.

אויסערגעוויינלעכס, אימפּאָזאַנטעס האָט לידע נישט פאַר־מאָגט, אָבער זי האָט געשמט מיט איר ישיבה, מיט די גרויסע ביר־פאַבריקן פון פּופּקאַ און פאַפּירמייסטער און די גרויסע מילן. ווילנער גאַס איז געווען די שענסטע אין שטאָט. אויף דער גאַס האָט זיך דערנאָך אַריבערגעצויגן דער רב ריינעס אין אַ פּראַכטפולער דירה — דעם פאַלקאָווניקס הויז.

אַ שם־דבר האָט געהאַט דער שטאָט־זייגער — אַ פרײ־וואַטער, אַ דערפינדונג פון דעם זייגערמאַכער קעניגסבערג, וועלכער פלעגט אויסשיסן 12 אַ זייגער בייטאָג.

דער לידער שולהויף איז געווען אויסגעברוקירט, ריין. בולטער פון אַלץ האָט זיך אַרויסגעזען די גרויסע שיינע שול, אין שכנות מיטן גרויסן בית־המדרש, די קצבים־שול און אַנד. אין בית־מדרש האָט זיך אויפגעהאַלטן אַ קבוץ ישיבה־בחורים, וועלכע זענען סובסידירט געוואָרן דורכן מאָסקווער גביר גאָץ (וויסאָצקיס אײדעם).

דאָס לעבן אין שטאָט פלעגט פליסן לאַנגזאַם און רויִק. יידן האָבן געהאַנדלט־וואַנדלט, זיך געמאַטערט און געלעבט. פון אײן זייט — אַ גרויסע ישיבה, פון דער אַנדערער זייט — אַ פאַלק סאָלדאַטן. פון בײדע האָט לידע געצויגן אַ גרויסן טייל פון איר חיונה. האָט מען זיך געוויצלט: לידע לעבט פון תורה, סחורה און מורא (פאַר סאָלדאַטן).

די ישיבה אין שטאָט האָט זיך שטאַרק אַנגעזען, בפרט ווען זי האָט זיך אַריבערגעצויגן אין דער פּראַכטפולער צוויי־שטאָקיקער געבײדע אויף סאַדאָווע גאַס. אַ גרויסע שילד האָט זיך געלאַנצט לייענען: „הישיבה הגדולה אשר בלידא". בסך־הכל האָט די ישיבה פאַרמאָגט 5 מחלקות און 3 מכינות (צוגרייטונגס־קלאַסן).

עס האָבן געלערנט אין דער ישיבה אַרום 300 ישיבה־בחורים. די געבײדע איז געווען אויסגעשטאַט נישט ערגער ווי אַלע מאָדערנע שולעס, מיט בענק, טאַוולען, קאַרטעס, גלאָבוסן. 7 שעה אַ טאָג האָט מען געלערנט גמרא און צו 3 מאָל אַ וואָך, 2 שעה אַ טאָג, רוסיש און העברעיש.

די ישיבה האָט פאַרמאָגט אַ גאַנץ שיינע און רייכע ביב־ליאָטעק פון העברעישע, רוסישע און דײטשע ביכער. דאָס איז געווען אַ געשאַנק פון אַ מאָסקווער רייכן ייד מיטן נאָמען מ. כהן. די ביבליאָטעק איז אָפן געווען 2 מאָל אַ וואָך אייניקע שעה אין אָוונט.

ראשי ישיבות פלעגן זאָגן אַ טעגלעכן שעור, פאַר יעדער מחלקה באַזונדער. פאַרן שעור און נאָכדעם האָט מען געלערנט צוזאַמען אין גרויסן זאַל, ווו מ'פלעגט אויך דאַווענען און אַלע פאַרזאַמלונגען זענען דאָרט פאָרגעקומען.

יעדן פרײטיקצונאַכט, ווי אויך שבת בייטאָג, פלעגט קומען הרב ריינעס זאָגן אַ שיעור, ביי וועלכן ס'פלעגן זיין אַנוועזנד אויך שטאָטישע בעלי־בתים. ער פלעגט קומען אין באַגלייטונג פון אייניקע ישיבה־לייט.

זיין שעור איז געווען אַ מייסטערווערק פון פרשת השבוע, הלכה און אגדה, דורכגעזאַפּט מיט ליבע און בענקשאַפט צו תורה און אַן אויפמונטערונג צו ארץ־ישראל. זיין שיטה איז געווען פשטות, קלאָרקייט און לאָגיק. ריינעס אַלס גרינדער פון „מזרחי" האָט טאַקע זוכה געווען, זיין נאָמען איז פאַר־אייביקט אין תל־אביב — רחוב הרב ריינעס.

אַ וויכטיקן פּלאַץ האָט פאַרנומען אין לידע און אין דער ישיבה, דער לערער פנחס שיפּמאַן ז"ל. אַלס פּעדאַגאָג און מענטש איז ער געווען זייער באַליבט און פּאָפּולער אין שטאָט און צווישן זיינע תלמידים.

דער נאָמען שיפּמאַן איז געווען מאַסגעבנד פאַר יעדן. זיינע לעקציעס אין „תפארת בחורים" און אין ישיבה זענען געווען דורכגעדרונגען מיט אהבת־ישראל און נאַציאָנאַליזם. מיט אַכטונג און יראת הכבוד האָט זיך די שטאָט לידע באַציגן צו אים, און צו זיינע תלמידים האָט ער אַרויסגעוויזן פּאַטערלעכע ליבע. זיינע תלמידים האָבן אים פּאָפּולער גע־מאַכט איבער גאַנץ רוסלאַנד און זיין כרעסטאָמאַטיע „בכו־רים" פאַרשפרייט איבעראַל.

קיין העברעישער לערער האָט נישט געקענט פאַרנעמען זיין פּלאַץ אין דער ישיבה. שיפּמאַנס רעדעס אין דער ישיבה, חנוכה, ט"ו בשבט, ל"ג בעומר, תשעה־באב, האָבן צו זיך קיין גלייכן נישט געהאַט. עס האָט זיך געפילט דער מענטש, דער לערער און דער גרויסער נאַציאָנאַליסט.

דער מייטשיטער עלוי, הרב ר' שלמה פּאָליאַטשעק, וועל־כער פלעגט זאָגן אין ישיבה דריי מאָל אַ וואָך אַ שעור פאַר די העכערע מחלקות, איז געווען אַ גאון מיט אַ שאַרפן קאָפּ. אַ זעלטענער עקזעמפּליאַר. זיינע שעורים פול מיט שאַרפ־זיניקייט, קלאָרקייט און טיפקייט פלעגן געלערנט ווערן מיט

גרויס אינטערעס דורך זיינע תלמידים. מ׳פלעגט עס פאַרצייכענען מיט געשיקטקייט און פלינקייט און בחורים האָבן זיך געאַמפּערט וואַכנווייז, וועגן דעם וואָס דער עלוי האָט געזאָגט און געמיינט מיט דעם.

דער גאון ריינעס האָט געוווּסט ווי אָפּצושאַצן דאָס זעלטענע פּערל און האָט אים זייער געאַכטעט. טייער איז ער געווען ביי זיינע תלמידים. זיי האָבן אין אים אָפּגעשאַצט אויך דעם דענקענדן מענטש, דעם עלוי און וועלטלעכן מענטש, וואָס האָט געקענט אויך שפּראַכן.

זייענדיק פרום האָט ער גלייכצייטיק זיך אינטערעסירט מיט וועלטלעכע פּראָבלעמען און פריי געלייענט רוסיש און דייטש.

עס איז כדאי צו דערמאָנען די איבעריקע צוויי ראשי ישיבות — דער שאַדאָווער ראש ישיבה הרב קליין און הרב ר׳ יואל דוד קאַפּלאַן.

דער שאַדאָווער איז געווען אַ דיקער מענטש פון מיטעלער וווּקס, אַ גרויסער למדן, אַ בקי. זיין שעור אין דריטער מכינה און ערשטער מחלקה איז געווען לויטער קלאָרקייט.

אַ קלוגער ייד, אַן אַלטמאָדישער און דאָך צוגעפּאַסט זיך צו די תלמידים. געטראָפן אין פּינטל מיט אַ וויץ, אַ שפּאַס, און די תלמידים האָבן גערן אויסגעהערט זיין מוסר. „לערן, מיין קינד״, פלעגט ער מוסרן, „דו קענסט נאָך ווערן אַ שטיקל מענטש, אי צו גאָט, אי צו לייט. וואָס? נאָר אַ רב מוז מען זיין? אַ ביסל לערנען, אַ ביסל לשון־קודש און רוסיש — ווערט מען דאָך אַ מענטש...״

הרב ר׳ יואל דוד קאַפּלאַן — אַ ייד אַ פּיקח, אַ האַלבער פינאַנס־מיניסטער, וואָס האָט פאַרוואַלטעט מיט 3 מכינות קלאַסן (ווו מ׳האָט געצאָלט פאַרן לערנען). זיין שעור אין 2־טער מחלקה פון ישיבה איז געווען קלאָר און דייטלעך. ער האָט געהאַלטן אַן אויג אויף יעדן ישיבה־בחור. פון אים האָט מען זיך נישט געקענט אַרויסדרייען. ער האָט געוווּסט פּינקטלעך יעדנס יכולת און ידיעות אין לערנען. אַ ייד אַ בעל־צורה און זייער חשוב ביי הרב ריינעס זצ״ל.

הרב ר׳ אליהו דב (ר׳ עליע־בער) בערקאָווסקי, דער משגיח פון לידער ישיבה. אַ לעבעדיקער, ריידעווידיקער מענטש, געוועזענער מנהל פון האָוואַרעדקער ישיבה־מוסרניקעס.

און גראַד אים האָט הרב ריינעס איבערגעגעבן די שליטה איבער דער אויפפירונג פון זיינע תלמידים. ער פלעגט אַכטונג געבן צו זיי באַזוכן די שעורים, צי זיי לערנען און דאַווענען. יעדעס פאַרברעכן איז פאַרצייכנט געוואָרן אין אַ ביכל. אַלץ האָט ער באַמערקט. ער האָט דעצידירט מיט אַ קורצע מעלדונג: „לא יבוא!״ — אויסגעשלאָסן פון דער ישיבה, נישט קומען!

מ׳פלעגט זיך וויצלען: ווען זאָגט מען „יעלה ויבוא״ — ראש־חודש, און „לא יבוא״ — צוויי מאָל אין יאָר...

ר׳ עליע־בער האָט אויך באַשלאָסן וועגן תמיכה, צי דער תלמיד איז ווערט געשטיצט צו ווערן דורך דער ישיבה אָדער, חס וחלילה, ניין.

צו אים פלעגט מען זיך ווענדן וועגן אַ שווערן ענין אין לערנען.

און ווען ער פלעגט זיך פילן אין אַ געהויבענער שטימונג — אַ צי, אַ הויב געטאָן מיט די אַקסלען, אַזוי ווי אַראָפּגעוואָרפן פון זיך אַ שווערע משא — און די אויגן פינקלען און שיינען. אַן אויפריכטיקער ייד געווען. געשטאָרבן אין טיפן עלטער אין תל־אביב.

איך וויל אויך דערמאָנען און אונטערשטרייכן די טעטיקייט פון משה כהן (סעקרעטאַר און מיטאַרבעטער אין „העולם״). אויסער דעם וואָס ער איז דאַן געווען סעקרעטאַר פון „מזרחי״, איז ער געווען אין דער ישיבה אין אייניקע קלאַסן לערער פון תנ״ך און געשיכטע. זיינע פּאָפּולער־וויסנשאַפטלעכע שעורים זענען באַליבט געווען צווישן די תלמידים. אין זיינע אַרויסטרעטונגען אויף אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען און פייערונגען אין שטאָט און אין ישיבה, האָט ער זיך אויסגעצייכנט אַלס פאָלקס־רעדנער.

גלייכצייטיק דאַרף דערמאָנט ווערן צום גוטן הרב מאַרגענשטערן, דער משגיח פון די מכינות. אַן ערלעכער ייד, אַ למדן, אַ גוטמוטיק־צוגעלאָזענער מענטש, וועמען די תלמידים האָבן געאַכטעט.

נאָך 2 ראשי ישיבות האָבן די מכינות פאַרמאָגט — הרב ר׳ משה בער וויסמאַנסקי פון דער ערשטער מכינה און דער פינסקער שוחט.

ר׳ משה בער וויסמאַנסקי איז געווען אַ גוטהאַרציקער אַלטיטשקער. צווישן אים און אַ צען־יאָריק קינד איז געווען אַ נאַטירלעכע נאָענטקייט.

דער פינסקער שוחט (לידער שטאָט־שוחט) האָט געזאָגט אַ שעור אין 2־טער מכינה. אַ בייזער שטרענגער ייד איז ער געווען. תלמידים האָבן פאַר אים גרויס דרך־ארץ געהאַט, ווייל מ׳האָט געוווּסט, אַז ער מיינט אַלץ ערנסט.

צוויי שמשים האָט די ישיבה געהאַט: ר׳ אברהם דער הויכער און אברהמל דער קליינער.

דער ערשטער האָט, אויסער זיין אַרבעט, געפּרוּווט אויך וואַרפן אַן אויג אויף די ישיבה־בחורים און איבערגעבן וואָס מען דאַרף נישט... איז ער נעבעך נכשל געוואָרן: תלמידים פון קלענערע קלאַסן האָבן מקיים פּסק געווען איבער אים און ער האָט אַריינגעכאַפּט עטלעכע מלקות זייענדיק איינגעהילט אין אַ זאַק איבערן קאָפּ.

עס האָט זיך געקערט וועלטן. הרב ריינעס האָט חוקר ודורש געווען די תלמידים און אייניקע זענען אויסגעשלאָסן געוואָרן פון דער ישיבה.

אַברהמל דער קליינער האָט שוין געהיט זיינע ביינער און אַלס אונטער־שמש און שיק־שמש האָט ער געלעבט בשלום מיט די תלמידים.

לידער ישיבה־בחורים זענען געווען אַ טייל פון לידער אינטעליגענץ און מיט די בחורים פון די העכערע קלאַסן האָט מען זיך גערעכנט אין שטאָט.

אין לידע האָט עקזיסטירט דער קלוב „הזמיר״, וועלכן די ישיבה־בחורים האָבן גערן באַזוכט.

אין „לאַנדעס־זאַל״ פלעגן פאָרקומען לעקציעס. ס׳האָבן דאָרט באַזוכט זאב זשאַבאָטינסקי, חיים גרינבערג, אלכסנדר גאָלדשטיין, ד״ר דניאל פּאַסמאַניק און אַנדערע. פאַר לידער ישיבה־בחורים איז יעדע לעקציע געווען אַ גרויסע געשעעניש.

אַרום 9 יאָר האָט עקזיסטירט די לידער ישיבה, ביז יאָר 1915.

אין דער לידער ישיבה האָט זיך געשאַפן אַ נייער טיפּ פון אַ ישיבה־בחור — אַ מאָדערנער נאַציאָנאַלער ייד, וואָס באַזעסן, תורה און השכלה צוזאַמען.

# הרב ר׳ מרדכי שמוקלר זצ״ל

ר׳ מרדכי נולד לאביו ר׳ אברהם יצחק (אברהם איצ׳ה המלמד) ולאמו דובה־ציביה, בשנת תרנ״א (1891) באיביה.

בימי נעוריו התחנך על ברכי אביו, מן המלמדים הטובים שבעיר, שבחדרו למדו נערים מבוגרים חומש עם רש״י, נ״ך וגפ״ת (ג׳מרא פ׳ירוש רש״י ת׳וספות). עד גיל הבר־מצווה.

בעודנו צעיר נסע ר׳ מרדכי ללמוד תורה בישיבת לידא המפורסמת של הרב ר׳ יצחק יעקב ריינס זצ״ל. אחר כך המשיך בלימודיו בישיבת ראדין ויצק מים על ידי הגאון ר׳ ישראל מאיר הכהן זצ״ל בעל ה„חפץ חיים״. בישיבה זו הסתופפו „אברכים״ גדולי תורה, אשר רובם נהיו ברבות הימים למנהיגים רוחניים בקהילות ישראל ור״מים בישיבות. שם התפרסם בשקידתו המפליאה כאחד מהאברכים המצויינים בישיבה. הוא היה בקיא בש״ס בבלי וירושלמי עם כל נושאי כליהם. ר׳ מרדכי הוסמך להוראה ע״י הגאון מרן ה„חפץ חיים״ בכבודו ובעצמו. זכורני כשר׳ מרדכי היה בא „בין הזמנים״ לבית הוריו לתקופת החגים — ואני למדתי אז ב„חדר״ של אביו — גם בימים אלה לא פסק פומיה מגירסא, ובפגישותיו עם הרב דמתא, ר׳ משה שאצקס זצ״ל, בביתו של הרב שהיה סמוך לבית הוריו וגם בביהמ״ד, היה מביא לפני הרב את הערותיו וחידושיו בסוגיות הש״ס.

אחרי נישואיו, בשנת תר״פ (1920), נתמנה להיות ראש מתיבתא בישיבת לידא, שהקים אחרי מלחמת העולם רבה של לידא, ר׳ אהרן רבינוביץ זצ״ל. הרב ר׳ מרדכי היה נוסף על גדולתו בתורה, גם איש שקט, עניו וצנוע, נעים הליכות ובורח מפני הכבוד. בזמנו היה נחשב כאחד מראשי הישיבות המעולים שבסביבה.

בתקופת היותו ראש מתיבתא פעל הרבה להרמת קרן התורה בישיבה. כמו״כ סמך ידו על רבים מן ה„אברכים״ שיצאו מן הישיבה ונתמנו לרבנים ולר״מים בקהילות שונות ברחבי פולין ומחוצה לה.

ביום המר והנמהר יום כ״א באייר תש״ב (8 במאי 1942) הוצאו להורג ע״י הנאצים הרוצחים ימ״ש, ר׳ מרדכי ובני משפחתו יחד עם רב העיר ר׳ אהרן ועם כל קדושי קהילת לידא.

שלוש אחיותיו של ר׳ מרדכי זצ״ל, הגב׳ חיה פסיה מאלין, הגב׳ רחל פישמן והגב׳ אהובה וליקסון עם בני משפחותיהן, נמצאות בארץ.

**אברהם הכהן אליאב**

יו״ר ארגון יוצאי איביה בישראל

**יעקב אילוטאָוויטש**

# זכרונות



מיר גיבן דאָ אייניקע פראַגמענטן פון אַ בוך זכרונות, אין כתב־יד, פון אונדזער חשובן בן־עיר ר׳ יעקב איליטאָוויטש, וואָס האָט מיט אַ ווונדערבאַרן זכרון פאַרצייכנט צענדליקער טיפּן, משפּחות און געשעענישן פון דער אַלטער און נייצייטיקער לידע, ווי אויך פּרטים פון זיינע איבערלעבענישן אין דער צווייטער וועלט־מלחמה, אונטער דער סאָוויעטן־מאַכט, פריער אין לידע און נאָכהער, אַלס פאַרשיקטער אין ווייטן מזרח (ווייזט אויס, „בזכות" פון זיין אַן אָנגעזעענער ציוניסט און דערצו נאָך אַ סוחר, וואָס באַדייט דאָרטן — אַ „בורזשוי").

אין אונדזערע היסטאָרישע אָפּהאַנדלונגען, האָבן מיר אויסגענוצט פיל פון דעם דאָזיקן רייכן אינפאָרמאַטיוון מאַטעריאַל. אָבער לויט די ראַמען און פּראָגראַם פון אונדזער בוך, האָבן מיר ליידער ניט געקענט דאָס אָפּדרוקן אינגאַנצן, און מיר מוזן זיך באַנוגענען מיט אַ קליינעם טייל דערפון.

## די אַלטע לידע, דער מאַרק און לידער בעלי־בתים

לידע האָט הינטער זיך אַ געשיכטע פון הונדערטער יאָרן. אויך די יידישע באַפעלקערונג.

דער שלאָס אין לידע איז אויפגעבויט געוואָרן, ווי היסטאָריקער זאָגן, מיט העכער 600 יאָר צוריק דורכן ליטווישן קעניג געדימין.

די אַלטע לידער שול, וואָס איז אָפּגעברענט געוואָרן מיט 75 יאָר צוריק, האָט עקזיסטירט, ווי מען פלעגט דערציילן, אַרום 300 יאָר.

אַרום דעם שלאָס זענען אַרומגעגאַנגען לעגענדעס צווישן די קינדער, וועלכע האָבן דאָס געוויס געהערט פון די עלטערע.

מען האָט געזאָגט, אַז אונטער די צוויי אַלטע ביימער אויפן שלאָס־בערגל, זענען באַגראָבן אַ קעניג מיט אַ קעניגין.

מ׳האָט אויך דערציילט, אַז אינעם שלאָס גופא זענען באַגראָבן גרויסע אוצרות, אָבער מען טאָר נישט גראָבן, ווייל די אוצרות זענען פאַרכישופט. מענטשן האָבן שוין געפּרוווט גראָבן. זענען זיי אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער ערד...

פון אַלטע צייטן, האָט לידע געהאַט דריי צענטראַלע גאַסן: ווילנער גאַס, קאַמינקער גאַס און קרומע גאַס (שפּעטער געענדערט דורך דער פּוילישער מאַכט אויף: סוּוואַלקער גאַס, 3־טע מאַי גאַס און מאַיאָר מאַצקעוויטש גאַס).

פונוואַנען קומט דער נאָמען „קרומע גאַס", איז נישט צו פאַרשטיין. דאַכט זיך, פאַרקערט, די גאַס פון מאַרק ביז צו דער פערמע איז גראָד אַ גלייכע.

נאָך דער גרויסער שריפה, האָט מען געשניטן אַ נייע גאַס, פון שולהויף ביז קאַמינקע — סאַדאָווע גאַס. אויפן גאַנצן שטח איז פריער געווען אַ גרויסער פרוכט־גאָרטן, וואָס האָט געהערט צום אַפּטייקער, אַ קריסט. הינטער אַ פאַרקאַן פון פעסטע הילצערנע קלעצער, איז אין גאָרטן געשטאַנען די אַפּטייק און דעם אַפּטייקערס וווינונג.

נאָך דער שריפה האָט דער אַפּטייקער פאַרצעלירט דעם גאָרטן און פאַרקויפט צו יידן בוי־פּלעצער. די אַפּטייק האָט אָפּגעקויפט דער פּאָליאַק סטאָבינסקי און זי איבערגעטראָגן אויף ווילנער גאַס. שפּעטער זי פאַרקויפט בערגמאַנען („סטאַראַ אַפּטעקאַ").

אין צענטער־שטאָט האָט זיך געפונען דער גרויסער מאַרק און אין מיטן אַטיפער ברונעם, פון וועלכן די איינוווינער פון מאַרק און פון די אַרומיקע געסלעך האָבן גענומען וואַסער.

פאַר דער שריפה זענען כמעט אַלע הייזער אין מאַרק געווען הילצערנע. נאָך דער שריפה האָט מען שוין אויפגעבויט געמויערטע הייזער.

די מערסטע הייזער אין מאַרק זענען געווען שענקען, דער עיקר פאַר די פּויערים, וואָס פלעגן קומען פאַרקויפן זייערע לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן.

די באַלעבאַטים פון די שענקן זענען געווען די אָנגעזעענסטע אין שטאָט.

אין די פריערדיקע צייטן איז געווען באַקאַנט די שענק פון משה אלעזור, אַ קרוב פון אַלטן רב, ר׳ מרדכי מעלצער. ווייטער — בערע משה באַראַן, אַ ייד מיט אַ שטאַרקער דעה אין קהל׳שע ענינים. אַליין נישט קיין למדן, האָט ער געוואָלט זיך כאַטש מתחתן זיין מיט רבנים. זיין איידעם, ראָזאָווסקי, איז טאַקע געווען אַ זון פון באַקאַנטן סוויענציאַנער רב, אַ למדן און אַ משכיל, געזעסן אין קראָם, וואָס דער שווער האָט אים געגעבן און אַריינגעקוקט אין אַ בוך אָדער אַ ספר. אין זעלבן הויז איז שפּעטער געווען אַן אַפּטייק־סקלאַד פון בערע משה׳ס זון, יעקב.

עס איז געווען אַ שענקער מיטן נאָמען מאיר. אַ נידעריק יידל, מיט אַ קליין בערדל, וואָס מערסטנטייל פלעגט ער זיצן אין בית־מדרש, נישט אַזוי מחמת פרומקייט, נאָר ווייל די שענק האָבן געפירט זיינע דריי טעכטער.

נישט ווייט פון אים, האָט זיך געפונען די שענק פון ר׳ הירשע מרדכי נחומס, אַ פעיקער און ענערגישער ייד.

אויפן ראָג מאַרק—קרומע גאַס איז געווען די שענק פון דוד־יודל קאַמעניעצקי, אַ ברודער פון ר׳ יאָשע אליה דער דיין. אַ הויכער, שלאַנקער ייד, מיט אַ שיינער באָרד און אַ הדרת־פּנים. אַחוץ שענקעריי איז ער אויך פון צייט צו צייט געווען אַ וואַלד־סוחר.

אַ באַזונדער אָרט האָט פאַרנומען דער שענק־רעסטאָראַן „זאַיעזד", וואָס איז געגרינדעט געוואָרן נאָך אין די פופציקער יאָרן פון פאַריקן יאָרהונדערט דורך ר׳ אייזיק לאַנדע, פון די ווילנער לומדים (וואָס האָט אָבער נישט געוואָלט קיין רבנות). אין אונדזערע צייטן איז ווידער געווען דער בעל־הבית ר׳ אייזיק לאַנדע — אַ דריטער דור פון יענעם ר׳ אייזיק. אממייסטן אויף דעם ווייבס נאָמען — ליבע לאַנדעס גאָסטיניצע. אַ „זאַיעזד" מיט אַ שטאַל פאַר די פערד פון די באַלעגאָלעס, שפּעטער אויך אַ זאַל אויף שמחות און נאָך שפּעטער אַפילו אַ סצענע אויף טעאַטער־פאָרשטעלונגען.

אַ ביסל אָפּגערוקט אָן אַ זייט, צום רויטן געסל צו (קראַסני פּערעאולאָק), איז געווען די שענק פון עטל

נחום־לייבעס. די פרוי פון ר׳ נטע לאַנדע (אַן אייניקל פון דעם דערמאָנטן ר׳ איציק לאַנדע), די פרוי איז געווען די שנע־קערקע און דער מאַן, ר׳ נטע, האָט זיך פון צייט צו צייט פאַרנומען מיט האַלבע פרנסות: אין די מאַרק־טעג פאַרקויפט קאָסעס, ערב סוכות געהאַנדלט מיט אתרוגים און לולבים און די איבעריקע צייט געזעסן אין בית־מדרש, זיך פאַרנומען מיט דער „תלמוד־תורה" וכדומה.

עס איז געווען אויפן מאַרק אַ שענקער, חיים פינקעס. קיינער האָט אים נישט געקענט לויט דעם פאַמיליע־נאָמען, קאַ־מעניעצקי, אָבער יעדעס קינד האָט געוווסט ווער עס איז חיים פינקעס. אַחוץ בראָנפן און ביר, פלעגט ער אויף פסח מאַכן ווייַן פון ראָזשינקעס (דער מייסטער ביי אים איז געווען מאיר, וואָס פלעגט ביים טאַטן פונעם שרייבער פון די דאָזיקע שורות, ר׳ ירמיה איליטאָוויטש „קוועטשן האָניק", ד. ה. אָפּטיילן דעם האָניק פונעם וואַקס). עס זענען געווען דריי סאָרטן ווייַן: פאַר אַנדערהאַלבן רובל אַ טאָפּ, פאַר אַ רובל און פאַר 75 קאָפּיקעס. לויטן פרייז פלעגט חיים הייסן אָנגיסן: פון פאָס נומער איינס, פון פאָס נומער צוויי, אָדער פון פאָס נו־מער דריי. אָבער אַ סברה, אַז אַלע דריי סאָרטן זענען געווען פון איין פאָס, וואָס איז געשטאַנען אין קעלער... אַזוי, יעדנ־פאַלס, האָט דער ווייַן־מאַכער מאיר מגלה סוד געווען מיין טאַטן.

אויסער שענקערס זענען אויפן מאַרק געווען אויך אַנ־דערע באַלעבאַטים. אַזוי, למשל, ר׳ מאָטיע חיים־בערס (רובי־נאָוויטש), וואָס זייַן הויז מיטן הויף האָט זיך געצויגן ביזן רויטן געסל. אַ זייער פרומער ייד, וואָס פלעגט דאַווענען מיט אַזויפיל דביקות, אַז אים איז קיינמאָל נישט אויסגעקומען דאַווענען בציבור.

אַ שכן פון ר׳ מאָטיעס פּלאַץ איז געווען ר׳ שמואל שטיינבערג, אַ רייכער ייד, וואָס מען רופט — מיט כאַראַק־טער. צווישןביידנס פּלעצער איז געווען אַ שמאָל פּאַסיקל, וואָס יעדער האָט געטענהט, אַז עס געהערט צו אים. האָבן זיך ביידע אַרומגעקריגט און זיך געמשפּט אַ לעבן לאַנג. און מערקווירדיק, ביידע זענען געשטאָרבן אין איין שעה, אַ פאַרטאָג, שמחת תורה איז דאָס געווען (1912 בערך). האָבן יידן זיך אָראָפּגענומען אַ מוסר, ווי הבלדיק ס׳זענען די מענטשלעכע קריגערייען. די יורשים האָבן אויפגעהערט זיך צו משפּטן.

## אברהמל וואַסערטרעגער

אברהמל וואַסערטרעגער האָט אויך אַ שייכות צום מאַרק, ווו ער פלעגט נעמען וואַסער פון ברונעם. מ׳קען נישט רעדן וועגן מאַרק און נישט דערמאָנען אברהמלען.

ער איז געווען מיטלוווקסיק, ברייטפּלייציק און שטאַרק געבויט. קינדער האָבן געזאָגט, אַז אברהמל האָט געבוירענע רייפן אַרום קערפּער, וואָס גיבן אים כוח. אַ פאַקט איז, אַז אפילו אַ דערוואַקסענעם מענטש איז געווען שווער אויפצוהייבן אברהמל׳ס צוויי גראָבע הילצערנע עמערס, געשמידט מיט גראָבע אייזערנע רייפן, אַפילו ליידיקע, ווער שמועסט נאָך פולע. און אברהמל איז געווען אַן אָרנטלעכער ייד און פלעגט געבן פולע עמערס. עס זענען געווען נאָך וואַסערטרעגער, אָבער קיינער האָט נישט געהאַט אַזעלכע גרויסע עמערס. זיי האָבן פּשוט נישט געהאַט אַזאַ כוח.

סיי ווינטער און סיי זומער פלעגט אברהמל טראָגן שטיוול מיט לאַנגע כאַליעוועס, ווייט ביז איבער די קני, אַזוי אַז דער איבעריקער טייל פון קערפּער האָט אויסגעזען קורץ. בעת ער פלעגט גיין מיט די צוויי עמערס אָנגעהאָנגען אויפן קאָראָ־מיסל איבערן קאַרק, האָט זיך געדוכט, אַז ס׳גייען אַ פּאָר לאַנגע שטיוול־פיס. רעדן פלעגט ער הויך און ס׳פלעגט אויסקומען, אַז ער שרייט. דאָס ווייב זייַנס פלעגט שטיין ביי אַ טישל אויפן מאַרק מיט געבייטלט ברויט. דאָס איז געווען אַ זייטיקע פרנסה. אַז אברהמל פלעגט פאַרבייגיין איר טישל, טראָגנדיק וואַסער, פלעגט ער אָוועקשטעלן די פולע עמערס, כאַפּן אַ שמועס מיטן ווייב.

שבת, נאָכן שלוש־סעודות, איז אברהמל געווען אַ תהלים־זאָגער אין שול־קלייזל ביי דער גרויסער שול.

## טיפּן פון אַלטער לידע

ס׳איז אַ נאַטירלעכע זאַך, אַז מיינע ערשטע זכרונות זע־נען פאַרבונדן מיט מיין אייגענער משפּחה, וואָס איז אין לידע געווען אַ שם־דבר, אַזוי ווי די פאַמיליע פּופּקאָ.




רח׳ — סדובה
(מצד שמאל — בנין הישיבה)

מיין פאָטער, ר׳ ירמיה איליטאָוויטש, האָט פון זיין מוטערס צד, געהערט צו דער משפחה פופקאָ — „די חאַנטשיק׳ס״. ווייזט אויס, אויפן נאָמען פון דעם גרינדער פון דער משפחה, וואָס האָט געהייסן, חנא. די חאַנטשיקס זענען אַלע געווען כלל־טוער און דעה־זאָגער אין קהלשע ענינים. אין זכות פון דעם יחוס איז מיין טאַטע ניצול געוואָרן פון די „כאַפּערס״. אין יענער צייט, פלעגט מען נאָך כאַפּן יידישע קינדער און זיי אָפּגעבן פאַר סאָלדאַטן, אויף 25 יאָר. ומעשה שהיה כך היה:

אַז מיין טאַטע איז געווען נאָך גאָר אַ יונג בחורל, איז ער אַמאָל, אין אַ ווינטערדיקן שפּעטן אָוונט, אַרויס פון בית־מדרש, ווו ער האָט געלערנט. מיטאַמאָל האָבן אים אַרומגערינגלט די כאַפּערס, וואָס זענען גראַד אָנגעקומען אין שטאָט. אַז ס׳איז צוגעקומען דער עלטסטער כאַפּער און האָט אים אַ לייכט געטאָן מיט זיין לאַמטערן אין פּנים, האָט ער אַ זאָג געטאָן: „לאָזט אים אָפּ, ער איז פון די חאַנטשיקס״...

מאַשע חאַנטשיק איז געווען דער לעצטער פון דער משפחה, וואָס איז געווען באַקאַנט מיט דעם נאָמען און האָט געהאַט אויף עק קרומע גאַס און קאַמינקע אַן אכסניה („זאַיעזד״) אין אַ גרויסער הילצערנער געביידע, מיט שטאַלן, ווי דער שטייגער, וואָס האָבן אָפּגעברענט. אויף דעם אָרט איז אויסגעבויט געוואָרן אַ געמויערט צוויי־שטאָקיק הויז, וואָס האָט שפּעטער געהערט צו דעם זון פון מאַשע חאַנטשיק — חנה פופקאָ, דער עקספּעדיטאָר.

## נפתלי סאַלץ

נפתלי סאַלץ איז געווען אַן אַלטער לידער באַלעבאָס, נאָך פון פאַר דער שריפה, אָבער געשטאַמט האָט ער פון ווילנע, פון דער באַקאַנטער פאַמיליע סאַלץ.

זיין באַשעפטיקונג איז געווען די פערד־פּאָסט. אין יענע צייט, ווען עס איז נאָך נישט געווען קיין באַן (און אויך שפּעטער, אין די ערטער ווו די באַן האָט נישט דערגרייכט, פלעגן די פּאַסאַזשירן דינגען פערד פון איין פערד־פּאָסט ביז דער צווייטער, ווו זיי פלעגן ווידער „בייטן די פערד״.

אַ ברייט־פּלייציקער, פון מיטעלן וווקס, מיט אַ שוואַרץ־גראָער נישט לאַנגער באָרד, פלעגט ער אַרומשפּאַצירן איבער זיין גרויסן הויף, וואָס האָט זיך געצויגן פון ווילנער גאַס כמעט ביזן טייך, מיט די הענט אַריינגעשטעקט איבער די הויזן, דרך רחבות. ליב געהאַט „נעמען אַ קאַפּעלע״ פון צייט צו צייט. געווען אויסגעקאָכט מיט אַרטיקער נאַטשאַלסטוואָ. אַז מען האָט אים געבעטן עפּעס אויספועלן ביי דער מאַכט, אין אַ געזעלשאַפטלעכן ענין, אָדער אַ פּריוואַטן (אויב דאָס האָט נישט געשאַדט אַ צווייטן), האָט ער זיך נישט אָפּגעזאָגט. ער האָט זיך אָבער נישט געמישט אין קהל׳שע ענינים. האָט אויסגעבויט אַ קלויז ביי זיך אויפן הויף (סאַלץ׳ס קלויז), אָבער אַליין נישט געווען דאָרט קיין אָפּטער באַזוכער.

נפתליס זון, אַן אַדוואָקאַט, איז געווען שטאַרק באַליבט אין לידע און איז יונג געשטאָרבן פון אַן אָפּעראַציע אויף דער בלינדער קישקע.

## „דער פּרוזשינער דיין״

„דער פּרוזשינער דיין״, אָדער פאַרקירצט: „דער פּרוזשינער״ (ווער געדענקט זיין נאָמען?), האָט געהאַט אַ גאונישן קאָפּ. ער איז געווען נישט נאָר אַ גרויסער תלמיד־חכם, נאָר אויך אַ פּיקח און פול מיט הומאָר. ער האָט אָבער געהאַט איין שוואַכקייט: ליב געהאַט דעם ביטערן טראָפּן (און אַ סברא, אַז אָט די שוואַכקייט האָט אים פאַרקירצט דאָס לעבן).

דאָס איז געווען אין די צייטן פון רוסישן בראַנפן־מאָנאָפּאָל. קומט דער פּרוזשינער אַמאָל אַהיים צום ווייב מיט אַ בשורה: — דו הערסט, שרה, עס גייען ישועות ונחמות אויף יידן. — וואָס זענען די ישועות? — פרעגט דאָס ווייב. — אָט וועסטו הערן. ביז אַהער, אַז מען האָט געקויפט אַ פלעשל בראַנפן אין מאָנאָפּאָל, האָט מען געדאַרפט יעדעס מאָל ברענגען ס׳ליידיקע פלעשל. איצט איז אַ נייעס: ווער ס׳וועט ברענגען פינף ליידיקע פלעשלעך וועט קריגן אַ פלאַש בראַנפן אומזיסט...

## „איטשע דער טשלען״

אַ שם דבר אין לידע איז געווען „איטשע דער טשלען״. אַ זון פון נתן שמעון פופקאָ, דער גרינדער פון דער ערשטער ביר־ברויז אין לידע. דער נאָמען „דער טשלען״ קומט פון דעם, וואָס ער איז געווען אַ מיטגליד אין דער שטאָטישער פאַרוואַלטונג. זייער אַ קלוגער ייד. פון די איבערגעגעבענע שטאָטישע עסקנים. אין זון זיינער האָט חתונה געהאַט מיט אַ טאָכטער פון „מאָטיע דעם כאַלערניק״ (פונוואַנען קומט דער צונאָמען, ווייס קיינער נישט).



בית הכנסת הגדול — המראה מקצת רח׳ סדובה (מימין — בנין הישיבה בראשית קומה)

אַ צווייטער איז געווען אַן אײדעם פון „יאַשע דעם גוי" (ווייזט אויס דערפאַר, וואָס ער האָט געלעבט אין אַ דאָרף, צווישן גוים). פלעגט זיך איטשע וויצלען אויף זיינע צוויי מחותנים: אַז די כאָליערע וועט נעמען דעם גוי...

גערשעלע קאַמיעניעצקי איז געווען אַ „פּראָשעניע"־שרייבער. גערופן האָט מען אים גערשעלע, נישט גרשון, ווי ער האָט טאַקע געהייסן, מחמת זיין זייער קליינעם וווקס. מען פלעגט זיך וויצלען, אַז אַמאָל, אין מיטן דער נאַכט, האָט ער אויפגעוועקט ס'ווייב, רייצע, מיט אַן איבערראַשונג: ער האָט מיט אַ מאָל דערפילט, אַז ער איז אויסגעוואַקסן און פאַרנעמט שוין ס'גאַנצע בעט! אָנגעצונדן דאָס לעמפּל, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער האָט זיך אומגעדרייט און ליגט אין דער ברייט...

אָבער אויסער וויצן, איז ער געווען אַן אינטעליגענטער מענטש, קלאָר אין די רוסישע „זאַקאָנעס", און דערביי אַזוי פּעדאַנטיש־אָרנטלעך, אַז קיין גרויסער בעל־פּרנסה איז ער נישט געווען... אַ נס, וואָס זיין ווייב, רייצע, האָט צוגעהאַנדלט מיט מאַנופאַקטור.

ער איז אויך געווען אַ „טשלען" אין דער שטאָטישער „דומע", פלעגט טרעפן, אַז די יידישע מיטגלידער האָבן זיך נישט באַטייליקט אין אַ זיצונג, און דער שטאָטישער באַאַמטער, יאַקובאָווסקי, פלעגט זיי ברענגען דעם פּראָטאָקאָל אַהיים אונטערצושרייבן. גרשון פלעגט אַדורכשטודירן דעם דאָקומענט איין מאָל און נאָך אַ מאָל, און אַז ער האָט אונטערגעשריבן, פלעגן שוין די איבעריקע אונטערשרייבן נישט לייענדיק. „יערעמי", — פלעגט יאַקובאָווסקי זאָגן צו מיין טאַטן, וואָס איז אויך געווען אַ ראַטמאַן, — שרייב אונטער, גערשעלע האָט שוין אונטערגעשריבן, ד. ה. אויב ער האָט אונטערגעשריבן, איז שוין נישטאָ וואָס צו לייענען...

## ערשטע טריט פון אָרגאַניזירטער ציוניסטישער טעטיקייט

עס איז געווען אין די טעג, ווען דער גרעסטער טייל פון דער יידישער אַרבעטער־יוגנט, און מיט זיי אויך ברייטע קרייזן פון דער יידישער שטודירנדיקער יוגנט, אין רוסלאַנד און פוילן, און אויך אין לידע, זענען געווען באַהערשט מיט די אידעען פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין רוסלאַנד. אַ גרופּע יונגעלייט, אַממייסטן פון באַלעבאַטישע קרייזן, וואָס זענען געווען נאַציאָנאַל געשטימט און זענען געוואָרן מיטגעריסן מיט דער אַלגעמיינער התלהבות, וואָס עס האָבן אַרויסגערופן אין דער יידישער וועלט די ערשטע ציוניסטישע קאָנגרעסן, האָבן באַשלאָסן אַרויסגיין פון זייער פּאַסיווקייט און זיך אָרגאַניזירן.

די ערשטע, וואָס האָבן זיך דאָ צונויפגערעדט זענען געווען: מרדכי קרופּסקי, וואָלף סאָקאָלאָווסקי, נחום ראָזענשטיין, ישראל אהרון שעליובסקי, גילינסקי (נישט קיין לידער), די ברידער יעקב און ברוינע איליטאָוויטש. אויך אַ גרופּע יונגע מיידלעך זענען צוגעשטאַנען צו דער טעטיקייט. טשערנע לייטהויז (שפּעטער קרופּסקי), גיטל לעווין, רבקה פּופּקאָ, פרומע (פרומטשע) יודעלעוויטש און אַנדערע.

ביי דער מיטווירקונג פון ווילנער ציוניסטישן עסקן שייניוק, וואָס האָט זיך דאַן געפונען אין לידע, אַלס מייסטער אין פּאַפּירמייסטערס ברויז, האָט זיך געגרינדעט אַ ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע א. נ. „צעירי ציון" (אויף וויפל מיר איז באַקאַנט — די ערשטע ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע אין פוילן, וואָס האָט זיך באַנוצט מיט דעם נאָמען). אַז עס זענען שפּעטער צוגעקומען מער יוגנטלעכע פרויען, האָבן זיי זיך אויסגעטיילט, מיטן נאָמען „בנות ציון", אַלס סעקציע פון „צעירי ציון".

שייניוק האָט אויך אויסגעפּועלט ביי פּאַפּירמייסטערן (אגב, זיין יונגער איידעם, קאַנטאָר, איז אויך געווען אַ חובב־ציון), ער זאָל דער נייער אָרגאַניזאַציע פאַרדינגען די גרויסע הילצערנע געביידע, וואָס האָט זיך געפונען ביי אים אויפן הויף, דריי גרויסע צימערן מיט אַ קיך. דעם לאָקאַל האָט מען אַ נאָמען געגעבן „טשאַינאַיאַ", דאָס הייסט, אַ טיי־הויז. ווייל ציוניזם איז דאָך דאַן געווען נישט לעגאַל. אָבער טיי טרינקען מעג מען! ובכן, טשאַינאַיאַ, אָדער אויף יידיש „טשאַינע".

## „די ציוניסטישע טשאַינע"

די צאָל מיטגלידער פון „צעירי ציון" האָט זיך פאַרגרעסערט. יעדן אָוונט זענען געווען פיל מיטגלידער אין דער „טשאַינע". פרייטיק־צונאַכטס און מוצאי־שבת, איז די טשאַינע געווען געפּאַקט מיט באַזוכער, בפרט אַז עס פלעגט קומען אַ רעדנער, פון וועמען מען האָט געקענט הערן אַ לעבעדיק וואָרט.

אין יאָר 1902 איז צוגעקומען אַ נייער כוח אין לידע, משה כהן, וואָס איז איינגעלאַדן געוואָרן דורך הרב הריינעס, סעקרעטאַר פון דער יונגער „מזרחי"־אָרגאַניזאַציע, וואָס איז געוואָרן דער שטענדיקער רעדנער אין דער „טשאַינע".

אין 1904, האָט די „טשאַינע" געהאַט פאַר אַ גאַסט וולאַדימיר זשאַבאָטינסקי, און דאָ איז געווען זיין ערשטער עפנטלעכער אַרויסטריט אין ליטע.

די יונגע ציוניסטישע באַוועגונג אין לידע האָט געהאַט אויסצושטיין אַ שטאַרקן קאַמף. פון איין זייט מיטן „בונד" און פון דער אַנדערער זייט מיט די פאַנאַטישע פרומאַקעס, וואָס האָבן געזאָגט, אַז מען דאַרף נישט „דוחה את הקץ" זיין און וואַרטן אויף משיח'ן. דער הויפּט־קאַמף איז אָבער געווען מיט די לייט פון „בונד", וואָס זענען געגאַנגען אויף כל מיני שטיקלעך, כדי צו שטערן דער ציוניטישער טעטיקייט.*

אין יאָר 1900, אַז עס האָט זיך געגרינדעט די „קאָלאָניאַל־באַנק", האָבן די „צעירי־ציון" פאַרשפּרייט אין לידע טויזנט אַקציעס.

מיט דער גרינדונג פון קרן קימת לישראל, האָט זיך אָנגעהויבן די געלט־זאַמלונג אויף פאַרשידענע אופנים. ערשטנס, די קרן־קימת־פּושקע, וואָס איז פאַרשפּרייט געוואָרן איבער אַלע יידישע געשעפטן און אין די הייזער, אַזוי רייכע און באַלעבאַטישע, ווי אויך צווישן באַלמעלאָכעס. דאָ האָט זיך ווידער אָנגעהויבן אַ קאַמף מיט די בונדיסטן, וואָס האָבן געהאַט יונגע אָנהענגער אין די באַלמעלאָכישע הייזער. די יונגע בונדיסטן פלעגן זען ערגעץ פאַרוואַרפן די פּושקע, די מאַמע זאָל נישט קענען אַריינוואַרפן ערב שבת פאַר ליכטבענטשן אירע גראָשנס „פאַר ארץ־ישראל". אַ צווייטער מיטל אויף געלט־זאַמלען איז געווען די „ציוניסטישע פּאָסט", וואָס האָט געהאַט איר צענטער ביי פרומע יודעלעוויטש (שפּעטער „הבימה"־אַריסטין תמימה יודלביץ), ראש־השנה־ווונטשן, איינלאַדונגען און גראַטולאַציעס צו חתונה'ס און אַנ־

---

* פּרטים וואָס איך האָב דערציילט וועגן די דאָזיקע „שטיקלעך", ווערן איבערגעגעבן אין אַנדערע אָפּהאַנדלונגען אין דעם בוך.

דערע שמחות, פלעגן געשיקט ווערן אָנשטאָט דורך דער רעגירונגס־פּאָסט — דורך דער ציוניסטישער פּאָסט, און די הכנסה איז געגאַנגען פאַר קרן קימת.

**די „תרבות"־שול**

אַ באַזונדערע איבערגעגעבנקייט האָבן לידער ציוניסטן אַרויסגעוויזן פאַרן חינוך פון זייערע קינדער. זייער אידעאַל איז געווען — אַ פולע העברעישע שול.

די פּיאָנערן פון דער העברעישער שול זענען געווען: אַ יונגער סטודענט, מתתיהו רובין, אַ זון פון ר' רובע־חנה רובין (היינט אַדוואָקאַט אין חיפה) און זיין שפּעטערדיקע פרוי, ניוטע, ע"ה, דאַן — ראַבינאָוויטש. זיי האָבן געעפנט אַ העבּרעיִש קלאַס, אַ „מכינה" צו אַ גימנאַזיע. קיין געלט אויף אַ לאָקאַל איז נישט געווען, האָט מען געלערנט אין אַ צימער ביים מתעסקים־קלויז, מיט דער הסכמה פון די גבאים פון דער קלויז. פון דער מכינה איז דערנאָך אויסגעוואַקסן אַ העבּרעיִשע גימנאַזיע, וואָס איז דערגאַנגען ביז זעקסטן קלאַס. ווייטער איז עס נישט געגאַנגען צוליב פינאַנסיעלע שוועריקייטן. די גאַנצע אָנשטרענגונג איז קאָנצענטרירט געוואָרן אויף באַפעסטיקן די לאַגע פון די פאָלקסשול־קלאַסן.

די 7־קלאַסיקע „תרבות"־שול האָט זיך אַנטוויקלט פון יאָר צו יאָר און די צאָל פון די תלמידים איז דערגאַנגען ביז 500. די געביידע פון חנן איליטאָוויטש, אויף סאַדאָווע גאַס, איז געוואָרן צו קליין, און מען האָט גענומען טראַכטן וועגן אַן אייגענער געביידע.

אַ בוי־קאָמיסיע איז אויסגעקליבן געוואָרן, אין וועלכער ס'זענען אַריין פאָרשטייער פון „תרבות" און פון די עלטערן. דער ערשטער וואָס האָט זיך מתנדב געווען צו אַרבעטן פאַר דער אונטערנעמונג איז געווען אונדזער חבר בערל דוואָרעצקי. אַ בוי־פּלאַץ האָט דער וועד פון „תרבות" אויסגעפּועלט אומזיסט פון מאַגיסטראַט, נישט ווייט פון דער פּוילישער רעגירונג־שול. די לידער יידישע באַפעלקערונג האָט זיך אָפּגעגרופן מיט גרעסערע און קלענערע באַשטייערונגען. די צעגעלניעס האָבן זיך באַשטייערט מיט ציגל, די טאַרטאַקן — מיט האָלץ־מאַטעריאַל. דאָס אייזן־געשעפט פון טשערטאָק־שטיינבערג — מיט אייזן־מאַטעריאַלן. פון די צעמענט־פאַבריקן איז, אויף דער השתדלות פון די סוחרים שמשון פופקאָ און פנחס ראַבינאָוויטש, זייערע קונדן, אָנגעקומען צעמענט.

נאָך גרויסע אָנשטרענגונגען איז פאַרטיק געוואָרן אַ דריי־שטאָקיקע געביידע, מיט אַ זאַל פאַר גימנאַסטיק, מיט אַ וואַרעמען טואַלעט. עס איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ גראַנדיעזער חנוכת־הבית, צו וועלכן עס זענען איינגעלאַדן געוואָרן פיל געסט. אַ באַזונדער „לעקעך־און־בראָנפן" איז געוואָרן איינגעאָרדנט פאַר די עלטערן פון די תלמידים, וואָס פיל פון זיי האָבן זיך באַשטייערט, יעדער לויט זיינע מעגלעכקייטן. עס איז געווען אַ גרויסע שמחה.

דאָס איז געווען אין יאָר 1939. מען האָט זיך נישט לאַנג געפרייט. ווען די סאָוויעטן האָבן פאַרנומען לידע, האָט מען די „תרבות"־שול געשלאָסן.

אַפּריל 1946.

ווען מיר, די לידער אַרויסגעפירטע קיין סיביר, זענען נאָכן קריג צוריקגעפאָרן און דער עשאַלאָן האָט זיך אָפּגעשטעלט אין לידע, בין איך געלאָפן כאַפּן אַ קוק אויף דער חרובער שטאָט. ס'איז מיר ניט פאַרבליבן פיל צייט, דער עשאַלאָן האָט געדאַרפט באַלד אָפּגיין. דאָך בין איך נאָך צוגעלאָפן כאַפּן אַ בליק, וואָס איז געוואָרן מיט דער געביידע פון דער „תרבות"־שול צי זי האָט געהאַט דעם זעלביקן גורל פון אַלע יידישע געביידעס. נאָר ניין, די געביידע פון דער „תרבות"־שול איז געבליבן גאַנץ, נישט באַשעדיקט און, ווי איך האָב באַמערקט, איז שוין דאָרטן געווען אַ סאָוויעטישער רעגירונג־אַנשטאַלט. עס האָט מיר פאַרדריקט דאָס האַרץ — — —



גימנסיה „תרבות" בלידא — תרפ"ט.

יצחק גנוזוביץ (גנוז)

# לידא ביצירותיו של הסופר י. גוידא (ב. גורין - 1868-1925)

סיפוריו הראשונים של יצחק גוידא, הידוע בכינויו הספרותי ב. גורין, אחד הסופרים הפורים באידיש, שנולד והתחנך בלידא, נתפרסמו בסדרת „ספרי אגורה" של בן־אביגדור בווארשה בראשית שנות התשעים במאה הקודמת. שם התפרסם סיפורו „הנגר הנאור" בחתימת י. ג־א. בהשפעת „הוועדים הז׳רגוניים" של ה„בונד" הוא הוגה את הרעיון לייסד ספריה: „סיפורים קטנים" באידיש ואף מבצע זאת. בשנת 1893 מופיעים „ספרי אגורה" באידיש בהוצאת יוסף שריפטזעצער, מנהל הדפוס היהודי של רוזנקראנץ ושריפט־זעצער. החוברות הראשונות של ספריה זו הם של י. גוידא, כדלהלן:

1. הנגר הנאור.
2. פון זאַוואָד אין באָד (מבית החרושת לבית המרחץ).
3. די נייע ליבע (האהבה החדשה).
4. דער פאַרפאַלענער סאָוועסט׳ (המצפון שנעלם).

בספריה זו הופיעו גם סיפוריהם של ד. פינסקי וי. ל. פרץ.

בשנת 1895 חדלה הוצאת שריפטזעצער להוציא את החוברות הקטנות והתחילה להוציא רומאנים מתורגמים גדו־לים יותר בשם הכללי: „הוצאת בן חיים". ביניהם מופיעה מחציתו הראשונה של הסיפור „דוד קופרפילד" לדיקנס בתר־גומו של י. גוידא, בשם „דויד בן דויד".

עבודה זו היא אחרונה של גוידא ברוסיה. בשנים אלה הוא מהגר לאמריקה, ושם היה כותב סיפורים, דרמות וביקורת תיאטרלית. יצירתו החשובה ביותר היא „תולדות התיאטרון היהודי", שהופיעה בשני כרכים.

י. גוידא נפטר בניו־יורק בשנת 1924.

בסיפורו הראשון „הנגר הנאור" הוא מתאר בחור ישיבה, עילוי, שעזב את לימוד התלמוד ולמד את מלאכת הנגרות. עתה הוא מתקיים בעבודתו ומבקש להפיץ השכלה בין חבריו הנגרים הפשוטים. נימה זו היתה נפוצה מאוד בתקופה ההיא בין הנוער היהודי שנסחף בזרם ההשכלה. א. ליטבאק [1] מספר מפיו של גוידא כי לגיבור סיפורו בחר במכרם המשותף אברהם וואלט שהתפרסם לאחר מכן כמשורר בשם א. ליסין.

סיפור זה גרם בשעתו למפנה מהפכני בהשקפת עולמו של יעקב לשצ׳ינסקי, גדול חוקרי הכלכלה היהודית בדורות האחרונים. בשנת 1896 בהיותו בן עשרים הגיעה לידו החוברת הקטנה „הנגר הנאור" שחוללה בו מהפכה נפשית עמוקה ומפנה חד בחייו. וכשם שהיה קיצוני באדיקותו ובדביקותו בדת, כך הגיע לידי קיצוניות בשאיפתו להשכלה ולרכישת דעת.[2]

הטיפוס של בעל בית החרושת למשקאות בסיפור „פון זאַוואָד אין באָד", לקוח בלי ספק מלידא. גרמנישקי שהיה מיוצאי לטביה או אחת מהארצות הבלטיות, דיבר גרמנית והיה מעשירי העיר. בתו ניגנה על פסנתר ובית החרושת היה ברח׳ וילנסקה מול בית החרושת של פפירמייסטר (נמכר לאחר מכן לגוטל אפשטיין).

חלק מסיפוריו מהווים זכרונות מעיירת מולדתו, זכרונות אישיים ברובם אך רקע התרחשויותיהם הוא נוף העיירה וצביון התקופה. זעיר פה זעיר שמה פזורים בשני כרכי סיפוריו תיאורים מנוף זה, מהווי אנשיה, ומזרמם האיטי והשליו של חיי עיירה יהודית במדינת רוסיה הגדולה בסוף המאה התשע־עשרה.

ב„שולהויף" מרוכזים בתי הכנסת וה„קלייזלך". בין מנחה למעריב מלאים הם יותר מאשר בבוקר, במבואותיהם ובסמוך להם „שטייען רעדלעך יידן" ודנים על הקורות בעולם הגדול ובעולמם הקטן. אך עם בוא ערב שבת או חג משתנה הכל לחלוטין:

ערב פסח נאָך אידער די זון האָט גענומען פאַר־גיין האָט זיך דער מאַרק אָנגעהויבן אָפּליידיקן, די סעמערס זיינען פאַרשוווּנדן איינער נאָכן צווייטן און צוזאַמען מיט זיי דער גאַנצער וואָכעדיקער הוהאַ און טאַראַראַם. די קראָמען האָבן זיך אויך פאַרמאַכט באַ־צייטנס און מיט זיי זיינען אַוועק די לעצטע שפּורן פון אומרואיקייט און קליינלעכקייט.

...די חשובע בעלי־בתים מיט די מאַנטלען פאַר־וואָרפן איבער די אַקסלען ציען זיך שוין מיט גיכע טריט איבערן מאַרק צום שול, צום בית־המדרש, צום קלויז, און די פאַרשפּעטיקטע אָרעמע יידן שפּאַנען מיט בוטלעס וויין אַהיים אין די אונטערגעסלעך און נאָך זיי לויפן זייערע קדישים...

(פסח)

ביום חול עם הנץ השחר:

...איבערן שטילן שול־הויף דערהערן זיך שוין גיכע טריט פון די ערשטע תהילים־זאָגער און אין קלויז קומט אַריין ירוחם דער טאָקער און מאַכט פול די קלויז מיט זיין יאַדישליוון הוסט. נאָר ווען ער כאַפּט אָפּ דעם אָטעם, רייבט ער די הענט און מורמלט:

— גוט, קינדערלעך, גוט. אַי, ווי גוט איז אַז מען קען לערנען!...

(דער משמר)

עבור הפרושים והבחורים העניים מהווה הקלייזל לא רק מקום תפילה ולימודים, אבל גם מקום לינה.

...אין בית־המדרש איז איצט געווען שטיל, פון בעלי־בתים קיין לעבעדיקער נפש. דער וואָסילישקער זיצט מיט די פיס אונטער זיך און לאַטעט זיין אויבער־בגד. דער דרויער ליגט אויסגעצויגן אויפן מזרח־באַנק מיטן היטל פאַרדעקט דאָס געזיכט און דרעמלט. דער נאָווידוואָרער זיצט אָנגעשפּאַרט מיטן קאָפּ אויף די צוזאַמענגעלייגטע הענט אויף דער גמרא און שלאָפט. דער שמש זיצט לעבן אויוון און סקראָבעט אַרום דעם חלב פון די לייכטער.

(צוויי וועלטן אונטער איין דאַך)

סימטאות לידא אינן מוארות בלילה. אך השמועה הגיעה כי אכן יש ערים בעולם הרחב שמוארות הן:

[1] א. ליטואק — מה שהיה. הוצאת הקיבוץ המאוחד תשכ״ה.
[2] אלכסנדר מנור: יעקב לשצ׳ינסקי ההוגה והחוקר. הוצאת הקונגרס היהודי העולמי, ירושלים 1961, ע׳ 38.

פרייוויליקע פייערלעשער־קאָמאַנדע פון יידן און קריסטן. אין יאָר 1892 איז דער פּראָיעקט צושטאַנד געקומען.

יידישע יונגעלייט האָבן באַוויזן אַ בירגערלעכן חוש און זיינען גערן צוגעשטאַנען צו דער אינסטיטוציע, וואָס איז געווען באמת אַ „דבר בעיתו" און האָט געהאַט אויסצופירן אַ לעבנס־נויטווענדיקע אויפגאַבע אין דער שטאָט.[2] אגב, איז דאָס געווען איינע פון די דערשיינונגען פון יידיש־קריסטלעכער צוזאַמענאַרבעט אויפן קאָמונאַלן געביט. איבערהויפּט האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין איבערגעגעבנקייט פאַר דעם ענין אברהם פּופּקאָ „אַבראַם נאָסעלעוויטש" — זון פון נתן שמעון פּופּקאָ, דער גרינדער פון דער בירברויז פּופּקאָ), וועלכער איז שפּעטער געוואָרן דער נאַטשאַלניק פון דער בריגאַדע.

נעבן דער געביידע פון דער רוסישער „קאַזנאַטשייסטראָ" (שפּעטער, די פּוילישע „קאַסאַ סקאַרבאָוואַ") איז צוגעבויט געוואָרן אַ שאַלאַש פאַר די פאָזשאַרנע פערד און פאַר דעם פייערלעשער־אינווענטאַר: די הילצערנע לייכט־באַוועגלעכע צוויי־רעדלדיקע וועגעלעך מיט די אויף זיי צוגעפעסטיקטע העלצערנע פעסלעך („באטשקעס") מיט הילצערנע שפּונטעס, די נייע פייערלעשער־פּאָמפּעס, די שלויכן („קישקעס"), „באַגרעס" אד"גל.

די גרינדער פון דער פייערלעשער־בריגאַדע האָבן פאַרשטאַנען צוצוגעבן דעם שטאַנד פון אירע מיטגלידער אַ געוויסן גלאַנץ, און די יונגע פייערלעשער האָבן זיך געפילט געהויבן ביי זיך, אין די מעשענע היטלען און די מונדירן מיט גלאַנציקע מעשענע קנעפּ און רויטע קאַנטן, אויף פּאַראַדן און אויספלוגן, אָדער ביי איבונגען אין לעשן אַ שריפה.

פרייוויליקע פייערלעשער קענען זיך, נאַטירלעך, נישט פאַרגלייכן מיט פּראָפעסיאָנעלע, ספּעציעל אויסגעשולטע כוחות. אויך איז דער אינווענטאַר אין דער ערשטער צייט, בעת דער רוסישער הערשאַפט, נאָך ווייט נישט געווען אַ באַפרידיקנדיקער. נישט אַלע מאָל זענען די פערד געווען אויף אָן אָרט. טיילמאָל האָט זיך אַ פעסל אַרויסגעוויזן צעטריקנט אָדער אָן אַ שפּונט. ליצים האָבן זיך טייל מאָל אויך געוויצלט איבער די פייערלעשער אַליין, וואָס האָבן טאַקע באַוויזן אַ סך גוטן ווילן, אָבער זענען דאָך געבליבן נישט קיין פאַכלייט[3]. פונדעסטוועגן דאַרף מען זאָגן, חוץ ליצנות, אַז די פייערלעשער האָבן אויסגעפירט אַ וויכטיקע פונקציע אין שטאָט און אין אַ סך פאַלן פאַרמיטן דאָס אויסשפּרייטן זיך פון שריפות.

מיטגעווירקט דערצו האָט אויך דער נייער אויסזען פון דער שטאָט נאָך דער „גרויסער שריפה" — מערסטנס געמויערטע הייזער אָנשטאָט די פריערדיקע הילצערנע. פונדעסטוועגן זענען נאָך געווען אין שטאָט גענוג הילצערנע הייזער, וואָס האָבן פון צייט צו צייט געשטעלט די לידער פייערלעשער פאַר שווערע אויפגאַבן. אַזוי איז אַרום יאָר 1912 אויסגעבראָכן אַ גרויסע שריפה אין אַ גרופּע הילצערנע הייזער אויף ווילנער גאַס, אַנטקעגן דעם קאַטוילישן קאָשציאָל. אין פאַרלויף פון אַ פּאָר שעה האָט אָפּגעברענט לחלוטין דער האָטעל פון בנימין לאַנדע, דאָס הויז פון האָלץ־סוחר ארדעל און אַנדערע.

אין די יאָרן פון דער דייטשער אָקופּאַציע, אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז די שטאָטישע פייערלעשער־קאָמאַנדע אָפּגעשאַפט געוואָרן און די אָקופּאַציע־מאַכט האָט געשאַפן אַ מיליטערישע בריגאַדע, וואָס האָט שטענדיק געהאַלטן וואַך, און אַזוי אַרום געקענט שטענדיק קומען אויף אַן אָרט צו דער צייט.

אַז ס'האָט זיך איינגעשטעלט אין לידע די פּוילישע מאַכט, האָט זיך באַנייט די טעטיקייט פון די פרייוויליקע פייערלעשער. בירושה פון די דייטשן איז פאַרבליבן די געביידע אַראָפּ ווילנער גאַס און אַ בעסערער אינווענטאַר: שטאַרק געבויטע פיררעדערדיקע וועגן און גרויסע מעטאַלענע פעסער, אָנשטאָט די פריערדיקע קליינע הילצערנע פעסלעך, בעסערע פּאָמפּעס אד"גל. אַ גרויסע צאָל יידישע בחורים האָבן זיך אָנגעשלאָסן. אברהם פּופּקאָ, וואָס איז צוריקגעקומען פון רוסלאַנד, האָט נאָך אַ וויזיט ביים סטאַראָסטע (באַצירט מיט די מעדאַלן, וואָס ער האָט בשעתו באַקומען פאַר זיין איבערגעגעבענער דינסט), ווידער איבערגענומען די אָנפירערשאַפט פון דער קאָמאַנדע און האָט אַריינגעלייגט פיל כוחות אין דער באַנייטער אינסטיטוציע, וואָס איז ביי אים געוואָרן דער אינהאַלט פון זיין לעבן (אָן מאַטעריעלן נוצן פאַר זיך). נישט געקוקט אויף זיין שוין נישט יונגן עלטער, האָט ער דורכגעמאַכט אַלע פאַרפולקאָמונגס־קורסן, וואָס זענען איינגעאָרדנט געוואָרן פאַר די לידער און אַרומיקע פייערלעשער, צוזאַמען מיט אַלע יונגע געקראָכן איבער די הויכע לייטערס און זיך אַראָפּגעלאָזט אויף פייערלעשער־שטריק פון הויכע שטאָקן. ער האָט זיך אויך צוגעפּאַסט צו דער אים ביז דאַן פרעמדער פּוילישער שפּראַך (כל ימיו האָט ער גערעדט יידיש און רוסיש), זיך אויסגעלערנט די פּוילישע קאָמאַנדע און ביז זיין טויט געבליבן דער דורך אַלעמען אָנערקענטער „נאַטשעלניק סטראַזשי אָגניאָוועי".

נאָכן טויט פון אברהם פּופּקאָ האָט די אָנפירונג פון דער פייערלעשער־קאָמאַנדע איבערגענומען מאָיסיי דוואָרעצקי, מסתמא מער אַלס רעפּרעזענטאַטיווע פּערזענלעכקייט ווי פאַכמענישער אָנפירער. פיל פאַכמענישע איניציאַטיוו האָט באַוויזן מאַקס פּאָליאַטשעק (אייגנטימער פון געשעפט פון עלעקטרישע מאַטעריאַלן). פון די באַזונדערס אַקטיווע מיטגלידער, קענען מיר דערמאָנען אויך זרח צוקערניק, אַלע — עליהם השלום.

אָפיציעל, דורך פאַרשידענע קאָמבינאַציעס פון דער פּוילישער מאַכט, זענען די יידן אין לידע אין די דרייסיקער יאָרן געוואָרן אַ מינדערהייט. דאָך איז דער צענטער פון דער שטאָט, איר קערן און וויכטיקסטער טייל, געבליבן איבערוועגנדיק יידיש, און דאָס האָט זיך אויך אויסגעדריקט אין דער פייערלעשער־קאָמאַנדע, וואָס איז באַשטאַנען אין איר גרעסטן טייל פון יידן.

וועגן די לעצטע יאָרן פון דער קאָמאַנדע דערציילט אונדז אונדזער בן עיר אברהם געלמאַן, אַליין אַן אַקטיווער פייערלעשער אין יענע יאָרן, היינט אין ישראל.

[2] זייער צאָל איז געווען נישט קליין, און די יידן זענען, דוכט זיך, שטענדיק, אָדער כמעט שטענדיק, געווען אין דער מערהייט. אין דעם מאָמענט קענען מיר זיך דערמאָנען די נעמען פון די „פאַרמלחמהדיקע" מיטגלידער: בנימין קיוועלעוויטש און בייראַך טשעמערינסקי ע"ה (דער לעצטער געשטאָרבן אין תל־אביב).

[3] פון די גאַנגבאַרע וויצן אויף דער טעמע:

ביינאַכט וועקט מען אַ פאָזשאַרניק: חיים שטיי אויף שנעל. עס ברענט. דער פאָזשאַרניק ענטפערט אַ פאַרשלאָפענער: איך קום באַלד. זאָל זיך דערווײַלע אַ ביסל איינברענען.



קורס „מכבי־אש", שנת 1926.



תזמורת „מכבי אש"



מכבי־אש בלידא.




סמל מכבי אש בלידא יצוק מתכת ועליו כתובת: 40 שנה למכ־בי אש לידא 1892—1932

אברהם געלמאַן

# די לידער פייערלעשער־קאָמאַנדע



ביז אַ היפּשער צייט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז די לידער קאָמאַנדע גע־וועזן אויסגעשטאַט מיט 4—5 פּאָר פערד, וועגענער מיט וואַסער־פּעסער און עטלעכע האַנט־באַוועגטע לעש־מאַשי־נען. מען דאַרף געדענקען, אַז אויך אין יענער צייט, זענען נאָך געווען אין לידע גענוג הילצערנע הייזער, לייכט־ברע־נעוודיקע, דעכער, טיילווייז בלעכענע אָדער פון דאַכווו־קעס, אָבער אַ סך געדעקט מיט הילצערנע שינדלען. און שרי־פות זענען נישט געווען קיין זעלטנקייט. כ׳וועל דערמאָנען עטלעכע פאַלן פון ערנסטע שריפות.

די שריפה אויף זאַוואַלנע גאַס האָט זיך אָנגעהויבן פון שוחטס הויז, האָט זיך פאַרשפּרייט און איבער 30 יידישע הייזער האָבן אָפּגעברענט, כמעט אַלע נישט פאַרזיכערט, אַחוץ דעם שוחטס הויז, צוזאַמענסטן הייזער פון אָרעמע יידן.

אַן ערנסטע שריפה, וואָס האָט געקאָסט צוויי מענטשלעכע קרבנות, איז פאָרגעקומען אין דער אייל־פאַבריק. דער פייער־לעשער מאיר גאָרעליק האָט זיך דערביי ערנסט אָפּגעבריט.

כ׳דערמאָן זיך נאָך אויך די שריפה אין אַלטן קינאָ „נירוואַנאַ״ (אין דלוסקינס הויף), ווען ס׳האָט געדראָאָט אַן ערנ־סטע געפאַר די הילצערנע געביידעס פון לידער געסל. עט־לעכע צענדליק מעטער פון דאָרט זיינען אויך געווען גרויסע לאַגערן פון טרוקענע האָלץ־מאַטעריאַלן פון גדליה פיינשטיינס סטאָליאַריי.

אַן אומדירעקטער קרבן פון דעם נישט פאַסיקן געבוי פון די וועגענער איז געווען עליע (עלטשיק) לאַנדע (זון פון בנימין לאַנדע פון „גראַנד־האָטעל״): ווועלנדיק זיך אַרויסכאַפּן אויפן וואָגן, אין מיטן גאַנג, כדי מיטצופאָרן צו דער שריפה, ווי דער שטייגער איז געווען, האָט ער זיך אויסגעגליטשט און איז דערהרגעט געוואָרן.

בקיצור, ס׳איז געקומען די צייט פון מאָדערניזירן דעם אינווענטאַר. מאַקס פּאָליאַטשעק, פון די טעטיקסטע מיטגלי־דער, האָט געווידמעט דער זאַך פיל צייט און ענערגיע. טייל־מאָל אפילו פאַרנאַכלעסיקט זיינע פּריוואַטע געשעפטן, און ענדלעך, נאָך אַ פּאָר יאָר אָנשטרענגונגען, איז די לידער פייערלעשער־קאָמאַנדע געווען אויסגעשטאַט מיט אַ פיינעם מאָטאָריזירטן אינווענטאַר, 4 אויטאָס, מיט „באַקן״ אויף וואַ־סער, אַ מאָטאָר־פּאָמפּע אאַז״וו.

אויך פריער זענען געווען אָנגעשטעלט פינף באַצאָלטע פייערלעשער, וואָס האָבן געהאַט דירות אויפן פּלאַץ, כדי זיי זאָלן קענען אַרויספאָרן גלייך ביים ערשטן רוף. די פריווויליי־קע פלעגן נאַטירלעך אָנקומען שפּעטער, יעדער פון זיין פּלאַץ, ווו ער האָט זיך אין יענעם מאָמענט געפונען. די פינף אָנגע־שטעלטע האָבן זיך איצט אויסגעלערנט שאָפערי און דאָס האָט זעלבסטפאַרשטענדלעך פאַרגרעסערט די מעגלעכקייט צו קומען אויפן פּלאַץ צו דער צייט, איידער דאָס פייער האָט באַוויזן זיך צו פאַרשפּרייטן.

דאָס אַלץ האָט געקאָסט אַ סך מי און געלט. און אַזוי ווי דער שטאָטישער מאַגיסטראַט איז שטענדיק געווען אין דעפי־ציט, האָט מען געמוזט זוכן זייטיקע הכנסות. די פייערלעשער פלעגן איינאָרדענען פאַרשטעלונגען, בעלער, טאַנץ־אָוונטן אַד״גל. דאָ דאַרף מען דערמאָנען דעם פייערלעשער־אָרקעס־טער, וואָס האָט דערביי פיל מיטגעהאָלפן (דער דיריגענט — שלמה זלמן מיעדניצקי). אויך איז געפירט געוואָרן אַ ספּע־ציעלער חודשדיקער אָפּצאָל פאַר דער פייערלעשער־קאָמאַנדע.

אין די יאָרן 1935—1936 איז ביים פייערלעשער־פאַרבאַנד צוגעקומען אַ פּרויען־סעקציע, וועמענס אויפגאַבע איז געווען דערלאַנגען סאַניטאַרע הילף אויף אַן אָרט אין פאַל ווען עמיצער איז פאַרווונדעט געוואָרן אָדער זיך אָפּגעבריט ביי דער שריפה. דאָס איז געווען אַ גרופּע פון אַ 15 יונגע פריי־לינס, אונטער דער אָנפירונג פון פריילין סוואַיאַטיצקי (פון 3 מאַי גאַס), וואָס האָבן דורכגעמאַכט אַ ספּעציעלן קורס.

די איבונגען פון די מיטגלידער פלעגן פאָרקומען יעדע וואָך און זענען געווען פאַרפליכטנדיק. די מיטגלידער פון אָרקעסטער (וואָס האָבן אויך געמוזט אָנטיילנעמען אין דער רעגולערער פייערלעשער־פּראַקטיק) האָבן צוויי מאָל אַ וואָך געהאַט רעפּעטיציעס.

ביים פייערלעשער־פאַרבאַנד איז געווען אַן אייגענער קלוב און ס׳איז אייך געפירט געוואָרן אַ קולטורעלע אַרבעט.

אַ שטיקל דיסהאַרמאָניע אין דער פרידלעכער צוזאַמענ־אַרבעט פון יידישע און נישט־יידישע פייערלעשער אין לידע האָבן אַריינגעבראַכט די ברידער גראַבליס און נאָך אַ פּאָר פּוילישע מיטגלידער, אַנטיסעמיטיש־געשטימטע, וואָס האָבן געוואָלט קריגן די שליטה אין פאַרבאַנד. די יידן האָבן זיך נישט געלאָזט, און נאָך אַ סך זיצונגען אין מאַגיסטראַט, אַפּט מאָל שטורמישע, איז מען געקומען צו אַן אויסגלייך און מ׳האָט פאַרטיילט דעם פאַרבאַנד אין צוויי קאָמאַנדעס: „גרופּע 1״ איז געווען טעטיק אין שטאָטישן שטח ביז דער באַן־ליניע און „גרופּע 2״, אונטער דער אָנפירונג פון מיקאָליי גראַבליס — אויפן שטח פון סלאָבאָדקע, אויף יענער זייט באַן־ליניע. דאָס איז געווען אַ קלענערע און ווייניקער אויסגעשולטע גרו־פּע. אין יענעם שטח זענען קיין יידן כמעט נישט געווען. אין פאַלן פון אַן ערנסטער שריפה אויף סלאָבאָדקע, איז די ער־שטע, שטאָטישע גרופּע, נישט איינמאָל אַרויסגערופן געוואָרן דורכן בירגערמייסטער זאַדורסקי אָדער דורך דעם פּאָליציי־קאָמענדאַנט.

### ערשטער סעפּטעמבער 1939

אין די ערשטע טעג פון פויליש־דייטשן קריג, האָבן זיך די מיטגלידער פון דעם פייערלעשער־פאַרבאַנד געפונען טאָג און נאַכט אין די לאָקאַלן פון ה׳ מיקלאַשעוויטש, זאַמקאָוואַ־גאַס, און מ׳פלעגט זיי אַרויסרופן אַלע ווייַלע, נאָך די באָמ־

בארדירונגען פון דער רוצחישער דייטשער אוויאַציע אויף דער לידער באַפעלקערונג, וועלכע האָט געליטן געהרגעטע, פאַרוווּנדעטע און פיל שריפות — ביז דעם 17טן סעפּטעמבער, ווען די פּוילישע מאַכט און די פּוילישע אַרמיי האָבן פאַרלאָזט לידע. איבער 30 שעה איז די שטאָט געבליבן אָן אַ וועלכע ס'איז מאַכט.

לויט דער איניציאַטיוו פון דער יידישער באַפעלקערונג, איז די שטאָטישע פייערלעשער־קאָמאַנדע געשטאַנען אויף דער וואַך נישט צו דערלאָזן קיין איבערפאַלן, רויבערייען און גניבות. אויף דער באַן־סטאַציע זענען געשטאַנען פולע וואַגאָנען מיט פאַרשידענע סחורות, וואָס זענען די לעצטע טעג אָנגעקומען פאַר לידער סוחרים און טייל זענען צעראַבירט געוואָרן פון דער פּוילישער באַפעלקערונג, וועלכע האָט געוווינט נאָענט דערביי אויף דער פערמע און סלאָבאָדקע. די לידער פייערלעשער זענען געווען באַוואָפנט מיט קאַלט געווער און האָבן אין פיל פאַלן צעטריבן די ראָבירער און גנבים. וואָס קענען אָבער טאָן עטלעכע צענדליק מענטשן אַנטקעגן טויזנטער! דעריבער האָבן מיר געהאַט בעיקר אַן אינטערעס, ווי ווייט מעגלעך, צו פאַרהיטן פון פּאָגראָמען אויף יידן און מערדערייען, ביז ס'וועט זיך איינשטעלן אַ געוויסע אָרדענונג. ווייל עס זענען שוין אַרומגעגאַנגען פאַרשידענע קלאַנגען, אַז די רוסן דאַרפן קומען איבערנעמען די מאַכט.

ווען די רוסישע אַרמיי האָט פאַרנומען די שטאָט, איז געשאַפן געוואָרן אַ נייע פייערלעשער־קאָמאַנדע, אַ געצאָלטע, אויפן סאָוויעטישן שטייגער, אונטער דער אָנפירונג פון אַ פּאָליטרוק (אַ רוסישער ייד). פיל פון די געוועזענע לידער פייערלעשער זענען צוגעשטאַנען צו דער נייער קאָמאַנדע. פיל פון די זענען, מיטן אויסברוך פון דעם דייטש־סאָוויעטישן קריג, עוואַקואירט געוואָרן, צוזאַמען מיט זייערע אויטאָס, קיין רוסלאַנד.

**טוביה ציגעלניצקי**

# די קצבישע קלויז

די קצבישע קלויז איז געווען איינע פון די שיינע קלויזן און בתי־מדרשים אויפן שול־הויף. איבערהויפּט האָט זי זיך אויסגעצייכנט מיט איר קונסט־מאָלעריי, אויסגעפירט דורך דעם אין לידע באַוווּסטן קונסט־מאָלער, טאַגער, לויט דער איניציאַטיוו פון די אַקטיווע גבאים פון דער קצבישער קלויז. דער שמש פון קלויז איז געווען ר' זונדל. אַ דאַרער ייד מיט אַ קליין שיטער שוואַרץ בערדל. שטענדיק געלאָפן, נישט געהאַט קיין צייט. אַ קליינינקייט, ער איז דאָך דער שמש פון דער קצבישער קלויז! געווען אַ גרויסער מומחה צו שאַפן אַ מנין צום דאַווענען אין די וואָכנדיקע טעג. ער פלעגט דאָס מאַכן זייער געשיקט. אָנגעטאָן אין טלית און תפילין זיך אָוועקשטעלן ביים אַריינגאַנג אין קלויז און יעדן פאַרבייגייער פאַרהאַלטן און אים געבעטן אַריינגיין, ווייל עס פעלט נאָר איין מענטש צום מנין. זונדלען קאָן מען ניט איבערצייגן, אַז עס איז ניטאָ קיין צייט, און דער ייד איז שוין אינעווייניק, אין בית־מדרש. דאָ האָט שוין זונדל אַ צוויפאַכיקע אַרבעט, שטיין אין טיר היטן דער ייד זאָל נישט אַוועקגיין, נאָך אַזוי פיל מי, און כאַפּן נאָך אַכט יידן וואָס פעלן אים נאָך צום מנין. און ווידער חזרט ער איבער דאָס זעלבע: עס פעלט נאָר איין ייד צום מנין. אַ באַוויז איך בין שוין דאָך אין טלית און תפילין און מען שטעלט זיך שוין דאַווענען.

נאָר דערפאַר שבת און יום־טוב האָט שוין זונדל קיין שווערע אַרבעט נישט געהאַט. יידן קצבים זענען אַליין געקומען צום דאַווענען. אָנגעטאָן יום־טובדיק, מען פלעגט זיך צווישן אייגענע און מען האָט אַ בשותפותדיקע שפּראַך. אין דער צייט פון לייענען שטייען יידן אין פאַלוש און מען דערציילט זיך די געשעענישן פון דער פאַרגאַנגענער וואָך, ווער עס האָט געקויפט אַ מציאה קעלבל, ווער עס האָט טענות וואָס מען האָט אים אָנגעבאָטן אויף אַ קו, ביז די גבאים מישן זיך אַריין מען זאָל זיך באַרואיקן, דאָ דאַרף מען דאַווענען. דער עולם גייט אַריין ענדיקן דאַווענען.

יצחק גנוזוביץ (גנוז)

# ר' אליהו ברעם ז"ל - המקצוען (דער טשעשלער)

את סבי אזכורה, ר' אליהו ברעם או ר' אליהו המַקצוֹעַן כפי שכינוהו בעיר. דמות אצילה של יהודי ירא שמים וישר דרך נגולה לעיני, שעמל כפיים, שמירת מצוות ופשטות עממית חברו בו יחד וגיבשו את דמותו ואישיותו.

נמוך קומה היה סבא, כתפיו רחבות ושחוחות קימעה, משל עמסו של ציבור התגלגל עליו והוא סומך כתפיו אלה לבל ימוט העומס. זרועות בנאי לו, שדומה ומברזל הותכו ולאחוז בקורות עץ לומדו עוד מצעירותו. זקן לבן לו היורד על פי מידותיו, מוצהב בשרשו מהרבה „שמעק טאבאק" וקצהו חבוי במיפתח מעילו.

ר' אליהו ברעם נולד בלידא בשנת 1856 ונפטר בשנת 1934. אחרי השריפה הגדולה שפקדה את העיר והפכה את בתי העץ שלה לתל חרבות, היה הוא עם בן דודו ר' מאטיע המקצוען ועם בן דודו ר' אליהו בין אלה שהקימו בקבלנות את בתיה מחדש. במיוחד את הרחובות היורדים מהרחוב המרכזי „ווילנער" אל עבר נהר לידזייקה ונושקים בחופיו השקטים והבוציים. הבתים במו ידיו הוקמו. במו ידיו ועל ידי מקצוענים יהודים ובילורוסים מהכפרים הסמוכים שהוא העסיקם כקבלן בשכר יומי, למען קיים את הכתוב „ולא תלין פעולת שכיר".

אביו ואחיו בנאים כולם. תפארתם על קירות בית העומ־דים זקופים, על גג רעפים שרוצף כדבעי, על מרפסת נאה השובה עין ודלתו הפתוחה הסובבת על צירה מזמינה כל עובר אורח יהודי לבוא ולהכנס פנימה.

ר' אליהו השתייך ל„חברה תהילים" ול„חברה קדישא" שבעיר. בשבת, בשעות הבוקר המוקדמות, עת דומיה שוררת ברחובות היהודים וכולם שקועים בתרדמה עמוקה אחרי שבוע עמל מפרך, היה מהלך ברחובות ומעיר את תושביהם: „יידן שטייט אויף תהילים זאָגן" („יהודים, קומו לומר תהי־לים"). כשמשתהים לקום חוזר ומעירם שנית. ימי כפור וסופות שלגים, גשמי סתיו עזים, ימים של חילופי שילטון ומורא, פרעות בעיר —הוא ממשיך בעקשנות בהליכתו זו ללא רתיעה וללא לאות.

בימי המלחמה עת הפולנים כבשו את העיר בהביסם את חיל המצב של הבולשביקים, החלו לפרוע פרעות ביהודים החשודים בקומוניזם. באותם הימים, והיו אלה ימי פסח, נרצחו על ידיהם 39 יהודים במבואותיה השונים של העיר ורובם ליד גשר מאלויקשטשיזנה (ביניהם: לטוטה, קורן, מובשוביץ, רוזנשטיין, קמיונסקי, מורשטיין וגם יהודים מחוץ ללידא). לכל פולני היתה הזכות להורות על יהודי שהוא קומוניסט. בין אלה שהלשינו בפני הפולנים על המוצאים להורג — היתה ידועה לשימצה בתו של הפולני טובלביץ — קוטל החזירים מרחוב לידסקה. אז גם נרצחו הרבה יהודים בדרכים המובילות לעיר ור' אליהו היה נוסע עם בעלי עגלות, אוסף גוויות הנרצחים ומביאם לקבר ישראל.

בימים הראשונים אחרי כיבוש העיר פנה ר' אליהו ברעם עם הרב אהרון רבינוביץ למושל הפולני וביקשו שירשו להם להוציא את גוויות ההרוגים היהודים מבית הקברות הנוצרי ולהביאם לקבר ישראל ואת גוויות הפולנים שנטמנו בבית העלמין היהודי למסור להם. הקומנדנט שאל את הרב: מי אתם? ענה הרב, שהוא רב העיר והשני הוא נציג החברה המטפלת בבית הקברות. הקומנדנט לא ענה להם כלום, וציווה לחיילים שיקחו את שניהם אתם.

החיילים מזויינים בנשקם, הובילו את שניהם דרך הרחוב המרכזי לכיוון איזור ישמנטיס וחשד התגנב בלב המובלים כי אכן הם מובלים להורג.

בעברם מול ביתו של שימלביץ שהיה שופט ואדם פולני משכיל ובעל שאר רוח, עצרם הלה ושאל את החיילים לאן מובלים יהודים אלה. הם ענו שהקומנדנט ציווה להרגם.

— תשחררו אותם — ביקש הוא — אנוכי שופט פולני וקתולי אדוק ומבקש מכם לשחררם. עשו זאת על אחריותי ואני אתקשר עם הקומנדנט.

הוא הזמינם אליו הביתה ולאחר דין ודברים עזבו אותם החיילים והסתלקו מהמקום.

כעבור זמן שלח ר' אליהו כמה מפועליו היהודים לבדוק את גג הרעפים השבור של בית שימלביץ ולאות תודה והוקרה — כיסו את הגג מחדש. השופט רצה לשלם עבור עבודה זו, אך ר' אליהו סירב לקבל את התמורה.

קול סבי העבה, הגברי, המתפצח כהלמות פטישים על מסמרי ברזל, הייתי מבחין תיכף בתוך המולת הסימטא. מרחוק הייתי שומע בהתקרבו אל ביתנו, ומפסיק אני להטו של משחק ורץ הביתה. „אמא, הכובע איפה הכובע שלי, סבא הולך". יודע אני כי אם יפגשני סבא בגלוי ראש ייסרני במלים קשות, בתוכחת מוסר קצרה אך נוקבת. „גוי, הולך בלי כובע. אנחנו, יהודים אנחנו".

מחלה ממארת הכריעה את ר' אליהו אך לא דיכאה אותו. באמונה ימות צדיק. באחד מימי השבתות החורפיים בצהרי היום ישב בביתו, הגובל עם הקלייזל „תפארת בחורים", רכון בראש השולחן ולחש תפילתו, פניו חיוורות ונפולות היו, אחוזות ייסורי המחלה. עיניו בלטו מחוריהן אחרי חודשים ארוכים של סבל ונדודי שינה. נכנסתי לבקרו ישר מהקלייזל ואני תלמיד כיתה ב' של בית ספר עממי המתחיל לשלוט כבר בשבילי הלשון העברית. מבנה משפטיה וצירופי מלו־תיה מתחילות להתחוור לי מדי יום ביומו.

שב — הוא אמר לי — שב כאן לידי...

קולו מרוסק היה, חלוש, נוחר כלשהו. נעתרתי והתישבתי בסמוך לו. הוא נטל בידיו את סידור התפילה שהיה מונח לפניו סגור והגישו לי. אימה אחזתני נוכח מראה כפות ידיו שלבנות היו כשלג שמאחורי החלון. עצמותיהן ורידיהן בול־טות כאילו אמרו להתפרץ החוצה ולצעוק מרה על גופו האביר של אדם ההולך ומצטמק נוכח סער הכליון.

פתח את הסידור במקום שנפתח מבלי לעלעל בדפיו הצהובים מרוב שנים ושימוש. קרא — הוא לחש לי — קרא כאן !...

החילותי לקרוא. משפט אחד, משפט שני. באיטיות אך בבטחה ובצלילות ביטאתי את הפסוקים בספר תהילים שפתח לפני. קראתי בהברה הספרדית הנהירה לי מבית הספר. הוא הרהר קימעה וסגר את הסידור בפתאומיות, כפי שפתח

בו. קולו לבש משהו מאותה מתכתיות המוכרה לי ופסק פסוקו המהול בסיפוק ואושר אין קץ: „טוב מאוד, נכדי, טוב מאוד. עכשיו יכול אני כבר למות”...

סבי התכונן כבר מזמן למות כאדם האורז מזוודתו ומתיישב במקום הראוי לכך בתחנת האוטובוס, המצפה לבואו של זה שיקחהו למחוז חפצו. תכריכים הכין לו מבעוד מועד. מחסכונותיו שילם לחייט לבל יצטרכו חס וחלילה בניו לשאת בהוצאות אלו. לציון מאורע רכישת התכריכים ערך קידוש בביתו. כמנין מתפללים, ידידיו מבית הכנסת התכנסו בביתו, הרימו כוס משקה ואיחלו לו אריכות ימים של בריאות ואושר. מאן דהו סיפר על אחד מזקני העיר ששלוש פעמים הזמין לו תכריכיו כי הם בלו מרוב שנים בתוך הארון וזה בעליהם חיי וקיים, לא נס ליחו, כוחו אתו וידו פשוטה למתן צדקה לכל אביון ונצרך. סבא ישב בראש השולחן. ראשו רכון ופניו חיוורות כעין זקנו הלבן, המדובלל כלשהו. עיניו מבריקות ודמעות גדולות כטיפות גשם בטרם חורף זולגות לו על לחייו חרושי הקמטים ונופלות מטה על דפי הסידור הכרסתני שלפניו, הסופגים את האושר והיגון גם יחד.

**יצחק גנוזוביץ (גנוז)**

# האגודה והקלייזל „תפארת בחורים”

אגודת הנוער הדתית „תפארת בחורים” נוסדה בווילנה בסוף המאה התשע עשרה ובאותה תקופה נוסדה גם בלידא. תעודתה היתה לארגן את פרחי הפועלים ולקרבם ליהדות, לתורה ולמסורת. כעבור עשר שנים בערך קם חוג כזה גם בלידא. ראשוני יוזמיו היו ר׳ יצחק דער ווייסער, יהודי תלמיד־חכם ובר אוריין וכן שני תלמידיו, בחורים סנדלרים שנודעו בחריפות שכלם, טוהר דרכם וידיעתם בתלמוד.

בחורים אלה היו ר׳ אייזל דער שוסטער ור׳ מרדכי קלמנוביץ. ב„תפארת בחורים” היו מתקיימים בערבים אחרי שעות העבודה דרשות ושעורים בתנ״ך, תלמוד, תולדות ישראל וכן שיחות בענייני מוסר וחברה בשיעורים לקחו חלק פעיל מורי הלכה של ישיבת הרב ריינס וביניהם גם המורה והסופר פנחס שיפמן בן־סירה.•

ברצוני לספר על הקלייזל כפי שאני זוכר אותו מהשנים שלפני פרוץ מלחמת העולם השנייה. הקלייזל נשא את שמה של אגודת הנוער „תפארת בחורים”, כי חברי אגודה זו יסדו את הקלייזל וזקני מתפלליה בשנות השלושים היו מייסדיה מאז.

ברחוב „פרצה” נמצא בית המדרש. רחוב „פרצה” על־שם י. ל. פרץ כי אכן רובו ככולו היה זה רחוב מיושב יהודים. אחרי מלחמת העולם הראשונה בעת שלטון הפולנים, הסבו את השם מ„פוליצייננה” או „פוליצייסקאיא” לשם „פרצה”. השם הקודם נותר כאנכרוניזם שרק זקני הדור גלגלו בו, כזכר מעורפל לבית הלבנים שבראשיתו של הרחוב, ששימש בימי שלטונו של הצאר, מקום משכן ל„פוליציה”, היא המשטרה המקומית.

הקלייזל „תפארת בחורים”, שנבנה כמשוער בשנת 1910, שכן בבית עץ בן קומה אחת ו„שאלקה” — היא דירה בעליית הגג. בחלק אחר של הבית היה הקלייזל, בחלקו השני הת־גוררו כמה משפחות. דרך פשפש צר נכנסו לחצר קטנה וספסל מוארך לאורך הגדר היה מקביל את פני הנכנסים. בשבתות ובחגים היתה חצר זו מלאה ילדים שבאו הנה עם הוריהם לשאת תפילתם ומן הון להון הדהד פה לחן משחקם, שיחם ושיגם.

בימת עץ גדולה עמדה במרכזו של בית המדרש, קרובה לעמוד. בינות לבימה ולארון הקודש, בתיקרה שמעליהם, היה פתח בצורה מלבנית ושמה עזרת הנשים. הנשים ישבו בחדר שבעליית הגג צמודות למחיצה עשויה קרשי עץ מחוטבים שהקיפו אותו פתח, והקשיבו לרינה ולתפילה. על ארון־הקודש פרוכת שצבעה התכול דהה זה כבר. קרוב לוודאי שארון־הקודש היה מלא ספרי תורה כי אכן מעליו היו מונחים במקובץ ספרי תורה קטנים, אלו הן המגילות שהיו נוהגים להורידן משם פעמיים בשנה. פעם במועדן הקבוע לקריאה ופעם שניה בשמחת תורה, עת הגבאי היה מכבד בהן נערים וילדים בהקפות.

שני שולחנות ארוכים עמדו לאורכם של שני קירות, המערבי והדרומי ששימשו נוסף למקום קבוע למתפללים גם מקום לימוד לחברה משניות ובעת הצורך גם מקום לכיבוד או איסוף תרומות בקערות חרסינה ביום שבטרם יום הדין.

מעל לשולחן על כוננית שבלטה מהקיר, עמדה מנורת כסף גדולה ששמונת קניה הופזו באור מבהיק וחמים בערבי חנוכה הארוכים וקרים, עת פרחי כפור ושברירי קרח כיסו את השמשות הקטנות של חלונות הקלייזל.

בפינה של הקיר המערבי עמד שרפרף ועליו דלי מים וספל עשוי נחושת תלוי על בדל חוט, קערה ומגבת, וכל הניצרך לנטול ידיו יבוא ויטול. שם גם תנור גדול כרסתני וספסלים סביב לו. אורח כי בא או אביון אם יזדמן הנה ולא ימצא לו מקום אצל אחד ה„בעל הבתים” יבלה את לילו פה, ליד אותו תנור רחב ורחימאי ועל יצועם של ספסלים אלה. בשנת שלושים ותשע ושנת ארבעים, עת פליטים יהודים הגיעו

---

• בעתון „המליץ” מיום 14 ביוני 1895 הופיעה הידיעה בזו הלשון:

מלידא מוסרים כי נוסדה שם זה לא כביר (זה זמן לא רב — י. ג.) חברה „תפארת בחורים” אשר תעודתה לטעת רגשי קדש בין בעה״מ (בעלי המלאכה). בכל יום ויום התאספו בבית המיוחד להם יותר ממאה בחורים ויקשיבו לקח מפי הנכבד ה׳ יצחק דזימיטראָווסקי. מספר המקשיבים הולך וגדול. מי יתן וממנו יראו ויעשו ערים אחרות כמוה לטעת בלב צעיר בעה״מ מוסר וד״א (דרך ארץ).

בהמוניהם מאיזורי פולניה המערבית, בברחם מפני הנאצים, מצאו כאן תמיד מספר משפחות מקלט ומגן.

על יד קיר זה עמד גם ארון „השמות". דפים בלויים מספרי קודש, קטעי ספרים עתיקים שאכלם עש, קרעי קינות, תחינות וספרי מוסר ספוגי דמעות לומדיהם ומייחדיהם. ספרי ש"ס וקבלה מרופטים שאותיותיהם דהו מרוב זמן, ובינות דפיהם הצהבהבים־אפורים יש ותמצא שערה מלבינה שנשרה אי פעם מזקנו של אחד מתמיד, בעידנא דריתחא ובשיטפא דלישנא של הגות, מחלוקת ופילפול. ועל הכל „דרך ארץ קדמה לתורה". על כך מכריזות אותיות שנדפסו בכתב יד מסולסל על כרוז תלוי בקירבת ארון זה.

רב אייזל דער שוסטער היה הדמות הרוחנית של הקלייזל „תפארת בחורים". אדם נמוך קומה, בעל הדרת פנים אצילית שזקן צחור יורד לו על פי מידותיו. אייזל הסנדלר פרנסתו וקיומו מיגיע כפיו ואך ורק מזה. בקיא במלאכתו ובעל תריסין בים הגדול של הש"ס והפוסקים. עדין נפש, שקט וצנוע בהליכותיו ובמגעיו עם הבריות.

בשבתות היה על פי רוב מתפלל לפני העמוד ר' יעקב אייזיקוביץ. אדם צעיר שקולו ערב וצלול. עם גמר התפילה היו מתקבצים סביבו ילדים ושרים יחד אתו „אנעים זמירות":

„ראש דברך אמת קורא מראש
דור ודור עם דורשיך דרוש"...

בהגיעם למלה „אמת" היו מפסיקים מלחן שירתם ומביעים מלה זו בצעקה רמה וקולנית יחד עם כל קהל המתפללים.

שמחת תורה היה החג האהוב במיוחד עלינו הילדים. בערב החג הקלייזל מלא מפה לפה. הנה הגיע ר' בנימין ברעם, הזגג. רק נכנס לפתחו של הבית מכריז בצעקה תוך חדוות אושר וסיפוק: צאן קדשים! והילדים עונים לעומתו: מה!

במגירה של שולחן הבמה נמצאים כלי הקשה ומצילתיים. בערב זה מוציאים אותם משמה. בדבקות של שמחת הריקוד, כשספרי התורה חבוקים בזרועותיהם, נוקשים במצילתיים אלה בקצב מנגינת השיר:

אב הרחמים שמע קולנו,
העלף זשע אַלע יידן,
אב הרחמים שמע קולנו
און צווישן זיי,
זאָל שוין זיין די גאולה,
זאָל שוין זיין די ישועה,
זאָל שוין זיין די גאולה.
משיח זאָל שוין קומען!...

המעגל סובב והולך בטפיפת רגליים, במחיאת כפיים, בשירת כיסופים הבוקעת מנבכי לב ונפש ובאמונה עזה כחיים — משיח צדקנו בוא יבוא.



חברת עין־יעקב של חסידי ליאדי (תרפ"ז).

חיים אמתי

# עמד

## ר׳ יוסף וינקובסקי
## המכונה „יאשע דער מעדוויעדז" (הדב)

א.

כאלון חסון כן הזדקרה דמותו. אני זוכר אותו בהגיעו לגיל שבעים ומעלה. גופו הרחב וראשו שהיה לפי ממדי הגוף, כמעט ללא צוואר, נתמזגו לחטיבה אחת. היה צועד לאיטו ובטוחות, כשרגליו נתונות במגפיים כבדים במשך כל ימות השנה. בעל עיניים כחולות היה, קצר־רואי ופוזל, כך שלעולם לא ידעתי לעבר מי מופנה מבטו. בשעת התפילה היה מקרב את הסידור ממש לעיניו, ומפיו של בעל הגוף החסון היה בוקע קול דק. כששמעו את קולו מבלי לראותו, אפשר היה לשער כי פיו של ילד הוא המדבר. על אף קוצר ראייתו היה בטחונו העצמי רב לאין שיעור.

באחד הימים, בין מנחה למעריב, ישבה קבוצת מתפללים בקלויז הקצבים מסביב לתנור הגדול והעלו זכרונות מימים עברו. ביניהם ישב ה„מעדוויעדז" וסיפר מה שקרה לו פעם. כולם ישבו פעורי פה ובאוזניים קשובות והוא דיבר כדרך שמספרים סיפור לילדים:

„היה זה ביום חורף קר ומושלג. נסעתי לאחד הכפרים לקנות פרה לשחיטה. בשובי בלילה נכנסתי לפונדק שעמד על אם הדרך. בכדי לחמם את עצמותי, לקחתי רביעית ספירט, ולאחר מנוחה קצרה קמתי על מנת להמשיך בדרכי. ניגש אלי בעל הפונדק ולחש לי על אוזני: לא כדאי כעת לצאת לדרך כדי להגיע הביתה, כי השודד המפורסם, אשר שמו כבר פרח מזכרוני, יצא ליער לעבודת לילו.

הסתכלתי בו ולא עניתי. יצאתי החוצה, חיפשתי ומצאתי אבן לפי טעמי, מוארכת, נוחה להחזקה וקצה האחד נסתיים בחוד. השלכתיה לתוך עגלת־החורף, ישבתי, הצלפתי בסוס ויצאתי לדרך. לאחר שעת נסיעה בסבך היער, אחז מישהו ברסן הסוס ועצרו.

‚עמוד! כסף תן ולא דמך בראשך', שמעתי מתוך החשכה. לקחתי את האבן בידי הימנית, ירדתי מהעגלה, ניגשתי אליו, אחזתי בדשי פרוותו, קרבתי אליו בכדי שאראנו והלמתי באבן על ראשו. הוא נפל מבלי להוציא הגה מפיו ואני המשכתי בנסיעה. למחרת שמעתי מספרים באיטליזים כי מצאו את השודד ביער הרוג ואבן תקועה בקודקודו".

ב.

בשלהי מלחמת העולם הראשונה עת פרץ המאבק בין הבולשביקים ובין הפולנים, התקרב כבר לגבורות ואולי למעלה מזה. בין המפקדים הפולנים היה גנרל ידוע בשם האלר, שחייליו היו ידועים לשימצה כאנטישמיים. אחד מתעלוליהם האהובים עליהם היה לתפוש יהודים בעלי־זקן ולחתוך בפגיון את הזקנים. לא אחת ולא שתיים הורידו את הזקן יחד עם עור הפנים.

ברחוב קריביה באחד הבקרים הלך „המדוויאדז" להתפלל שחרית, כשהטלית והתפילין תחת בית שחיו. נטפלו אליו שני האלרציקים והתחילו להציק לו ולצעוק שיחתכו לו את הזקן. בהתקרב האחד כדי לתפוש בזקנו, תפש אותו הזקן, הרימו, השליכו על הארץ כנצר נתעב וזעק בקולו הדק: „אני אהרוג אתכם". השני שלף את הפגיון והתקרב אליו, וכהרף עין כבר שכב גם השני שטוח על הארץ. במקרה נקלע לשם קצין רכוב על סוס, מפקד המשטרה. השניים נבהלו, לא העיזו לקום והמשיכו לשכב. הזקן בהיותו קצר־ראייה התחיל לצעוק גם על הקצין: „אני אהרוג אותך אם תתקרב אלי". הקצין הרגיעו ואמר לו כי להצילו הוא בא. הזקן נרגע, והמשיך בדרכו לבית הכנסת, כאילו לא אירע דבר.

## ה„תמהוני" מאיר יענקיל טרשינסקי
## המכונה „פנבוק"

יושב היה תמיד עם אשתו רייזה על קורת עץ ששימשה אי־פעם סדן של קצבים. לאחר שיצא מהשימוש הניחוהו על יד פתח הבית והיה משמש לישיבת מנוחה לפנות ערב בין מנחה למעריב.

פעם בעברי על ידו בשעה שכבר התקרב לגיל הגבורות, הסתכל בי ונאנח עמוקות. „למה אתה נאנח ר' מאיר יענקיל?" שאלתי אותו. „הה, בני!" נאנח שוב. „אני הולך ומזדקן. אתמול כבר הרגשתי את אותות הזקנה. הלכתי ברגל לאחד הכפרים לקנות בהמה והנה לאחר הליכה של כ־21 ק"מ הרגשתי צורך לשבת ולנוח. כך, כך הכוחות הולכים וכלים".

בימי מלחמת העולם הראשונה, עת הפציצו הגרמנים בפעם הראשונה מאווירונים, פגעה פצצה בזונדל העגלון ז"ל וקטעה את רגלו. הבהלה בעיר היתה גדולה כי זו הפעם הראשונה שהרגישו כי אפשר ליהרג בידי בני־אדם גם ממרומים.

פגשתי במאיר יענקיל בלכתו מהשוק ונושא באחד משולי קפוטתו מערכת כבד. שאלתיו מה קרה בשוק? שום התרגשות לא היתה נסוכה על פניו, כאילו רגיל היה לראות אווירונים יום יום. בשקט ענה לי: „אתה מבין? זונדל העגלון עמד בשוק ואכל לחם בוודאי בלי נטילת ידיים. באו ‚הטייצלאך' מלמעלה והורידו לו ‚פיסנוגה' אחת. אני שואל אותך, מה זה עסקם אם הוא מקיים מצוות נטילת ידיים או לא? מה? האם הם ממונים על הכשרות והמצוות מטעם רבון העולם? גיבורים הם מלמעלה, אדרבה, הייתי רוצה להפגש אתם למטה על הארץ, ואז היינו מנסים כוחותינו. גיבורים הם במרומים, פש... קונץ גדול".

## אב ובנו — זונדל העגלון ואביו

האב היה מהקאנטוניסטים אשר שירתו את ניקולאי הראשון 25 שנים בצבא. שתקן, עצוב, תוגה תמידית היתה נסוכה על פניו, כנראה שעשרים וחמש שנות שירותו בצבא הטביעו את חותמן על כל ימי חייו. הבן זונדל גבוה מאביו בראש וחצי, עטור זקן לבן, הרבה יותר לבן מאשר אצל אביו. עיניים כחולות בהירות כמו אצל ילד, תמיד חייך, תמיד הלך אחרי אביו כעגל אחרי הפרה. יחד התפללו, יחד ישבו על העגלה ויחד אכלו. מעולם לא ראו שאחד יאכל בלי השני, ועל ידי זה נתפרסמו בעיר „זונדל ואביו".

## ר׳ גרשון הסנדלר

הוא היה יהודי בגיל שבעים ומעלה, עור פניו היה צהוב בדומה לקלף ישן, זקנו לבן, עיניו נראו כמחייכות תמיד, ידע מעט מאוד על הנעשה בעולם הגדול. מקובל היה כי בתפילת מנחה בשבת, הוא עובר לפני התיבה באותו ניגון ובאותו קול במשך עשרות בשנים.

פעם ביום ראשון של פסח לאחר ליל ה„סדר״, הוא הופיע בקלויז של הסנדלרים נרעש וחיוור פי כמה מחיוורונו התמידי. בעיניים נבהלות ניגש אל הכיור, נטל את ידיו, נגבן במגבת התלויה מאחורי הבימה, אגב לחישת ברכת „אשר יצר״. פיו רעד ומלמל משהוא על „אליהו הנביא״. מתוך דבריו התברר, שכאשר אשתו תֲמָה הלכה בליל הסדר לפתוח את הדלת לפני תפילת „שפוך חמתך״ וכאשר הכריז „ברוך הבא״ הופיעה לפתע בפתח דמות אדם עטוף בעור כבשים מעל לראשו, ניגש אל השולחן, לקח את כוסו של „אליהו הנביא״ והריקה בבת אחת, אחר כך הריק את כוסו הוא וגם את כוסה של תמה ונעלם. בקול רועד המשיך ר׳ גרשון: „כל כך נבהלנו עד שניטל הדיבור מפינו. כשלקח את כוסו הבינותי שהוא אליהו הנביא ומכיר את כוסו, אבל כשהריק את כוסותינו לא תארתי לי שיהא סובא כזה. כל הלילה לא עצמתי עין, וגם כעת עוד אינני יכול להרגע״. המתפללים הרגיעוהו ואמרו לו כי סימן ברכה בדבר ובל יהרהר בכך יותר. אבל בני הדור הצעיר ידעו תעלוליו של מי היו אלה.

בשכנות עם ר׳ גרשון גרו כמה משפחות נוצריות, ובני המשפחות הללו היו בקיאים במנהגי היהודים לא פחות מהיהודים עצמם. ביניהם היה שגץ אחד ושמו מישקה והוא היה גיבור התעלול הזה. לאחר מכן התחרט מישקה על מעשהו והיה רועד כעלה נדף, כי פחד שמא יוודע הדבר לשלטונות, ואזי צפוי היה לעונש חמור על עלבון הדת, אך הענין הושתק ומהר מאוד שכחוהו.

## יעקב החרט (יענקל דער טאקער)

### א.

היה זה אדם בעל פנים חיוורים, כמעט שקופים, מעיניו נשקף תמיד פחד ודאגה, שקיננו בו עוד משחר נעוריו כשלמד את מלאכת החרטות. עבד בבית מלאכה שבעליו היה נוהג לשחוט בחורף עגל או שנים ולכבוש את הבשר יחד עם שום וכל מיני תבלינים בחבית עץ. הקור והכפור היו מקפיאים את הבשר שהיה ראוי ע״י כך לאכילה במשך כל עונת החורף. פעם אחת שחטו עגל, ואת חלקו האחורי תלו בפרוזדור, סמוך לדלת היציאה, על גבי מוט הדומה לאסל בכדי שהבשר יצטנן. חשמל בתקופה ההיא מאן דכר שמיה, לא שמעו על כך עדיין, וברוב בתי העניים היו משתמשים בכפיסי עץ בכדי להאיר את הבית. באחד הערבים בהתכוננו לצאת מהבית, פתח יענקל בהרחבה את הדלת על מנת לצאת; אך הדלת שנפתחה טלטלה את גוש הבשר התלוי קדימה והוא חזר וטפח על ראשו של יענקל עם סגירת הדלת.

אפילה גמורה שררה בפרוזדור, כך שיענקל לא ראה דבר, הוא חשב שמישהו עומד מולו ומנחית עליו מכה. מיד הרים את ידו ויך בחזקה. על ידי כך נע שוב גוש הבשר קדימה, חזר ביתר מהירות ובתנופה חזקה הנחית עליו מכה שניה.

אזי התחיל יענקל ללחום בשתי ידיו נגד הבלתי נראה, ובכל פעם הרגיש שהנעלם מפליא את מכותיו יותר ויותר מבלי להוציא הגה, ואילו הוא נאנח מרוב כאב. החליט בנפשו שזהו בוודאי שד „מלאך־ייצ׳יק״ והתחיל לצעוק „גוואלד״ שמע ישראל! שד! כאן שד!

באו במרוצה כל השכנים שגרו בקרבת המקום והאירו בכפיסי עץ את הפרוזדור האפל. ומה נתגלה לנגד עיניהם? יענקל שוכב על הארץ מתעלף ולמעלה מעליו תלוי גוש בשר על מוט ומתנועע...

### ב.

כעבור שנים רבות לאחר שיענקל כבר היה בעל משפחה ומטופל בילדים, לא הספיקה עבודת החרטות להבטיח קיומו. אזי היה נוהג לזרוע בקיץ מלפפונים על שטח של שני דונם בערך. כשרק נבטו הזרעים בגנו, היה מקים מלונה וישן בין מלפפוניו. בלילות ירח לא יכול היה לישון והיה עובר מערוגה לערוגה כדי להתבונן כיצד צומחים המלפפונים. הוא האמין כי בלילות לבנה גדלים המלפפונים. בחיבה ורוך היה אוסף את המלפפונים ומסדרם למכירה. חבל היה לו להפרד מכל מלפפוניו כאילו היה כל אחד מהם חלק מגופו.

לו זכה לעלות לישראל היה הופך להיות לסמל החקלאי המסור, וחבל שלא זכה לכך...

## אביגדור בעל העגלה

יהודי רחב גרם היה, הלך תמיד בקפוטה מידה ¾ ובמגפיים גבוהים, זקן לבן כחלב, גזוז יפה ומסודר, לחיים חכליליות כמו אצל ילד, מבט חריף ופיקח כאילו אמר: אותי לא תרמה. כשהוא נעץ את עיניו באדם הרי חדר מבטו לפני ולפנים. אני הכרתיו בגיל השמונים לחייו. חיבב מאוד ילדים, אהב לאסוף אותם מסביבו ולספר להם מעשיות, מה ששמע ומה שעבר עליו בחייו. כל המעשיות סבבו מסביב לנושא אחד, איך שהוא נסע מלידא לווינה דרך וילנה בעגלה, כי בזמנו טרם היתה רכבת. בכל מעשיה היה מעורב „מלאך־ייציק״, מין שד. אחת ממעשיותיו אני רוצה לספר:

פעם בליל אופל, נסע ביער סבוך ואפל, רוח סערה וקרה חתכה ממש בידיים ובאזניים כסכין. הגיע לאזניו קול פעיית עגל. ירד מהעגלה והנה הוא רואה באמצע הדרך רובץ לו עגל. הוא רוצה להרימו אך זה למעלה מכוחותיו. סוף סוף התאמץ ובעמל וביגיעה רבה העמיס אותו על העגלה ונסע. כעבור כמה ק״מ נפל גלגל לפתע. ירד מהעגלה, בקושי ובעמל רב הרכיב את הגלגל, כי הוא היה לבדו. שוב נסע כמה ק״מ וגלגל שני התחלק ממקומו. הוא נבהל, ירד ושוב הרכיב את הגלגל, אבל לבו הלם כהלמות הנפח על הסדן. מי יודע מה צפוי לו הלאה. הוא מפחד לסובב את הראש להביט על העגל. לפתע פתאום שמע צחוק אדיר מתגלגל על פני היער כרעם. סובב את ראשו והנה הוא רואה כי העגל נעלם ואיננו.

אנו הילדים התרשמנו מאוד מהמעשיה הזאת ועם ערוב היום פחדנו לצאת מהבית.

ארבע או חמש פעמים התחתן בחייו. פעם בצאתו מבית הרב עם אשה חדשה, האצבעונים שלובים יחד אחד בשניה ומנענעים בידיים כמטוטלת בשעון קיר, שמעתי שהוא אמר אליה: „השומעת את תמר׳לה, אם תהיי טובה אני מבטיחך לקחת תמיד מבנות עירך״...

בשנה האחרונה למלחמת העולם הראשונה בלכתו פעם מתפילת שחרית, הטלית והתפילין תחת בית שחיו ניגש אלי ואמר לי:

„השומע אתה ילד? כשיבוא מלאך המוות לקחת את נשמתי אחטוף אותו בגרגרתו ואחניק אותו, פעם אחת ולתמיד ניפטר ממנו. הוא היה אז בן 85. כעבור זמן קצר אחרי זה פגשתיו בשוק כשהוא מדדה על רגל עץ. נבהלתי כי אני לא ידעתי משום דבר.

„מה זה ר' אביגדור? מה קרה?". „ככה זה, ילדי, קיבלתי פצע ברגל וקטעו לי אותה. אתה מבין? אני ציפיתי למלאך המוות שיבוא מלפנים, אבל הוא הרמאי התגנב לאט מאחור ותפש אותי ברגל. לך התחכם!" זמן קצר לאחר זה מת.

## החוזה בכוכבים

את שמו אף פעם לא ידעתי. תמיד דיבר בלחש כאילו מנה כל מלה ומלה. בזכרוני נחרת מימי הילדות: יהודי גבוה „כעוג מלך הבשן", פנים חיוורות, על אפו היו זוג משקפיים לקצרי ראי, נשא עליו תמיד מעיל ארוך, זוג מגפיים. הליכתו היתה תמיד אחת בין שמיהר ובין שהלך לאיטו. כל צעד שצעד היה מטר. העיניים היו תמיד נשואות למעלה, תמיד שקוע במחשבות, עסוק עם עצמו. ביום שישי לפני הדלקת נרות היה הולך על פני החנויות לבשר את בוא השבת. היה דופק בפטיש עץ על הדלתות ומעוצם הדפיקה היה כאילו נבהל וממשיך הלאה.

בבית הכנסת הגדול במסדרון היו משני הצדדים שני בתי תפילה לתפילת שחרית, מנחה ומעריב. כל השבוע היו מתפללים שם סבלים, עגלונים וסתם יהודים מרי נפש שהיו עסוקים באמירת תהילים. אור חשמל טרם היה, נרות חלב גדולים עמדו בעמוד שלפני שליח הציבור והם האירו את כל הבית. אורות הנרות רצדו כל הזמן כריקוד שדים, כי המתפללים לא עמדו על מקום אחד, אלא הלכו כל הזמן הלוך וחזור מקצה לקצה. הצרות הן שהאיצו בהם ועל ידי זה נוצרה רוח. הצללים אשר היו בתנועה מתמדת הפילו פחד על היתומים הקטנים שבאו לומר „קדיש" לזכרם של אבותיהם אשר מתו טרם זמנם והשאירו אותם לאנחות.

בשנה הראשונה למלחמת העולם הראשונה, בין סתיו לחורף, לפני תפילת ערבית, נכנס „החוזה בכוכבים" לבית התפילה, נטל את ידיו ובאמרו תפילת „אשר יצר" המהם בין משפט למשפט: „אשר יצר את האדם", הוא שבר רגל, „וברא בו נקבים נקבים", פשוט התחלק מהסוס, „גלוי וידוע לפניך", המלך האנגלי.

אלה שהקשיבו לדבריו חשבו שדעתו נסתלקה ממנו. כעבור יומיים כשהגיעו העיתונים מוורשה, היו הכותרות הראשיות בעיתונים: המלך האנגלי ג'ורג' החמישי נפל מהסוס בשעת מצעד ושבר רגל...

עד היום לא ברור לי מאין ובאיזה אופן נודע לו הדבר? והרי רדיו טרם היה אז בעולם לשימוש המוני.

## מארק איליוטוביץ — משה היתום

יתום מהורים ויתום ממשפחה („אַ קיילאַכדיקער יתום"). ידעו לספר, כי בזמן מלחמת העולם הראשונה התגלגל עם גל הפליטים ללידא. מי הוריו, מי קרוביו, איש לא ידע וגם הוא בעצמו לא ידע להגיד. נשאר גלמוד, ללא גואל, ברחובות העיר.

יהודים רחמנים בני רחמנים האכילוהו, ולבסוף קיבלה אותו ק"ק דעיר לידא.

מסכן היה ונוסף לכך מוכה גורל היה. בעין אחת לא ראה בכלל, והעין השניה ראתה רק בעזרת משקפיים עבים.

בלבושו הכרת את המעיל של „בעל־בית" פלוני, את המקטורן של אלמוני, המכנסיים של ברל, הנעליים של חיים והכובע של דוד.

המקל, זה היה רכושו האישי; מקל עבה וחזק. לא קיבל אותו מאף אחד ובעצמו לא ידע איך הגיע אליו.

בחגים היה מבקר בבתים. הלב היה מתכווץ לראות את היתום, שאינו יכול לעזור לעצמו. לא קימצו ונתנו לו. וגם הוא לא היה קמצן. בירך את כל אחד בשפע ברכות.

בפורים היה שר את שירו המפורסם:

הערט נאָר יידן,
הערט נאָר יידענעס,
היינט איז פורים,
מאָרגן איז אויס,
טאָ גיט מיר אַ קאָפּיקע
און וואַרפט מיר אַרויס.

לפעמים היה מישהו מלבישו, כיאה לפורים. לחייו אדו־מות, שפתיו בליפסטיק, שפם יפה, נו — וזקן, זה באמת היה זקן. דומני שהיה יותר דומה ל„סנטה־קלאוס" מאשר לפורים־שפילר. בכל זה — לא השקיע משה היתום כספים. זאת היתה ה„חזקה" של ינטשה פופקה הספר, הידוע בשל ההיגיינה הקיצונית שלו (טרם שגילח לקוח היה רוחץ את ידיו בסבון ומים). משה היתום סבל מאוד מהבטלה. התבטל ימים, חודשים ושנים. נדבות נתנו לו, אבל לא עבודה. פשוט לא האמינו, כי מסוגל הוא לעשות משהו.

פעם, בערב ראש־השנה, פנה למר יוסף איליוטוביץ, בעל בית־החרושת ליינות ומד, וביקש עבודה. הבטיח שיעשה הכל בסדר.

ואמנם ניגש לעבודה בכל הרצינות. פשט את המעיל העליון ותלה אותו על מסמר. אח"כ בא תורו של המקטורן, ולבסוף הפשיל את שרוולי הכותונת. בחר לו בחצר חבית של 500 ליטר, גילגל אותה והציבה ליד המשאבה. חיבר צינור למשאבה וקצהו השני לחבית. בדק את החיבורים ולאחר שהכל הניח את דעתו, ניגש למשאבה; ירק לכפות ידיו, מעשה ותיק בעבודה, והתחיל להפעיל את שריריו. ידית המשאבה עלתה וירדה ומים החלו לזרום לחבית בשפע. כוח היה למשה — „שני כוחות סוס", אם לא שלושה. האושר היה נסוך על פניו, סוף סוף יש לו עבודה.

עבד שעה, שעתיים וכמעט לא הפסיק על מנת לפוש. בעל בית־החרושת ניגש לראות כמה חביות כבר מילא. התברר, כי אפילו את החבית הראשונה לא גמר.

„בעל־הבית, נדמה לי שזוהי חבית כשפים, אני שואב כבר מספר שעות והחבית טרם נתמלאה".

אחרי בדיקה התברר, כי משה שכח לסגור את ברז החבית...

יהודית גנוזוביץ ז״ל

# מלמדים און חדרים

שוין צו זעקס יאָר פלעגט מען יידישע קינדער, סיי ייִנגלעך און סיי מיידלעך שיקן אין חדר. אַ מינהג איז געווען ביי אונדז, איבערהויפּט לגבי ייִנגלעך, אַז מען פלעגט דאָס קינד איינוויקלען אין טאַטנס טלית און ברענגען אים צום מלמד. עמיץ פון די אַנוועזנדיקע פלעגט אַ וואָרף טאָן אַ הויפן מטבעות איבערן קינדס קאָפּ. מען פלעגט זיך ווינטשן מזל־טוב און זאָגן דעם קינד, אַז אַ מלאך וואַרפט דאָס אַראָפּ פון הימל, און אויב ער וועט זיך גוט לערנען וועט מען אים שטענדיק וואַרפן גאָלדענע מטבעות און ער וועט מצליח זיין אין אַלעם.

מיין ערשטער מלמד איז געווען „פלאַשקע״. זיין נאָמען האָב איך פאַרגעסן, נאָר זיין צונאָמען געדענק איך גוט.

יעדער צונאָמען פון אַ מלמד האָט געהאַט זיין טעם און סיבה. על אחת כמה וכמה דער נאָמען „פלאַשקע״. אין אַ אַ פראָסטיקן טאָג האָט אַ קריסט אים געבראַכט אַ וואָגן האָלץ און האָט ביי אים אויפן גאַניק פאַרגעסן אַ פלאַש. דער מלמד איז אים נאָכגעלאָפן אין זיינע צעריסענע שיך אויף דער פאַרשנייטער גאַס, אָן אַ מאַנטל, און האַלטנדיק דעם פויערס פלאַש געשריגן: „פלאַשקאַ, פלאַשקאַ!״.

אַן אָרנטלעכער ייד איז ער, בלי ספק, געווען, נאָר דער צונאָמען פלאַשקע איז געבליבן. „פלאַשקעס״ חדר איז געווען אויף פּאָליצייסקע גאַס. זיין דירה איז באַשטאַנען פון אַ צימער מיט אַ קליין קיכל. אין דעם צימער איז געווען זייער קאַלט. זיין ווייב פלעגט זיצן אין ווינקל ביי אַ ניי־מאַשין, גענייט הויזן פאַר ייִנגלעך און זיך געוואָרעמט ביים פּייערטאָפּ, וואָס איז געשטאַנען נעבן דער ניי־מאַשין. אַרום 15 קינדער זענען מיר געווען אין דעם חדר און לערנען פלעגט מען פון אין דער פרי ביז ביינאַכט. ווען עס פלעגט ווערן פינצטער פלעגט דער מלמד אָנצינדן אַ קליין נאַפט־לעמפּל, וואָס האָט געהאַט אַ טבע צו פאַרלעשן זיך. דערפאַר האָט אָבער דער מלמד געהאַט פיל געדולד ווידער עס אָנצוצינדן. ווען עס פלעגט שוין זיין שטאַרק פינצטער אין דרויסן (קיין עלעקטריש ליכט איז דאַן נאָך אין שטאָט נישט געווען) פלעגן זיך די קינדער פונאַנדערגיין אַהיים. פאַרן אַוועקגיין פון חדר איז געווען אַ מנהג, אַז דער מלמד מיט אַלע קינדער האָבן צוזאַמען געלייענט קריאת־שמע אין אַ כאָר.

אַ גאַנצן זמן האָב איך געלערנט אין דעם חדר. ווי באַוווּסט איז אַ זמן געווען זעקס חדשים. נאָך דעם האָט מען מיך אַריבערגעפירט אין אַ צווייטן חדר, ווו ס׳האָבן געלערנט גרעסערע קינדער. דאָס איז געווען „פּאַנטאַלקע״ דעם מלמדס חדר אויף לידער גאַס. פאַר וואָס די חדר־ייִנגלעך האָבן אים גערופן „פּאַנטאַלקע״, ווייס איך נישט. איך געדענק, אַז ער האָט שטאַרק געשלאָגן די ייִנגלעך אָן אַ שום געפיל פון רחמנות. אין דעם דאָזיקן חדר האָט געלערנט אַ קליין און שוואַך ייִנגעלע. זיין פאָטער איז געווען זעליג פּופּקאָ, דער דירעקטאָר פון באַנק „וזאַימנאָוואָ קרעדיטאָ״. איין מאָל בשעת דער מלמד איז געווען אין כעס האָט ער שטאַרק צעשלאָגן דאָס קינד מיט אַ לעדערנעם פּאַסיק, וואָס פלעגט ביי אים שטענדיק זיין צוגעגרייט. מיר האָט דאָס שטאַרק ווי געטאָן. ביי דער ערשטער געלעגנהייט ווען ער האָט נישט באַמערקט, האָב איך דעם פּאַסיק ביי אים צוגענומען און אַריינגעוואָרפן אין טובעלעוויטש דעם חזירניקס חזר־שטאַל, וואָס איז געווען אויף לידער געסל. איך האָב זיך אומגעקערט אין שטוב און געזאָגט מיין מאַמען, אַז מער וועל איך אין דעם דאָזיקן חדר נישט גיין, ווייל דער מלמד שלאָגט די קינדער און איך האָב פאַר אים שטאַרק מורא. זי האָט מיך פאַרשטאַנען און צוגעזאָגט מיך צו שיקן אין אַנדער חדר.

אין עטלעכע טעג אַרום איז געקומען דעם מלמדס ווייב און געבעטן מיין מאַמען זי זאָל מיך שיקן צוריק אין איר מאַנס חדר. ווייזט אויס, אַז ער איז קיין גביר נישט געווען און זיך שטאַרק גענייטיקט אין דעם שכר־לימוד, וואָס מיין פאָטער פלעגט צאָלן מיט אַ ברייטער האַנט. עס האָט אָבער נישט געהאָלפן און איך האָב זיך צו אים נישט צוריקגעקערט.

דעמאָלט האָב איך אָנגעהויבן לערנען ביי עוזר דעם מלמד (וואָלינסקי). זיין חדר האָט זיך גערעכנט פאַר די בעסערע חדרים אין שטאָט און פלעגט נעמען שכר־לימוד מער ווי אַנדערע. דאָס צימער, ווו עס פלעגן זיצן אַרום צוואַנציק תלמידים איז געווען פאַרהעלטנישמעסיק גרויס און נעבן זיין הויז איז געווען אַהויף ווו מען האָט זיך געקענט פריי שפּילן. ר׳ עוזר דעם מלמדס זין זענען געווען אַקטיווע חברים אין „בונד״ און זייער אָפט פלעגט קומען פּאָליציי און מאַכן רעוויזיעס אין הויז. דאַן פלעגן מיר קינדער זיך צעלויפן אַהיים און דערשראָקענע פון די צאַרישע זשאַנדאַרמען האָבן מיר געזוכט אַ באַהעלטעניש.

שפּעטער האָב איך געלערנט ביי ר׳ דוד יהודה טאַטאַרסקי. זיין חדר איז געווען שוין אַ מער פאַרגעשריטענער און אַ לערער פלעגט דאָרטן לערנען רוסיש די תלמידים. דאָרט האָט מען אויך געלערנט גמרא, פון וואָס מיר מיידלעך זענען געווען באַפרייט.

טוביה ציגעלניצקי

# טוביה דער מלמד

טוביה דער מלמד האָט געוווינט מיט זיין משפחה אויף טאַרגאָווע־גאַס אין אַ הילצערן הייזל. זיין חדר איז געווען אויף ווילנער־גאַס, אין אַ צימער ביי אברהם יעזשערסקי דעם שמיד.

אין חדר האָבן געלערנט ייִנגלעך און מיידלעך. ער איז געווען אַ דאַרער ייד פון מיטעלן וווּקס, מיט אַ בלאָנד שפּיציק בערדל. שטענדיק אַן ערנסטער, אַ פאַרטראַכטער. קיינמאָל נישט געלאַכט. גערעדט שטענדיק מיט רוגזה, ווי ער וואָלט געווען אין כעס אויף דער גאַנצער וועלט. זיינע תלמידים האָבן שטענדיק געציטערט פאַר זיין בליק. ער פלעגט אַריינרופן די

קינדער צום לערנען, יעדן באַזונדער. מעגלעך צוליב דעם, ווייל דאָס צימער ווו מען האָט געלערנט איז געווען קליין. ביים לערנען די קינדער איז ער געווען זייער שטרענג. אויב דער תלמיד האָט עפּעס נישט גוט געלייענט ווי מען דאַרף, איז שוין זיין רעכטע האַנט געווען גרייט צו געבן אַ גרויסן פּאַטש ווו ס'האָט זיך נאָר געלאָזט. אויף שלאָגן די קינדער איז ער נישט געווען קיין קאַרגער. שלאָגן פלעגט ער שטענדיק מיט דער לינקער האַנט. זיצנדיק ביים לערנען, האָט יעדער תלמיד געוואַרט מיט אומגעדולד ער זאָל וואָס גיכער באַפרייט ווערן, און פאַרלאָזן דאָס שרעק-צימער פון טוביה דעם מלמד, פריי אַרומלויפן און זיך שפּילן אויפן הויף, ביז דעם מלמדס רוף צו אַ נייער שרעק-לעקציע.

אַמבעסטן איז געווען, אַז מען האָט שוין דערזען פון דערווייטנס זיין פרוי, ווען זי פלעגט אים ברענגען עסן: איינגעוויקעלט חלה מיט מילך אין אַ הויכן ליימענעם קרוג מיט אַ שמאָלן האַלדז און אַ קורצן הילצערנעם לעפל. מיט דעם דאַזיקן לעפל איז נישט געווען מעגלעך צו דערלאַנגען דעם עסן ביזן סוף קרוג. האָט ער נישט געהאַט קיין אַנדערע ברירה נאָר זופּן פון קרוג. ער פלעגט עסן מיט גרויס אַפּעטיט און מאַכן אַ גרויסן טומל, וואָס עס פלעגט ביי אונדז קינדער אַרויסרופן אַ גרויס געלעכטער. געענדיקט עסן פלעגט ער אַן אויפגערעגטער געבן די קינדער פעטש צוליבן חוזק מאַכן פון אים.

# „חברה תהילים"

„חברה תהילים" האָט עקזיסטירט אין לידע פיל יאָרן. אין זעלבן בנין פון דער גרויסער שול האָבן זיך געפונען צוויי קליינע קלויזן, דאָרט האָט מען געדאַוונט און געזאָגט תהילים אַ גאַנץ יאָר. עס זענען געווען יידן, וואָס זענען געגאַנגען וועקן צו גיין תהילים-זאָגן. ווי געוויינלעך האָט מען אָנגעהויבן זאָגן תהילים אין האַלבער נאַכט, עטלעכע מאָל אין דער וואָך און אויך פרייטיק צו נאַכט. די הויפּט-גבאים פון די חברה תהילים זענען געווען יאשע דער קאַטלער (קאַגאַנאָוויטש), געוווינט אויף סאַדמייע, איטשע-בער דער סטאָליער פון זאַוואָלנע-גאַס, בערל דער לאַכאָט פון מאַרק, אלתר פיינשרייבער דער מעל-קרעמער, ר' אליהו דער טשעשלער (ברעסן און נאָך). אין מיטן דער נאַכט הערט מען שוין ווי אַלתר פיינשרייבער וועקט אויף דעם עולם יידן אויפצושטיין גיין תהילים זאָגן, מיט זיין קלינגענדיקן ניגון וואָס שניידט דאָס פינצטערניש פון דער נאַכט:

שטייט אויף צו עבודת הבורא.
וואָס מיר זענען, זענען מיר,
אָבער יידן זענען מיר.
וואָס מיר טוען, טוען מיר,
אָבי תהילים זאָגן מיר.

שטייט אויף, שטייט אויף, יידעלעך...

ער לייגט צו דאָס אויער צום פענצטער ווו ער האָט אָנגעקלאַפּט צו הערן צי מען שטייט אויף. ער ברומט צו זיך אַליין. יידן שלאָפן געשמאַק נאָך אַ טאָג שווערער אַרבעט. דאַן הייבט אָן אַלטער קלאַפּן אַ ביסל שטאַרקער און זינגען דעם זעלבן ניגון און עס הערט זיך שוין, ווי אימעצער וועקט זיך שוין אויף. שרייט שוין אַלתר: גיכער אויפשטיין, וואָס פּאַפּט איר, יידעלעך, אַזוי ווי געהרגעטע. און עס הערט זיך ווי יאשע דער קאַטלער ענטפערט פון אינעווייניק מיט אַ לאַנגן געגעניץ, מיט זיין באַסאָווער שטימע: באַלד... באַל...

אַזוי גייט אַלתר— פון שטוב צו שטוב און וועקט יידן. אין דער שטילקייט פון דער נאַכט קלינגט אָן איבעררייס זיין רוף-ניגון צו תהילים זאָגן. אויפן גאַס זעט מען נאָר די דיזשורענדיקע פּאָליציי, וואָס היט אָפּ די אָרדענונג אין שטאָט. אין אַ ווייטלע אַרום זעט מען שוין די שאָטנס פון די יידן טראָגנדיק טליתים, לאָזן זיך גיין אין דער ריכטונג צו די קלויזן פון די חברה תהילים. ווען מען ענדיקט זאָגן תהילים הייבט שוין אָן צו טאָגן. עס ווערט ליכטיקער און מען שטעלט זיך דאַוונען שחרית. נאָכן דאַוונען איילן יידן צו זייער טאָג-טעגלעכער באַשעפטיקונג, מיט בטחון, שטאַלצקייט און גלויבן אין אַ בעסערן מאָרגן.

**יצחק גנוזוביץ (גנוז)**

# מושקה - שחקן פורים

דמותו היתה ידועה לכל ילדי העיירה, הוא היה ידידם הגדול של כולם.

קצר קומה היה מושקה וחטוטרת הזדקרה מאחוריו, שפתחה את פי מעילו וחשפה את חזהו החלק השחום. שתום-עין ומרכיב משקפיים גדולות, שזגוגיתן האחת תמיד סדוקה שתי וערב, ובצדן האחד משוכים לעבר אזנו התפוחה. במכנסי רכיבה מרופטים ראוהו תמיד כשכל צבעי הקשת בצבצו מטלאיהם, והוסיפו לאישיותו גון פורימי גם בימי חול קודרים וחדגוניים. הוא ידע הרבה מלאכות ובכולן עסק. מהסקת התנורים בבתי הגבירים, ניכוש הגינות ועד מריטת התרנגולות לפני הימים הנוראים. בתקופת החורף היה נע בהילוכו הברווזי בחוצות המושלגים. רועד קימעה מהקור. מתכרבל במעילו הבלוי כשחבל עבה חגור על מתניו וגרזן תחוב בו. אי-פה אי-שם היה קורא אותו מאן-דהו לחטוב לו את עציו ותמורת זה מזמינו להסב לשולחנו ולהתכבד בארוחה חמה, ולפעמים היה מוסיף לו משהו, ככל אשר לבו ידבנו. מעולם לא עמד מושקה על המקח גם עם מי שקימץ בשכרו ומעולם לא ביקש משהו מאדם ללא התמורה, ששתי ידיו העמלניות העניקו.

לא תמיד שיחק לו גורלו. לעתים קרובות מצאוהו עומד ליד חלון-ראווה של המאפיה ומבטו תקוע בככרות הלחם

הטריים, בדברי המאפה והמתיקה, שהונחו מעבר לזכוכית, כשעינו האחת המימית צפה על מלאת, וכולו רגוש ומיצר. ילדים שפגשוהו בדרכם היו עוצרים אותו, מושיטים לו את היד, מעשה גבר. הוא הכיר כל אחד מהם, לפי שמו הפרטי והירבה לשאול על בית הספר ועסקי אבא. הירבה לספר על ירושלים והכותל, על נוח והתיבה ועל כל הסימנים המעידים קבל עולם ואדם, שימות המשיח ממשמשים ובאים. ככל שהירבה לדבר כן הבקיע דמו את עור פניו הכהים, שהתנאו בעגמת אביב רחוקה ורוק ביצבץ משפתיו ובין שיניו העקומות. כך היה טווה שיראין ומושך בסיפורים. ציבור שומעיו שהקיפוהו היו שוכחים את דרכם וכמאובנים עמדו קשובים לצלילי נעימות נפשו, שבקעו מתוך דבריו.

בפורים היה מושקה אחר. דומה, שכל השנה היתה כמין פרוזדור ארוך ומייגע לטרקלינו של יום זה. בבוקרו של יום היה יוצא לרחובה של עיר, הדור בלבושו וגאווה עילאית שורה על פניו. דומה היה, שקומתו הזדקפה ולבשה גברות יתר. את גבו וחזהו כיסה מעיל עשוי קרטון ועליו שפע של ניירות צבעוניים. על ראשו הבריק כתר וממתניו למטה נמשכה החרב העשויה פח מנצנץ. בהליכתו היתה מין טפיפה של הכרת ערך עצמי ומזמן לזמן היה דולג על השלגים, שנערמו בסימטאות הרובע היהודי, שמא יאונה רע למגפיו הקרועים. חבורות ילדים היו מזדנבות אחריו, מוחאים לו כפיים ושורקים. מצפים לו ליד פתחו של כל בית עת נכנס לשם בחזרו על הפתחים. בהכנסו לבית, היה מברך ב„פורים שמח״. מתיר את חרבו מהחגורה, מעמידה בפינת הבית ומפזם את פזמונו:

„היום פורים,
מחר חסל,
תנו לי פרוטה,
ומנות מלוא הסל״.

לא תמיד היו נותנים לו מנות מלוא הסל ולא תמיד את הפרוטה המיוחלת.

ביום כפור, עת רוח קרה ומקפיאה השתוללה בחוץ, קרה המקרה. דעתו היתה טרופה עליו ונקלע בטעות לבית שאינם מבני ברית. לקול צחוקם הפראי והעילג של דרי הבית, יצא משמה ללא החרב כשקצה כתרו שבור ומעיל הקרטון פרום עליו. בצעדי יאוש ניגש הוא לעברו השני של הרחוב, התיישב על קצה המדרכה ונעץ מבטו לחללו של היום השוקע. בכי יללה מר נחנק בגרונו ומעינו האחת הבריקה דמעה, גלשה על פניו הכחושים סכופים ונפלה מטה, על לובן מרבד השלגים.

א. ל.

# לידער שכורים

אַזוי האָט שוין די וועלט אָפּגעפּסקנט: מינסקער דברים־אחרים, ווילנער נאַשערס און לידער שכורים. אויב איר ווילט, איז אַפילו פאַראַן דערויף אַ שטיקל רמז אויך: „לידא״ איז בגימטריא „לוט״...

מ׳דאַרף נישט מיינען, אַז אין לידער גאַסן האָבן זיך געוואַלגערט יידישע שכורים. אַזוי ווייט איז עס נישט דערגאַנגען — פאַרט יידישע טרינקער... נאָר נעמען אַ ביסל בראָנפן, ווער רעדט בקאָמפּאַניע — אדרבא ואדרבא. און פאַרוואָס טאַקע נישט. אַן אַמאָליקער לידער ייד איז זיך געווען אַ זאָרגלאָז באַשעפעניש, שטענדיק אַ בעלן אויף אַ גוטן וויץ, אַ שפּאַס, אַ שטיף, און טאַקע אויף נעמען אַ „קאַפּעלע״; אַי חיונה? עט, ווייס איך וואָס, השם־יתברך וועט נישט פאַרלאָזן.

און אַ ביסל בראָנפן האָט טאַקע אַ לידער ייד געקענט נעמען נישט נאָר שבת אָדער יום־טוב צום קידוש, נאָר אַפילו אין אַ מיטן מיטוואָך. און נישט נאָר אין דער היים פאַר מיטאָג, נאָר אַפילו אין שענק, גייענדיק פון דאַווענען מיטן טלית־זעקל אונטערן אָרעם...

אַריינגייך אין שענק האָט בכלל געהערט, קען מען זאָגן, צום גוטן טאָן, פונקט ווי היינט דאָס זיצן אין „קאַוויאַרניע״, להבדיל, געביטן האָט זיך בלויז די פאָרם; דער תוך איז געבליבן דער זעלבער.

אין שענק, אויף אַ ביסל בראָנפן מיט פאַרבייסן, פלעגן קומען נישט נאָר פּראָסטע יונגען, נאָר אויך שיינע בעלי־בתים, חזנים, גבאים, דיינים.

ווערן דערציילט פאַרשידענע אַנעקדאָטן אויף דער טעמע: מען איז אַמאָל אַריין צום רב ר׳ מרדכי מעלצער ז״ל זיך פרעגן אויף איינעם אַ דין. האָט דער קלוגער רב גע־

מאַכט אַ פאַרוווּנדערט פנים: ווי קומט ער אַהער? וואָס איז ביי מיר, אַ שענק?...

אַז ס׳האָט אַמאָל געדאַרפט קומען אַ נייער רב אין שטעטל, זיינען אַ פאָר חשובע בעלי־בתים אים געפאָרן אַנטקעגן עטלעכע צענדליק ווייאָרסט פון שטאָט. „נאַטירלעך״ האָט מען גענומען מיט זיך אויפן וועג אַ פלעשעלע ניינציקער — אויפן וועג איז יעדע עטלעכע ווייאָרסט געווען אַ קרעטשמע, פלעגט מען זיך אָפּשטעלן און נעמען „אַ קאַפּעטשקע״. דערנאָך פאָרט מען אָבער אָפּ אַ פינף־זעקס ווייאָרסט און נישטאָ קיין קרעטשמע. הייסט איינער פון די בעלי־בתים אָפּשטעלן די פור און ציט אַרויס דאָס פלעשל. דער צווייטער איז אַ ביסל פאַרחידושט, ס׳הייסט, וואָס איז דאָ פאַר אַ סטאַנציע? ס׳איז דאָך ליידיק פעלד? — נו, זאָגט יענער, און אַז דאָ וווינט אַן אָרעמער פריץ, וואָס איז נישט ביכולת אויפצובויען אַ קרעטשמע, דאַרפן מיר ליידן?...

פאָרן זיך אַמאָל אַ פּאָר לידער יידן אין אַ בויד אויף אַ יריד. מיט זיך האָט מען געהאַט בלויז אַ לעבל ווייסע ברויט און, ווי דער שטייגער, אַ פלעשעלע. אַז ס׳האָט זיי אָנגעהויבן הונגערן, האָט מען אַריינגעגאָסן דעם בראָנפן אין אַ שיסעלע, כדי איינטונקן דערין דאָס ברויט. באַלד האָט מען זיך אָבער מיישב געווען — ווי נעמט מען עס נישט קיין ביסל בראָנפן פאַרן עסן? וואָס איז מען — גויים, חלילה? גיסט מען אָפּ אַ ביסל צוריק אין פלעשל אַריין און מען גיסט זיך אָן אַ גלעזעלע...

אָט אַזוי האָבן זיך אַמאָל געלעבט לידער יידן און מיט זייער זאָרגלאָז, פריילעכן געמיט זיך דערוואָרבן דעם אויבנדערמאָנטן עפּיטעט: „לידער שכורים״.

(„לידער וואָך״, 1933)

**יצחק גנוזוביץ (גנוז)**

# משחקים של ילדי היהודים בלידא

בסימטאות של השולהויף ועל גדות הנהר לידזייקה, במרכז העיר, זרטשה, פיאַסקס, פרמה או ביער של רושלאקי — שיחקו פעם ילדים יהודים. הד צחוקם ובכיים, צהלת צעקו־תיהם, קריאתם ושירתם הלכו שלובות עם זרם החיים של הוריהם, על שמחותיהם ויגונם, בדור של החורבן ובדורות שקדמו לו.

הילד גופו כשהוא לעצמו מהווה אגדה שזורה בהוויית יום יום באורח פלאי ומקסים. כל כולו מעיין מתגבר של שירה עתיקה, אך עם כל ילד היא מתחדשת שוב. באדם־הילד טבוע יצר החיקוי לאדם הגדול ממנו המתבטא בתנועותיו ובסגולת שיחו. בתוכנם של הדברים המושרים או נאמרים על ידי ילד או קבוצת ילדים ניתן להישמע עולמם של המבוגרים אך בגירסה מיוחדת במינה שאין דומה לה ועולם הילדות שמה.

פולקלור ילדים כפולקלור מבוגרים עובר מתקופה לתקו־פה על חליפת נוסחאותיו, כי אבות לבנים מביעים אומר ודור לדור מחווה דעת. ארשת שפתי ילדינו נאלמה מבלי שתבוא בעקבותיה הרציפות הלשונית ורציפות ההווי שהיו לכור היתוך לה. על כן יקרים לנו פירורי משחקם ודברם, כי עם פרפורי גסיסתם של אחרוני ילדינו בלידא נדם גם שיחם ושיגם.

נעלה איפוא קורטוב ממשחקיהם ורחשם כפי שנטבע בזכרוננו.

**ברוגז — שלום**

שני ילדים רבו ביניהם. הם שרויים ברוגז ואינם מדברים אחד עם רעהו. הם „יוקש". אחד מהם או שניהם החליטו „לעשות" שלום. אזי הם נפגשים, משלבים אצבעות יד ימין ואומרים:

חבר, באווער שפילקע קלעצל
וואָס ווילסטו בלוט צי ערד?
בלוט — זיינען מיר ביידע גוט!
ערד — זיינען מיר ביידע שלעכט!

**תרגום:**

חבר — באבר, סליל חוטים
מה רצונך: דם או חול?
— דם! — הרוגז תם!
— חול — עוד הרוגז גדול!

והיה אם שניהם רוצים בשלום אז היו חוזרים על הפיסקא „בלוט — זיינען מיר ביידע גוט!" ואם לאו אז על הפיסקא „ערד — זיינער מיר ביידע שלעכט!"*

## 1. משחקי תנועה ומחול

### א. שירי מניין (אויסציילונג)

למשחקי מחבואים או בערעק (תופסת) הקדימו תמיד „שיר מניין" (אויסציילונג), כלומר: דיקלום קצר או אימרה שאחד היה אומר ומצביע כל מלה על כל אחד מהנוכחים. האחרון מתחיל במשחק. והרי אחד מה„מניינים" הללו:

אַ יידעלע האָט געפאָרן קיין ירושלים,
האָט ער אָנגעוואָרן אַ פעקעלע קליינן,
האָט ער געגאַנגען זוכן
האָט ער געפונען אַ קוכן,
האָט ער פאַרגעסן צו מאַכן אַ מוציא
האָט ער געקראָגן מיט אַ חזיר איבערן פלייצע.

**תרגום:**

נסע יהודי לירושלים,
אבדו לו צרורות שניים.
הלך לחפש לו (בתוגה)
חיפש ומצא לו עוגה.
שכח עליה לברך
והוכה בחזיר שוק על ירך.

נימת האשמה על שיכחה בתפילה או ברכה, חוזרת גם בשיר המניין הבא. כאן האשמה כפולה ומכופלת, כי אכל חלב עם עוף ביחד:

רויטע פאַטשיילע, גרין און בלאָ,
האָט ער געפאָרן פאַד האַראָ,
פאַד האַראָ געהאַט אַ זון,
האָט ער געגעסן פוטער מיט הון.
פוטער מיט הון האָט ער געגעסן
דאַוונען און בענטשן האָט ער פאַרגעסן.

**תרגום:**

סודר אדום וצבע ענבר,
נסוע נסע מתחת להר.
מתחת להר — בנו שם ישב
אכל תרנגולת בחלב.
חלב בתרנגולת אכל, אכל
להתפלל ולברך שכח כלל!

ויש ופסוק מהתפילה שימש שיר־מניין, כמו זה דלקמן (תהילים נ"ה, ל"ח) ואחריו כמה שמות פרטיים בחריזה שובבנית ורמז לשם המשפחה „פופקע", שהיה נפוץ בלידא:

והוא רחום יכפר עוון ולא ישחית
והרבה להשיב אפו ולא יעיר כל חמתו,
אַפּקע, דראַבקע, יאַשקע פופקע
הענאַכקע גענאַכקע
אַרויס!

**תרגום:**

אפא — אדרבא, יוסי קורקבן
חנוך גנוך,
צא!

נוסח אחר פירסם המחנך ד"ר י. רבקאי ז"ל במאמרו ב„משמר השכלת היהודים" ברוסית, מספר 27, 1914, ונרשם כדברי המחבר מפי ילדי ישראל בפלכים מינסק, יקטרינוסלאוו וקובנה. (ד"ר י. רבקאי, הגורליות והילד, בספרו „מקרוב ומרחוק", תל־אביב תשי"א):

והוא רחום יכפר עוון ולא ישחית
והרבה להשיב אפו!

---

* בכמה מחוזות בליטא ורוסיה הלבנה כתבו „ערד" (אדמה) והיגו „עכד" ומכאן החרוז „עכד" „שלעכט".

אפע, לאפע, ציפע דראפע,
עס, מעס, באבע פרעס
סערעלע מערעלע פויף!

**התפילה קרובה לעולמם של הילדים ועל כן שימש למניין גם פיוט לכבוד שבת:**

פאר וכבוד נותנים לשמו, / צהלה ורינה לזכר מלכותו, / קרא לשמש ויזרח אור / ראה והתקין צורת הלבנה!

**לפעמים שימשה לכך גם הפתיחה לפרקי אבות:**

כל ישראל יש להם חלק לעולם הבא, / ועמך כולם צדיקים לעולם ירשו ארץ / נצר מטעי, מעשי ידי להתפאר!

**הסיום „אַרויס", כלומר: צא מהשורה להתחיל במשחק, חוזר גם במניינים אחרים, כמו:**

היינדל, ביינדל, צוקער שטיינדל
העקל, בעקל, אַרויס!

**ילדים יהודים שיחקו עם שכניהם — ילדים פולנים או בילורוסים. המניין היה על פי רוב ביידיש אך לפעמים גם בפולנית. גם שיר זה מסתיים ב„צא":**

Płynie jabłko po wodzie
kto je złapie ten wyjdzie!

על פני המים, תפוח שט
זה שיתפסנו יצא מיד.

**נוסח אחר של שיר מניין, שכולו עברי, בתוספת רוסית:**

אני הלכתי בדרך
פגע בי איש חזק
ושמו קוזאַק,
„נאַגאַייקה" (מגלב) בידו, חרב בצדו
אמר אלי: „דיענגי דאַוואַי! (תן כסף).

**האופייני בשירי מניין של ילדים יהודיים הוא גיבוב של מלים שתוכנן הוא לפעמים נטול הגיון כלשהו, לשון סתרים לקטעי מלים. כוח נעלם, נסתר ופאטאלי הוא הגורל. הוא מעל ומחוץ להשגתו של אנוש כגדול וכקטן גם יחד. לנעלם פונים בשפה נעלמת. בתת־הכרתו מכיר הילד בגורם פלאי זה ובעת הפלת הגורל הוא משנן לו גם סוד שיח פלאי. ויש שהבהירות והעירפול נתונים בערבוביה:**

איין קאַטלער באַטלער האָט געהאַט
צען קיילעס צו פאַריכטן
וויפל טשוועקעס דאַרף ער האָבן?
ניט איינס, ניט צוויי, ניט דריי
ניט פיר, ניט פינף, ניט זעקס...

לחרש דודים היו
עשר חביות לתיקון.
כמה מסמרים דרושים לו?
לא אחת, לא שתים, לא שלוש
לא ארבע, לא חמש, לא שש...

**או דוגמה אחרת:**

אַ טויב איז געפלויגן אין אַלע לענדער, / האָט זי געפונען די שענסטע לאַנד / האָט די לאַנד אָפּגעשלאָסן, / האָט דער שליסל אָפּגעבראָכן. / איינס, צוויי, דריי, גיי אַרויס פריי!

**תרגום:**

יונה על פני כל המדינות עפה / ומצאה את המדינה היותר יפה. / המדינה פתחה נסגר / והמפתח שם נשבר / אחת שתים שלוש, צא לחופש.

**דוגמא נוספת לגיבוב מלים נטולי משמעות:**

הענגע, בענגע, סטופע, צענגע,
ארצע, בארצע, גאַלע שווארצע,
איימעלע, ריימעלע, בייגעלע פייגעלע,
אַפּו!

## ב. משחק הפיקער

**מעמידים קופסת פח ריקה במרכזו של מגרש. (כשאין מגרש הרי הרחוב מגרש אצלנו). וזהו ה„פיקער".* במרחק של שמונה־עשר מטר מה„פיקער" מתייצבת בשורה הקבוצה של בנים ובידיהם מקלות. קצה המקל נעוץ בכף הרגל. המקל נזרק בתנופת הרגל לכיוון ה„פיקער" להפילו.**

**ליד ה„פיקער" עומד „שומר" ובידו גם מקל. כשקבוצת הזורקים לא מצליחה להפיל את ה„פיקער" הם מתקרבים ל„שומר" לשחרר את המקלות שלהם ולהפילו. במקרה ו„השו־מר" נוגע באחד מהם במקל שבידו לפני שמישהו מצליח לבצע את זממו, אזי זה הנגוע נשאר „השומר" והמשחק חוזר חלילה. במקרה והוא אינו מצליח — נשאר הוא שוב „השומר".**

## ג. משחק הצורקה

**צורקה נקראת חתיכת עץ עגלגלה בגודל של עפרון שמניחים אותה על הקרקע. כל משתתף במשחק חייב היה להעלות אותה על קרש קטן או על חתיכת דיקט מבלי לנגוע בה בידיים, ותיכף לזרקה בתנופה למרחק. כל המרחיק הרי זה משובח.**

## ד. אַ קאַן וואַסער (כד מים)

**קבוצת ילדים מסתדרת במעגל, יד ביד, מסתובבים ושרים:**

משה האָט געטראָגן אַ קאַן וואַסער,
אַ קאַן וואַסער.
דריי מאָל אַרום און אַרום
משה, משה, קער זיך אום!

**תרגום:**

משה נשא כד של מים,
כד של מים.
שלוש פעמים סחור־סחור
משה, משה, חזור!

**משה פונה עם גבו למרכזו של המעגל, אחר כך מגיע תורו של הילד השני, השלישי וכו'. כשכולם כבר בצורה כזו, מוסיפים להסתובב ולשיר:**

אַלע האָבן געטראָגן אַ קאַן וואַסער,
אַ קאַן וואַסער.
דריי מאָל אַרום און אַרום,
אַלע, אַלע, קערן זיך אום!

**תרגום:**

כולם נשאו כד של מים,
כד של מים.
שלוש פעמים סחור־סחור,
כולם כולם, פונים לאחור.

**כולם פונים אז בבת אחת בחזרה עם פניהם למרכז המעגל.**

* נוסח ישן יותר: מקל תקוע בתוך תלולית של עפר ובולט ממנה כ־30 ס"מ.

**ה. משחק „משא ומתן"**

**שתי קבוצות ילדים משחקות בזה. נעמדים בשתי שורות אחת מול השניה. הילדים בכל שורה שלובי זרוע ושורה מתקדמת לקראת רעותה. נפגשים באמצע החדר או המגרש, חוזרים אחורנית ומתקדמים שוב למרכז וחוזר חלילה. תוך כדי הליכה שרים הם:**

שורה א׳: מיר וועלן אייך געבן הונדערטער, הונדערטער!
שורה ב׳: מיר דאַרפן ניט קיין הונדערטער, הונדערטער!
שורה א׳: מיר וועלן אייך געבן טויזנטער, טויזנטער!
שורה ב׳: מיר דאַרפן ניט קיין טויזנטער, טויזנטער!
שורה א׳: טו וואָס זשע דאַרפט איר האָבן, האָבן?
שורה ב׳: מיר דאַרפן האָבן אַ מיידעלע, אַ מיידעלע (אָדער אַ יינגעלע)
שורה א׳: אַ מיידעלע האָט אַ נאָמען, אַ נאָמען!
שורה ב׳: דער נאָמען איז דאָך חנהלע, חנהלע! (קוראים בשם אחד המשחקים).
שורה א׳: חנהלע איז אַ נאַרעלע, אַ נאַרעלע!
שורה ב׳: וועלן מיר איר אויסלערנען, אויסלערנען!
שורה א׳: מיט וואָס וועט איר איר אויסלערנען, אויסלערנען?
שורה ב׳: מיט אַ גאָלדן ביכעלע, ביכעלע!
שורה א׳: טו עפנט אויף דעם טויער, דעם טויער!

**במרכזה של שורה ב׳ זזים שני ילדים, עושים ריווח ביניהם, מרימים יד אחת ועל ידי כך יוצרים שער וכל שורה מתקדמת שוב למרכז וממשיכה בשירה:**

שורה ב׳: דער טויער איז שוין אָפן, אָפן!
שורה א׳: טו נעמט זשע צו חנהלען, חנהלען!

**כששתי השורות נפגשות הפעם — עוברת חנהלה משורה א׳ לשורה ב׳ ונכנסת ב„שער" ששורה ב׳ פתחה עבורה.**

שורה ב׳: (בפנים צוהלות ובשמחה) אונדזער פאַלק געווינען, געווינען!

שורה א׳: (בפנים עגומות ורכוני ראש) אונדזער פאַלק פאַרלוירן, פאַרלוירן!

**אחר כך ממשיכים בסיבוב שני של המשחק כשקבוצה ב׳ מתחילה.**

**תרגום:**

קבוצה א׳: ניתן לכם מאות, מאות!
קבוצה ב׳: אין רצוננו במאות, מאות!
קבוצה א׳: ניתן לכם אלפים, אלפים!
קבוצה ב׳: אין רצוננו באלפים, אלפים!
קבוצה א׳: במה רצונכם, רצונכם?
קבוצה ב׳: רצוננו בילדה, ילדה! (או בילד, ילד!)
קבוצה א׳: לילדה יש שם, יש שם!
קבוצה ב׳: שמה חנהלה, חנהלה!
קבוצה א׳: חנהלה היא טפשונת, טפשונת!
קבוצה ב׳: אנו נלמדנה, נלמדנה!
קבוצה א׳: במה תלמדוה, תלמדוה?
קבוצה ב׳: בספרון זהב, זהב!
קבוצה א׳: פיתחו איפוא השער, השער!
קבוצה ב׳: השער כבר פתוח, פתוח!
קבוצה א׳: קבלו את פני חנהלה, חנהלה!
קבוצה ב׳: עמנו ניצח, ניצח!
קבוצה א׳: עמנו הובס! הובס!

**ו. שלי — שלך**

**שם עברי למשחק. משחק זה נזכר גם בסיפורו של ב. גורין (י. גוידא) „דער קלאסניק" בספרו „יום טוב־דיגע דערציילונגען" (ניו־יאָרק, 1919), „מיר האָבן צוזאַמען איינע זיינע" און „שלי שלך" און „פּילקע דרילקע" געשפּילט... (י. גוידא נולד והתחנך בלידא).**

**הילדים מתחלקים לשני מחנות. כל מחנה בוחר לו מנהיג העומד ראשון בשורה. בוחריו נעמדים בשורה עורפית מאחוריו ושני המנהיגים עומדים פנים אל פנים. שני המחנות מחזיקים בחבל; קו מסומן על הקרקע חוצה ביניהם. כשכולם ערוכים למשיכת החבל מתפתחת השיחה בין המנהיגים:**

מנהיג א׳: שלי, שלך!
מנהיג ב׳: שיק דיין פאָלק!
מנהיג א׳: מיין פאָלק איז שטאַרק!
מנהיג ב׳: מיין פאָלק איז נאָך שטאַרקער!

**תרגום:**

שלי שלך!
שלח את עמך!
עמי — חזק!
עמי חזק יותר!

**ילד שתפקידו להיות השופט והוא עומד לידם נותן את הסימן: שיקט! תיכף מנסה כל המחנה למשוך את המחנה השני ולאלצו לעבור את הקו. נסחב המנהיג לעבר השני — הפסיד מחנהו את הקרב.**

**ז. קאַרעראָד**

**משחק ילדים בגיל הגן. מסתובבים במעגל ושרים:**

קאַרעראָד, קאַרעראָד
עפנט אוף דעם טויער!
דער קייסער מיט די קינדערלעך
שרייען ווי די ציגעלעך
מע — מע — מע!

**תרגום:**

במעגל, במעגל
פתחו השער!
המלך עם הילדים
פועים כגדיים
מה — מה — מה!

**ח. שלום המלך**

**לפני מלחמת העולם הראשונה היה נפוץ המשחק שפתי־חתו מתנהלת בלשון הרוסית והנקרא: „זדראַסטוויי קאָראָל",* לאמור: שלום לך המלך!**

**הילדים בוחרים ביניהם אחד והוא המלך. הוא מתיישב וקבוצת ילדים באה אליו לאחר שהתיחדו ביניהם וסיכמו על שני נעלמים, והם מקום שהיו ועבודה שעשו.**

**הם אומרים לו: שלום המלך!**
**הוא עונה על ברכתם ברוסית ושואל:**
**איפה הייתם?**

**בתנועות פנטומימה הם מתארים לו את המקום שהיו ועליו לנחש. שאלה שניה היא:**

**מה עשיתם? וגם לפי תנועותיהם אלו עליו להגיע לפתרון.**

* הילדים היהודים היו מבטאים: „זדראסטיע".

אגב, משחק זה נפוץ גם בין ילדי הארץ ושמו: „שלום אדוני המלך”.

### 2. משחקי שיר ופזמון

#### א. הזמנה לשיר

קבוצת ילדים מזמינה אחד מהם לשיר. הזמנה זו נעשית בשירה קבוצתית:

דריי מאָל דריי איז ניינע
יעדער זינגט דאָך זיינע,
דער חבר שלמה זינגט אַ ליד,
זינגט אַ ליד! זינגט אַ ליד!

**תרגום:**

שלושה פי שלושה — תשע
כל אחד שלו ישיר,
חבר שלמה ישיר שיר,
ישיר שיר, ישיר שיר!

**במקרה ושלמה שר, ושר יפה, אז כולם ממשיכים:**

דער חבר שלמה ט'גוט געמאַכט
גוט געמאַכט! גוט געמאַכט!

**תרגום:**

החבר שלמה טוב עשה!

**במקרה והוא מסרב או לא שר יפה:**

דער חבר שלמה ט'שלעכט געמאַכט,
שלעכט געמאַכט, שלעכט געמאַכט!
האָבן מיר זיך פון אים אויסגעלאַכט
אויסגעלאַכט, אויסגעלאַכט!

**תרגום:**

החבר שלמה עשה רע
עשה רע, עשה רע!
כולנו לעגנו לו!
לעגנו לו!

#### ב. פזמוני משחק משעשעים

בין הבנים היו נפוצים מספר פזמוני משחק משעשעים כגון:

זיבן יאַפּאַנעזער מיטן באַס, באַס, באַס,
גייען און שפּאַצירן אויפן גאַס, גאַס, גאַס.
קומט די פּאָליציי פרעגן: וואָס איז דאָס?
זיבן יאַפּאַנעזער מיטן באַס! באַס!

**תרגום:**

נוגני בטנון שבעה שבאו מיפן — פן —.
יצאו לערוך טיול בתוך הגן — גן — גן.
באה משטרה לשאול אותם: מה כאן?
נוגני בטנון שבעה מיפן — פן!

על פי רוב היו שרים שיר זה בהליכה ובקול נמוך, רק עם שלושת המלים האחרונות „באס, באס, באס” פורצים בצעקה.

פולקלור הילדים של העיירה היהודית במזרח אירופה, השפעתו ניכרת על פולקלור הילדים בישראל. שטח זה דורש מחקר מיוחד ולא כאן המקום להתעכב על כך. לדוגמא הפזמון המובא דלעיל. באותו לחן שרים אותו ילדים ברחובות הארץ אך במלים אלו:

שניים סינים עם כינור עגול,
יצאו לטייל וקראו בקול גדול,
בא שוטר, גירש אותם, וזה הכל,
שניים סינים עם כינור גדול!

ישנם פזמונים הנאמרים בקצב שירי וכל כולו של אותו פזמון כדוגמת שירי הגורל דלעיל, לשון סתרים וקטעי מלים נטולי הגיון כלשהו. הרי זה סוד שיח של ילד. סתרי רמזים אפוף הוא. ערפלי דמיון מתנצחים. שעשוע, צחוק ושירה בו. חידה ללא פתרון כעולם הגדול, עולם של גדולים הסובב אותנו:

אַפּ, שטיינדל, קאַנדעלושקאַ,
הוא—האַ, קאַנדעלא,
טשירעטשיפּעטשיק, בינדעלענטשיק,
באַראַבאַנקאַ, טי מאַיאַ.

אך יש גם חרוזים שתוכנם ברור, פרי הריאליה של חיי יום יום המגדירים כלים ומצבים בלשון קולעת וחותכת:

האַקמעסער, בראָטמעסער,
דיר איז גוט, און מיר איז נאָך בעסער.

להלן שיר לכת אותו היו שרים במנגינה מיוחדת בעת הליכה בחוצות העיר או בשדות לעבר היער:

מיר וועלן גיין צוויי אין צווייען
ווי סאָלדאַטן אין די רייען,
מיר וועלן גיין און זינגען פיין,
וועט אונדז אומעטיק קיינמאָל ניט זיין
וועט אונדז זיין אַ חיות (אַ חייעס).

**בתרגום לעברית:**

שנים, שנים בצמדים,
בשורות כחיילים
נצעד, נפצח בשיר עליז
שיעמום מלב יגיז
יביא מרפא ונחת.

בסוף שנות העשרים למדו בבתי הספר שיר פולני רווי פטריוטיזם לפולניה, המתחיל במלים:

„Płynie Wisła płynie po polskiej krainie”

בקטע מהשיר הכניס המורה ליכטמן הי"ד (לאחר מכן איש היודנראט, שמסר את נפשו למען הצלת יהודי וילנה בגיטו לידא) פיסקא משלו, כנראה במקום פיסקא אחרת שלא היתה לפי רוחם של המורים והתלמידים היהודים, וזה הוא העמוד של השיר:

Nad moją kolebką matka się schylała
modlić się do Boga wcześnie nauczała.
Mojde ani lefonecho mełech chaj wekajom
modlić się do Boga wcześnie nauczała.

זוכרני פני אמי לעריסתי גוחנת
תפילה לאלהים לי היא משננת:
מודה אני לפניך מלך חי וקיים —
תפילה לאלהים לי היא משננת.

שיר „המיספור” ושיר „האלף בית” היו נפוצים בין ילדי החדר. שירים אלה נאמרים כדיקלום ללא כל מנגינה.

איינס, צוויי — פּאָליציי.
דריי, פיר — אָפיציר.
פינף, זעקס — קליינע עקס.

זיבן, אַכט — אַ גוטע נאַכט
ניין, צען — קענסטו זען.
עלף, צוועלף — קומען די וועלף...

**בתרגום לעברית:**

אחת, שתים — משטרה.
שלוש, ארבע — קצין.
חמש, שש — שוורים קטנים.
שבע, שמונה — לילה טוב.
תשע, עשר — תוכל לראות.
אחת עשרה, שתים עשרה — הזאבים באים...

**שיר „האלף בית" ניתן כאן בצורה בלתי מושלמת עקב העדר אפשרות להשיג את הפרטים לאותיות החסרות.**

אלף — אברהמעלע
בית — בערעלע
גימל — געגאַנבעט
דלת — באַ דודן
היי — אַ העקעלע
וו — אַ וועלכע
זיין — אַ זילבערנע
— — — — —

יוד — יאָגט אים
כף — כאַפּט אים
למד — לייגט אים
— — — — —
פי — פּאַטשט אים
— — — — —
רייש — רייסט אים
שין — שמייסט אים.

**פזמונים מסוג אחר:**

קוקור קוּ האַן
וואָס וועט זי' באָבע טאָן,
האַלץ האַקן,
בולבעס באַקן,
לעקאַך טיילן
בראַנפן טרינקען.

מאָרגן וועט זיין אַ חתונה,
תשעה באב אַ חתונה?
נאָר דער פעטער עליע (אליהו)
מיט דער לאַנגער דעליע
אויפן ווייסן פערדעלע
מיט דער שפּיציג בערדעלע.

**בעברית:**

התרנגול קורא
סבתא מה תעשה?
תחטוב עצים
תאפה בולבוסים.
יי"ש כל לב ישמח
בדובשן לקנח.

מחר חתונה אם ירצה השם
חתונה בתשעה באב?
רק הדוד אליהו
חלוק ארוך עוטה הוא
על סוס לבן רכוב הוא לו
חוד זקנו רועד כולו.

ענע בענע יאַסטע
וויפל טייבעלעך האַסטו?
איך האָב צוויי טייבעלעך,

די טייבעלעך לייגן אייעלעך,
די אייעלעך פאַרקויף איך,
די געלטעלע פאַרזויף איך!

**בעברית:**

אנה, בנה, יסטה,
כמה יונים תפסת?
שתים בנות יונים הן לי,

ביצים שתיהן יטילו לי,
ביצים אמכור במהרה
אשתה ואשתכרה.

**פזמון אחר שנוצר כנראה בתקופת היווסדם של קיבוצי הכשרה והוא פרי המציאות החדשה, „המתקדמת" באותם הימים:**

איי שפּרינצע, פון פּאַפּיר
וועלן מיר מאַכן בריקן אָן אַ שיעור,
אַרויף אויפן שטאַרץ
האַקן האָלץ,
דאָס וועט אונדזער אַרבעט זיין
וואַשן וועש און געפעס
און לעבן אין פּראָגרעס.

**בעברית:**

איי שפרינצה ,מנייר,
נבנה גשרים ללא מספר
נעלה לארכס, עצים נחטוב
כביסה נכבס, כלים נשטוף
זאת תהיה העבודה
ונחיה בקידמה.

**יש בפזמון זה קצת היתול טוב לב בחולמי החלומות בין החלוצים, הבונים „גשרים של נייר" (רמז לאגדה על גשר הנייר בבוא המשיח?) וכן קורטוב ליגלוג על המרחק בין שאיפתם לחיים של „פרוגרס" לבין המציאות הבלה והמפרכת.**

**בתנועת הנוער היה נפוץ פזמון קצר בעברית:**

עפה פרה מעל הגג
והטילה ביצה.
נפלה ביצה מעל הגג
אוף! — והתפוצצה!

**קדם לו פזמון אחר באידיש אך המוטיב אחד הוא:**

הערט זיך איינעט קינדערלעך
וואָס איך וועל אייך דערציילן,
איבער די באָבע יאַכנעס קאָפּ
איז אַ קו געפלויגן.
דאָס איז אמת און דאָס איז אמת
און דאָס האָב איך אַליין געזען...

**בעברית**

שמעו נא ילדים שאני לכם אספרה
מעל לראשה של סבתא יחנה
עפה לה פרה.
זה אמת וזה אמת
כל זה אני ראיתי
ומבשרי חזיתי...

**פרעות הקוזקים ביהודים הטביעו חותמן בנפשם של יהודי מזרח אירופה לדורות. ברצות ההורים לאיים על ילדיהם איימו בקוזק. הקוזק החזק, האיום, החגור קרדום להרוג בו. הרי הוא גונטה קוזק האורב לעוללים ויונקים:**

ווער גייט דאָס ווי אַ בלינדער
און כאַפּט באַנאַכט די קינדער,
וואָס וויינען אין די וויגן
און ווילן שטיל ניט ליגן?

דאָס בין איך, גאָנטע קאָזאַק,
וואָס בלאָזט זיך ווי אַ בלאָז־זאַק,
און גיי אין רויטע הויזן
און טראָג אַ האַק אַ בלויזן.

און ווי נאָר פינצער ווערט נאָר
טירן פאַרקלאַפּט ווערט דאָך.

דאָן גייט דער גאַנטע קאָזאַק
וואָס בלאָזט זיך ווי אַ בלאַז־זאַק.

ער גייט אין רויטע הויזן
און טראָגט אַ האַק אַ בלויזן.

**בעברית:**

כסומא במחשך הוא נד
בלילות ילדים צד
הבוכים בעריסה
ומסרבים לשכב בדממה.

אני זה גונטה קוזק
המתנפח כשק
מכנסים אדומים לובש
קרדום לי כאש.

מיד עם רד הערב
עת דלתות ננעלות לליל,
יוצא גונטה לטרף
רשע הוא, בן בליעל.

מכנסיים אדומים לובש
קרדום לו כאש.

**ג. שירי חג ומועד**

**לשירים מסוג זה שייך שיר פורים שהיה נפוץ בין נוער מתבגר:**

הערט בחורים, היינט איז פורים,
ניט פאַרגעסט, ניט פאַרגעסט,
זייט מקיים און מאַכט לחיים
פון דאָס בעסט, פון דאָס בעסט.

ארור המן, ארור המן, המן האגגי,
ברוך מרדכי, ברוך מרדכי, מרדכי היהודי!

לאָקשן, קרעפּלעך פולע טעפּלעך,
שטייען אָרוס, שטייען אָרוס,
שטרודל, פלאָדן, אַנגעלאָדן
אומעטום, אומעטום.

ארור המן...

ווער ס׳איז שיכור איז דער עיקר,
ניט ניכטער היינט, ניט ניכטער היינט
מאַכט אַ כוסע גאָר אַ גרויסע,
ליבע פריינט, ליבע פריינט.

ארור המן...

**בתרגום לעברית:**

הקשיבו בחורים, היום פורים,
לא לשכוח, לא לשכוח,
מצווה לקיים ולשתות „לחיים"
מכול טוב, מכל טוב.

ארור המן, ארור המן, המן האגגי,
ברוך מרדכי, ברוך מרדכי, מרדכי היהודי!

אטריות, כיסנים, הסירים מלאים,
מסביב עומדים, מסביב עומדים,
עוגות, פירות, עמוסי צלחות,
בכל מקום, בכל מקום.

ארור המן...

להשתכר זה עיקר העיקרים,
לא פיכחות היום, לא פיכחות היום,
הרימו כוס גדולה, גדולה,
ידידים יקרים, ידידים יקרים!

ארור המן...

**להלן שיר לשמחת תורה:**

היינט איז, קינדער, שמחת תורה,
שמחת תורה אויף דער וועלט.
תורה איז די בעסטע סחורה
אַזוי האָט דער רבי אונדז דערקלערט.

אַי וויי, וויי, וויי.
פריילעך, קינדער, אָט אַזוי!

רענדלעך שיט זיך פון די זעק
פריילעך זאָל זיין,
דבורה, גיב מיר אָן אַ גלעזל,
פון דעם יום־טוב׳דיקן וויין.

אַי וויי . . . . . . .

**בתרגום לעברית:**

היום, ילדים, שמחת תורה,
שמחת תורה בכל העולם,
טובה תורה מכל סחורה,
כך הרבי לנו שינה.

אוי, ווי, הך, הך,
שמחו, ילדים, ככה, כך!

מטבעות נופלות מכל שק,
שמחה גדולה העצב פג,
דבורה, הבי לי כוסית,
נלגום מיין החג.
אוי ווי . . . . . . .

## 3. משחקי שולחן

**מבין משחקי השולחן יש לציין:**

**א.** קאַרטינקעס **(תמונות), כלומר: תוויות של בקבוקי בירה או יין שנאספו על ידי הילדים, קופלו בצורת ריבועים ושימשו לכמה מיני משחקים.**

**ב.** פענעס **(עטים). בימים ההם כשהציפורן של העט היתה נקנית בפרוטה ובחנות היה מיבחר עשיר של ציפורנים: צלבניות, ספינתיות, למדניות (צורת אות למ״ד), פלדניות, זהביות וכו׳ — נהגו הילדים לאסוף את הציפורנים המשומשות לשם משחק. לוחצים בזהירות ובקלות בקצה הציפורן הרחב**

(הנכנס לידית העט) והציפורן זזה או נהפכת ולפי זה נקבעו תנאי המשחק. הילד המרמה נקרא „קרויטשעל" — על שם הציפורן הצלבנית, אשר ילדים אדוקים בחלו בה. יתכן גם שהמלה באה מרוסית „קרוטיט", שזה „דרייען" — לסובב.

### ג. קנעפלעך (כפתורים)

**קנעפלעך** (כפתורים) צורות שונות ומשונות להם. יש גדולים וזעירים, עגולים, משולשים ומלבניים. יש מעץ, ממתכת ומצדפים. כל צבעי הטבע טבעו חותמם עליהם. יש זולים, פחותי ערך, אסימונים שחוקים. כמו אלה התפורים על חולצות עבודה או על צפיות של כלי מיטה והם ברשותו של כל זאטוט. אך יש גם יקרים כמו הכפתור המוזהב שעל סגינו הצבאי של קצין בצבא הצאר הרוסי. טבוע עליו נשר עם שני ראשים עטורי כתרים והוד מלכות נסוך עליו. אלה הם יוואַנישע קנעפּ.

### 4. פסוקים ושמות מכתבי הקודש

צלילי פסוקים ושמות מכתבי הקודש במשמעותם האידית שימשו חומר לבדיחותא לילדי ה„חדר", משל:

**א.** ווו שטייט געשריבן אז גאָט פּירט היי?
התשובה: ד' הפיר עצת גויים (תהילים ל"ג, י').
פסוק זה היה בוודאי שגור בפיהם כי הוא מובא בתפילת שחרית.

ב. וואָס איז אונקלוס:
די ראשי תבות פון אונקלוס איז: אלע ווייבער נייען קלײדער: ליליע, ווייסע, סאַמעטענע.
בעברית: מה אונקלוס?
ראשי התבות הן באידיש: כל הנשים תופרות שמלות: ורד, לבן, קטיפה.

ג. וואָס איז רש"י?
די ראשי תבות פון רש"י איז: ראַשקע שמייסט יאַש־קען, — יאַשקע שרייט ראַטעוועט!
בעברית: מה זה רש"י?
ראשי התבות הן באידיש: רשקה מלקה ליושקה, — יושקה צועק הצילו!

ד. מה זה פ"נ (פה נקבר) שרושמים על מצבות?
פּוידזיוש נאַזאַד?
ניע פּוידו!
המלים הן ברוסית: תלך בחזרה? לא אלך!

### 5. שמות גנאי

סוג מיוחד במינו מהווים שמות הגנאי והפזמונים הנלווים אליהם. הנימה של יושקה סופג המכות ניכרת גם פה. לנער ששמו יהושע צירפו משום מה שם גנאי „פּאַנדרע" וכך קראו להכעיסו:

יאַשקע פּאַנדרע ליגט אין שניי
אַז מען שמייסט אים, טוט אים וויי.
יאַשקע פּאַנדרע ליגט אויף מאָך,
אַז מען שמייסט אים, וויל ער נאָך.
יאַשקע פּאַנדרע ליגט אויף באַנק,
אַז מען שמייסט אים — זאָגט ער אַ דאַנק,
יאַשקע פּאַנדרע ליגט אין בלאָטע,
אַז מען שמייסט אים האָט ער חרטה.

**בעברית:**

יושקה פנדרה בשלג שוכב
כשמלקים אותו — לו כואב.
יושקה פנדרה שוכב באזוב
כשמלקים אותו — רוצה עוד.
יושקה פנדרה שוכב בביצה
כשמלקים אותו — מביע חרטה.

**או דוגמא אחרת:**

איטשקע, פּיטשקע, נאָדל, טעצל
גיי אין קראָם און גנב'ע אַ פלעשל
נעם אַ מעסער און שטעך אין בויך.
עס און טרינק חזרש יאַיך!

ילדים יהודים שיחקו בצוותא עם ילדים פולנים. אלה האחרונים הרגיזו את הילדה חיה:

Chaja, Chaja, przedawała jaja.
a po czemu? po złotemu!
a nareszcie
po dwadzieście!

**תרגום:**

חיה, חיה, ביצים מכרה.
בכמה? בזלוטה!
ולבסוף
בעשרים! (פרוטות)

### 6. חידות

החידה על צורותיה השונות היא אחת מענפי הספרות הקדומים הנושאת את חותם העממיות והיא אחת מדרכי השעשוע, החידוד והמשחק של בני אדם. בה כבאספקלריה משתקפת המציאות הסובבת והיא נושאת בחובה את סימן ההיכר של התקופה והמקום שבה נוצרה. רב חלקם של הילדים ביצירתה. דמיונם הפורה, הגיונם התמים רקמו את המסכת שחידודי ילדים שמה.

להלן כמה חידות שחדו ילדים בלידא:

| | |
|---|---|
| אַ שומר, אַ היטער, | און רייכערט אַ לולקע. |
| אַ געברענטער, אַ געשמידעטער | (אַ קוימען) |
| ניט אַליין נעמט ער | על הגג צופיה |
| און ניט דעם צווייטן גיט ער. | ומקטורת בפיה. |
| (אַ שליסל) | (ארובת עשן) |
| שומר מפקח, | ער זיצט אויפן פענצטער. |
| במפחה מלובן | דער קאָפּ פון אַ קאַץ, |
| לעצמו אינו לוקח, | דער עק פון אַ קאַץ |
| ולאחרים לא יותן. | און ס'איז פאַרט ניט קיין קאַץ. |
| (מפתח) | (אַ קאָטער) |
| פינף פינגער אַן אַ האַנט. | על החלון ממול, |
| (אַ הענטשקע) | ראשו כשל חתול, |
| חמש אצבעות מניין — | זנבו הוא זנב חתול |
| אף כי יד אין? (כסיה) | ובכל זאת לא חתול. |
| עס שטייט אויפן דאַך | (חתול) |

בפזמון זה באידיש חוזרים מספר פעמים הצלילים „פי" ו„ריש" כך שהאומר את הפזמון במהירות מתבלבל.

יש פזמון שהוא דו־שיח. הנושא המובא דלהלן הוא „קולוניה טאָז", קייטנת ילדים של חברת „טוז" Towarzystwo „

"Ochrony Zdrowia". **קייטנה זו היתה מתקיימת בחופש הגדול מחוץ לעיר, ב„רושלקי", „מלויקובשציזנה" או מקום אחר.**

וווּ ביסטו געווען ? ווּ ביסטו געווען ? —
זאָג זשע טאָכטער געטרייע,
— אין קאָלאָניע „טאָז", אויפן גרינעם גראָז,
מאַמע ס'איז געווען אַ מחיה !

וואָס האָסטו געגעסן ? וואָס האָסטו געגעסן ? —
זאָג זשע טאָכטער געטרייע,
— שוואַרצע קאַשע, געקאָכט האָט דאָס מאַשע,
מאַמע ס'איז געווען אַ מחיה !

וואָס האָסטו געטרונקען ? וואָס האָסטו געטרונקען ? —
זאָג זשע טאָכטער געטרייע,
— שוואַרצע קאַווע, געקאָכט האָט דאָס חוה,
מאַמע ס'איז געווען אַ מחיה !

**ב ע ב ר י ת :**

איפה היית ? איפה היית ?
אמרי לי בתי הנאמנה !
— בקולוניה „טוז", על הדשא הירוק,
אמא זה היה „א מחיה" !

מה אכלת ? מה אכלת ?
אמרי לי בתי הנאמנה !
— כוסמת־דיסה, בשלה זאת מאשה,
אמא זה היה „א מחיה" !

מה שתית ? מה שתית ?
אמרי לי בתי הנאמנה !
— שחור קהוה — בשלה זאת חוה,
אמא זה היה „א מחיה" !

**היתה קירבה לשפה העברית כאילו האידיש ממנה צמחה ומקרקעיתה עלתה כפורחת. ולמען לזכור מלות השפה העברית שיננו הילדים את השיר המובא מטה. שיר זה מתחלק לשלושה חלקים נפרדים ששלושתם הם נטולי קשר הגיוני ביניהם. להלן חלק ראשון המהווה את הפתיחה :**

**ב ע ב ר י ת :**

| | |
|---|---|
| אלה תולדות נח | אלה תולדות נח. |
| פון בראַנפן קריגט מען כח. | מיי"ש שואבים כח. |
| כח איז דער עיקר. | כח הוא עיקר העיקרים |
| פון בראַנפן ווערט מען שיכור. | מיי"ש משתכרים. |

**חלק שני**

| | |
|---|---|
| אב איז אַ פאָטער | און שטאָל איז רפת. |
| און קידר איז טאָטער. | רפת איז שטאָל |
| טאָטער איז קידר | און מרה איז גאַל. |
| און בגדים איז קליידער. | גאַל איז מרה |
| קליידער איז בגדים | און קו איז פרה. |
| און חוט איז אַ פאָדים. | פרה איז קו |
| אַ פאָדים איז חוט | און בוקר אינדערפרי. |
| און מצנפת איז אַ הוט. | אינדערפרי איז בוקר |
| אַ הוט איז מצנפת | און טייער איז יקר. |
| יקר איז טייער | און חזיר איז אסור. |
| און אש איז פייער. | אסור איז חזיר |
| אַ פייער איז אש | און מים איז וואַסער. |
| און בשר איז פליש. | וואַסער איז מים |
| פליש איז בשר | לאָמיר טרינקען לחיים ! |

**בהמשך נשמעים קללות נמרצות על הגויים, שונאי ישראל, הנאמרים ספק ברצינות ספק בבדיחותא.**

**שן נפלה מהפה אסור לזרקה לאף מקום אלא רק על גבי התנור הגבוה. אך לפני זה סובבים את השן מספר פעמים מעל לראש כדוגמת כפרות ותוך כדי זה אומרים את הפסוק :**

מייזעלע, מייזעלע,
נאָ דיר אַ ביינענעם
און גיב מיר אַ אייזערנעם !

עכברון, עכברון,
קח לך של עצם
ותן לי של ברזל !

**כשגומרים לספר מעשיה (סיפור) מסיימים אותה בחרוז :**

אַ שטעקעלע אַריין, אַ שטעקעלע אַרויס,
די מעשה איז אויס !

מקלון נכנס, מקלון יצא,
המעשיה נסתיימה !

**כשהתינוק מגהק אומרת אמא :**

אַ גרעפּטש אַרויס, אַ געזונט אַריין !
גיהוק לצאת, בריאות להכנס !

## 7. שונים

**היו שואלים :**

איימעניא אוןביימעניא האָבן געפאָרן אויף אַ לאָדקע
איימעניא האָט אַריינגעפאַלן. ווער האָט געבליבן ?

**התשובה היא ברורה : ביימעניא. אך משמעות מלה זו ברוסית היא „הכה אותי !" והיו מנסים לעשות את זה.**

**ב ע ב ר י ת :**

אימניה ובימניה שטו בסירה.
אימניה נפל (לתוך המים). מי נשאר ?

**מענין הדבר שגם בארץ נוהגים הילדים במשחק דומה :**

צבות אותי ובעוט אותי
הלכו ביער.
הדוב טרף את בעוט אותי,
מי נשאר ?...

**ילד אומר לרעהו : אנה, הגד את זה מהר, שוטף :**

פיר פורן פאַרן,
פירן פולע פורן קאָרן,
באַרג אַרויף און באַרג אַראָפּ !

**ב ע ב ר י ת :**

ארבע עגלות עמוסות שיפון,
עולות במעלה
יורדות במדרון.

**כשילד רוצה להפסיד את המשחק הוא מכריז : „טשור טשורא איבעראַנייס קאָן". דומה לנהוג אצל ילדים בארץ : „פוס" או „שברו את הכלים ולא משחקים".**

**יצחק גאַנוזאָוויטש (גנוז)**

# לאָקאַליזמען פון לידע און אומגעגנט

ווערטער, אויסדרוקן, פראַזעס און ווערטלעך לעבן איבער די מענטשן וואָס האָבן זיי באַשאַפן און זיי געניצט. אַן איראָניש פאָלקסווערטל פלעגט אַרומגיין אין ליטע: „יאַנקל דער שוסטער ליגט אין דרערד, זיינע שיך גייען נאָך אום [אָדער אַרום]". די שאַפונג לעבט איבער דעם שאַפער. אָבער אויך ווערטער און אויסדרוקן ווערן פאַרגעסן און פאַרשווינדן ווי שטראָמען אין אַ ווירבלדיקן טייך. דאָס קומט פאָר אין רויקע צייטן, ווען עולם כמנהגו נוהג. אַוודאי איז איצט דאָ אַ סכנה, ווען דער בלוט־שונא האָט פאַרטיליקט דאָס פאָלק וואָס האָט געשאַפן און געניצט די ווערטער און ווערטלעך.

די ווערטער, און אויך די פאָרמען פון ווערטער, וואָס ווערן אויסגעשריבן אין דער ווייטערדיקער רשימה, געדענק איך פון לידע, נאָוואַרעדאָקער וואָיעוואָדשאַפט (אונטער דער פוילישער הערשאַפט). לידע איז געווען אַן איינגעפונדעוועטע און יחוסדיקע יידישע קהילה, אויף אַן ענלעכן מהלך (אַן ערך 90 ק"מ) פון ווילנע און פון גראָדנע. איך בין זיכער אַז נישט נאָר די לידער יידן האָבן געניצט די ווערטער פון אונדזער רשימה. טייל ווערטער זענען מסתמא געווען באַוווּסט איבער גאַנץ ליטע און אפשר אַפילו אויף אַ ברייטערן שטח. נאָר איך האָב זיי נישט געפונען אין אַלכסנדר האַרקאַוויס יידיש־ענגליש־העברעישן ווערטערבוך. טראַכט איך, אַז היות אַט די ווערטער זענען געווען אומבאַקאַנט אָדער זענען פאַרזען געוואָרן פון דעם באַוווּסטן לעקסיקאָגראַף וואָס שטאַמען האָט ער געשטאַמט פון נאַוואַרעדאָק, אַן ערך 35 ק"מ פון לידע, איז כדאי זיי צו פאַרצייכענען. און אויב די ווערטער גופא זענען געווען באַקאַנט איבער גרויסע טיילן פון ליטע און אפשר אויך מחוץ אירע גרענעצן, זענען דאָך אינטערעסאַנט די אייגנאַרטיקע פאָרמען וואָס זענען געווען אָנגענומען אין מיין היימשטעטל.

איך פאַרנעם זיך נישט מיטן גענויען כאַראַקטעריזירן אונדזער לידער ריידעניש. בלויז עטלעכע שטריכן: מען האָט נישט געהערט יאָ, נאָר תמיד יע; נישט צוריק, נאָר קאַריק; געווען צרות מיט דעם קלאַנג ה וואָס מען האָט נישט תמיד אַרויסגעזאָגט אָדער געניצט ווו מען דאַרף נישט; עס איז געווען אַ קאָנטיקע צאָל ווערטער פון ווייסרוסיש, ווייניקער פון פויליש און פון רוסיש. ביי אונדז אין לידע האָט מען קלאָר אַרויסגעזאָגט די קלאַנגען ש און ס. אַז מען האָט געוואָלט לאַכן פון יענע ליטווישע יידן וואָס פלאָנטערן אָט די קלאַנגען, האָט מען זיך געוויצלט וועגן דעם ייד וואָס איז געקומען קיין לידע און האָט געמאָלדן: „אין גאַנץ סיר־הסירים האָב איך נישט געפונען קיין איך 'סין', חוץ אין 'כשושׂי [כסוסתי] ברכבי פרעה."

און איצט די רשימה:

איינאַווירן — איינגעוווינען; אַריינפירן, אַריינברענגען אין אַ געוווינהייט עמעצן עפּעס צו טאָן.

אָנגעפיגעוועט — אָנגעפּיקעוועט אין אַנדערע מקומות. אָנגעפּראָפּט, אָנגעשטאָפּט.

אַרויסקאַראַבסקען זיך — אַרויסקאַראַבקען זיך. געניצט ביי אונדז מיטן באַטייט: אַרויספּלאָנטערן זיך, אַרויסקריכן פון אַ סכנה.

באָבקע — שוואַרצלעך שטיקל שמוץ פון אָדער אונטערן נאָז. דאָס וואָס מען האָט אין וואָלין גערופן קאָזע(ס). „אַרויסנעמען די באָבקעס פון נאָז". איך געדענק נישט אַז דאָס זאָל אויך הייסן מיסט פון ציגן און שעפסן, ווי האַרקאַווי ווייזט אָן. אגב אין צענטער פוילן פלעגט מען זאָגן: „עס שיט זיך ווי קאָזע באָבקעס". אין לידע: ציגענע באָבקעס.

באָנע — דאָס איינציקע וואָרט פאַר אויפזעערין, דערציִערין, אויפפּאַסערין אויף קינדער. דאָס וואָרט גוווערנאַנטקע איז ניט געווען באַקאַנט.

באַרענעסע — נישט באַראָנעסע. געניצט געוויינלעך איראָניש. „זי איז מיר אַ גאַנצע באַרענעסע".

בערנע — אַנשטאָט דער מער פאַרשפּרייטער ליטווישער פאָרעם באַרנע.

גידערים — נישט גדערים און נישט גדערעם.

דייסטעווען — טומלען, איבערקערן די וועלט. בינדט זיך מיט קינדער, מיט יוגנטלעכע, נישט מיט דערוואַקסענע. „די קינדער דייסטעווען אַזוי אַז די קאָפּ פאַרדרייט זיך".

דייקע — אַנשטאָט דווקא (דאַווקע), ווי עס איז פאַרשפּרייט אין ליטע. דאָ איז די ווירקונג פון ווייסרוסישע ריידעניש.

דערקאַזשען — ביי האַרקאַווין: דערקאַזען און דאָקאַזשען. באַקומען עפּעס נאָך שוועריקייטן. עס באַטייט בשום־אופן נישט: סתם באַקומען עפּעס.

היימעניק — זשוליק, שלעכטער מענטש. אָפט געניצט גוטמוטיק און אַפילו מיט ליבשאַפט וועגן אַ קינד אַ שטיפער (יודל מאַרק האָט געהאַט אָנגעוויזן אַז דאָס וואָרט שטאַמט פון גיהנומניק).

וואַרמעט — אָט די פאָרעם פון דעם וואָרט האָט באַטייט בלויז מיטאָג. „שוין געגעסן וואַרמעט?"

וואָרעמעס, וואַרימס — עפּעס וואָס איז וואַרעם. „גיב מיר וואָרעמעס צו טרינקען".

ווידלוג — אויסוואָרף. „דאָס וואַקסט אַ ווידלוג".

זאָך — געניצט בלויז מיטן באַטייט: שלעכטע טאָכטער. דאָס וואָרט איז געוואָרן אַרויסגעזאָגט מיט שפּאָט אָדער שנאה. קיינער האָט וועגן דער אייגענער טאָכטער דאָס וואָרט נישט געניצט, אָבער — „ער ליידט נעבעך פון זיין זאָך". ב. גאָרין (י. גוידאָ), וואָס איז געבוירן געוואָרן און האָט זיך דערצויגן אין לידע, שרייבט אין פאַרגעסענע ניגונים, נ"י 1919, וועגן אַ טאָכטער פון אַ כאַפּער וואָס האָט זיך געשמדט: „דעם כאַפּערס זאָכלעכע".

טודליקעס — אין אויסדרוק: עס איז טודליקעס, ד"ה עס איז צום לאַכן. אָדער: מאַכן פון אים טודליקעס, דאָס הייסט אויסלאַכן.

טעלצע — אַנשטאָט טעליצע. „זי איז אַ גראָבע טעלצע" — אומאיידל וועגן אַ דיקער פרוי.

טראָנטשען — אויסלינקען. טראָנטשען אַ האַנט, אַ טראָנטשע

טאָן די האַנט (פאַרגלייכן מיט אויסטראַנטשען אין גרויסן ווערטערבוך פון דער יידישער שפּראַך, 251—252).

יושען — ברויזן, קאָכן זיך, טומלען אויף אַ ווילדן אופן. ביי הארקאַווין בלויז בשייכות מיט בלוט.

יעיכלאָו — אַזוי האָט מען אַרויסגערעדט דעם לשון־קודש־דיקן 'יאכלוהו'. ס'איז פאַרפאַלן; ס איז געענדיקט און מען קען גאָרנישט טאָן מער.

כאַלאַיען — דאָס איז געווען די פאָרעם אַנשטאָט כאַליאַיען אָדער כאָליען. קרענקען, וועגן אַ מענטש וואָס מען האָט נישט ליב.

כאַלוזע — אַ גאָרנישט. ער איז אַ כאַלוזע.

כאַליימעס — אַן איבערקערעניש, אַ היזק. אין אויסדרוק: ער האָט (אָנ)געמאַכט אַ כאַליימעס. בינדט זיך נישט מיט חלומות, אפשר פון „הפך עולמות".

כלאָינע — דאָס זעלביקע וואָס ניכלאָיע, זען ווייטער.

לאַמפּאַנדז — גולם, גרויסער שוטה. ער איז אַ לאַמפּאַנדז.

לאָנע — אַנשטאָט לוינע. מצב־רוח, געמיט. „ער איז איצט אין אַ שלעכטע לאָנע".

לאַק — אַנשטאָט ליאַק. אַ בוניע, אַ רונדיקע ליימענע כלי מיט אַ דינע האַלדז.

לאַקען — זיך אונטערזינגען כסדר לאַ־לאַ־לאַ. געניצט אין אויסדרוק: לאַקען די צייט, ד"ה פאַרשווענדן די צייט אויף גאָרניט.

לעם — שטענדיק אַזוי אַנשטאָט לעבן, נעבן. „ער וווינט לעם בית־המדרש".

מאָגייטע — מויד, אַלטע מויד. געניצט נאָר אָפּלאַכעריש [ס'איז פון ליטוויש mergaite מיידל]. —

מלאָשטשעט — אין אויסדרוק: עס מלאָשטשעט אין האַרצן. ד"ה עס ציט ביים האַרצן, עס שוואַכט אין האַרצן.

נאַכער — זייער אָפט געניצט אַנשטאָט דערנאָך, נאָך דעם.

ניכלאָיע — אַן אָפּגעלאָזענער. ס'איז הן וועגן אַ מאַן און הן וועגן אַ פרוי:

„אַזאַ ניכלאָיע וועט קיין חתן ניט קריגן" (פון פּויליש).

סטוקאַן — לאַנגער שטיק האָלץ, שטעקן. „ער שטייט ווי אַן אויסגעטשעשעטער סטוקאַן", ד"ה ווי אַ גולם.

סטיבון — יעדער מין געוויקס וואָס האָט איבערגעוואַקסן, איבערצייטיקט און טויג נישט מער. געניצט מיטן באַטייט: אַ ווזקסיקער, אַ הויכער מיט אַ קינדערשן שכל [ביי הארקאַווין נאָר: אַן אויסגעוואַקסענע, פאַרהאַרטעוועטע ציבעלע. — רעד'].

סטרינעווע — אַנשטאָט סטעאַרינעווע, טרייף ווי סטרינעווע ליכט.

עגבערן — געניצט מיטן באַטייט: דערגיין די יאָרן, יאַדען, מאָגען אָן אויפהער.

פאַדקער — אייליקער, דינאַמישער; ווער עס נעמט גיך אָן אַ באַשלוס. „ער איז אַ פאַדקער (מענטש), ביי אים איז איינס און צוויי".

פאַטרעכעס — געניצט אויך מיטן באַטייט: שמאַטעס.

פויטעקע — אַנשטאָט אַפּותיקי. אַ סומע געלט.

פעטשען — ריידן גאָר שטיל און אומקלאָר, מיט ביטול. „ער פּעטשעט און מען ווייס נישט וואָס ער וויל".

פענדזיע — נישט פענדזשע און אויך נישט פענזע. געניצט אין אויסדרוק: מאַכן פענדזיע פון עמעצן, ד"ה אים אויסשטעלן אויף לייטישן געלעכטער.

פאַרוואָרפן זיך — אין כעס ווערן. — וואָס האָסטו זיך פאַרוואָרפן? — איך האָב זיך גאָרנישט פאַרוואָרפן.

פאַרקאַנדריטשען — צודריקן צו דער וואַנט; מאַכן אימעצן צו גאָרנישט. פאַרטומלען; פאַרשטויסן. פאַרקאַנדריטשען אימעצן, ער זאָל נישט וויסן פון זיין לייב און לעבן.

פינטיפלושקע — אַ לייכטזיניקע פרוי וואָס פּטרט געלט, וואָס האָט אַ נטיה צו פאַרשווענדן.

צוטשעקל — אַנשטאָט צוציקל, אַ קליינער, אַ נישט־דערוואַקסענער.

קאַטשערעס מיט פּאַמעלעס — וועגן שרייבן אומקלאָר, שלעכט. „ער שרייבט קאַטשערעס מיט פּאַמעלעס", אַנשטאָט דער פאַרשפּרייטער פאָרמל — קאַטשערעס מיט לאַפּעטעס.

קאַראַפּוז — קליינטשיקער, נישט־דערוואַקסענער. נידעריקער און דיקער מענטש.

קודים און וורודים — אַזוי איז געוואָרן אַרויסגערעדט 'נקודים וברודים'. באַטייט: א) מיט כלערליי קאָלירן; ב) טומל, גערודער, מישמאַש. „איז דאָרטן געוואָרן קודים און וורודים".

קוקסע — אַ פאַרזעעניש, ספּעציעל אַ מיאוסע פרוי.

קיימעלע — דאָס איז געווען דער אופן אַרויסריידן „קיימאַלן". „וואָס איז די קיימעלע? הונדערט רובל אַ קיימעלע".

קראָיע — מיאוסע פרוי [איז עס דאָס זעלביקע וואָרט וואָס קראָ(ע), אַ וואָראָנע?].

שאַכטשען — פאַרשווענדן, פּטרן (אָבער נישט בנוגע געלט). „ער שאַכטשעט דעם געזונט".

שאַלקע — אַנשטאָט סאַלקע. אַ בוידעמשטיבל. אויך אַ שאַלקע (אויפן האַלדז).

שופּע — ביי הארקאַווין שופּ. אין אויסדרוק: אַ שופּע טאָן, ד"ה אַ שטופּ טאָן, אַ שטויס טאָן.

שיבערע כלי — אַנשטאָט אַ שברי־כלי, ד"ה אַ שוואַכער, אַ צעבראָכענער מענטש. „ער איז אַ שיבערע כלי, קוים וואָס ער האַלט זיך אויף די פיס".

שרייער — באַטייט אויך: אַ גראַגער אויף פּורים. קויפן פאַר די קינדער שרייערס צו שלאָגן המנען.

מיר זעען אַגב פון דער רשימה, אַז אין לידער ריידעניש האָט מען אין אַ צאָל ווערטער אַרויסגערעדט דעם קלאַנג ש, ווי עס וואָלט געדאַרפט זיין ס, און אַז עס פעלט די פּאַלאַטאַליזירונג פון קאָנסאָנאַנטן ביי ווערטער וואָס מען האָט גענומען פון סלאַווישע לשונות.*

אַ ק אַ ז ע ו ו ע ט — ס'האָט זיך אַקאַזעוועט, ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַנטדעקט.

אָ נ ג ע ב ע ז י מ ט — כ'האָב אים אָנגעבעזימט, כ'האָב אויף אים אָנגעשריען, אָנגעזידלט.

אָ נ ג ע פּ ו ט ש ק ע ט — לייכט אָנגעשלאָגן אַ קינד (פון אָנגעפּושקעט).

א י י נ ג ע נ א ד ז י ע ט — די קאַץ האָט זיך דאָ איינגענאַדזיעט. זי האָט זיך דאָ איינגעוויינט אַריינקומען, ווי ס'וואָלט געווען איר היים.

אָ נ ג ע נ ע ם — (ביי הארקאַווי: אָנגענעמען), נעים.

* ביז דאַנען איז דערשינען אין זשורנאַל „יידישע שפּראַך", ייווא, ניו־יאָרק, באַנד XXVI, נום. 2, סעפּטעמבער 1966.

אָפּאַנעווען — באַהערשט. אָבער נאָר פליגן, בינען, מוראַשקעס. פליגן האָבן אים אָפּאַנעוועט.

אַסעסער — ער איז אַ גאַנצער אַסעסער — אַ גאַנצער דעה־זאָגער. אין צאַרישן רוסלאַנד אַן אָנגעשטעלטער אין מלוכה־אַמט, וואָס פלעגט באַשטימען די הייך פון די שטייערן.

אַן אויסגעבלאָזענע איי — אין צענטראַל־פּוילן — אַן אויסגעבלאָזענע שישקע). ס׳איז נישט געשטויגן, נישט געפלויגן. עורבא פרח. ס׳האָט זיך אויסגעלאָזן אַן אויסגעבלאָזענע איי.

אָנגעבאָטן — פאַרגעלייגט אַ העכערן פּרייז.

אָנגעבייקערט די ביינער — אָנגעשלאָגן.

אויסגעוויכניעט — אויסגעלענקט. אויסגעוויכניעט אַ האַנט.

באָלקע (דער למד ווערט אַרויסגעזאָגט ווייך) — אַ סימן פון אַ לייכטער ווונד. מערסטנטייל איז דאָס וואָרט גענוצט ביי קינדער.

ברוליעט — עס גלאַנצט, ס׳איז שטאַרק ריין, ס׳איז ציכטיק, ס׳איז קאשע צו וואַרפן. ער ברוליעט — ער זעט אויס זייער גוט.

ברילאָק (אין העברעיש — מצחיה), ביי האַרקאַווי: ברייליק.

באָבעס ירושה — ער האָט צוגעלייגט צו דעם דער באָבעס ירושה. ער האָט צו דעם גאָרנישט צוגעלייגט. ס׳האָט אים גאָרנישט געקאָסט.

בענטש — אַ בענטש אין קאָפּ. אַ קלאַפּ, אָבער שטענדיק אין קאָפּ.

בוכטש — אַ קלאַפּ, אַ שטויס.

בלאָוך — אַן אָפּגעשטאַנענער, אַ נישט־געראָטענער.

בריטאַן — ער האָט אַ גרויסן בריטאַן. אַ גרויס מויל, וואָס קריגט זיך מיט אַלעמען. שילט זיך. ער איז אַ בריטאַן. אין ווערטערבוך פון האַרקאַווי הייסט דאָס אַ הונט.

גרעט — וועש ביים וואַשן. זי וואַשט גרעט.

גדולים — די גדולים — אַזוי האָט מען גערופן די סאָוויעטישע אַרמיי בעת דער אָקופּאַציע פון לידע אין דער צווייטער וועלט־מלחמה (ווענדיק פאַרשטעלן דעם מיין). אַ פּרווו איבערצוזעצן דאָס רוסישע וואָרט „באָלשעוויק". יידן, וואָס האָבן געזען אין דעם אַ פאַרבעסערונג לגבי די פריער־דיקע באַדינגונגען פון דער פּוילישער מאַכט און אַ שוץ פאַר די דייטשן אין דער צווייטער וועלט־מלחמה, וואָס האָבן אָקו־פּירט מערב־פּוילן, פלעגן גוטמוטיק צוגעבן: גדולים מעשי אלהינו... (פון די פּיוטים אין מחזור פאַר ימים־נוראים).

גלעזל — ער גייט גוט אונטערן גלעזל — ער טרינקט פיל בראָנפן און ווערט נישט שיכור, און האַלט זיך גוט.

גאַרעלקע — אַ גומענע אָדער גלעזערנע פלאַש מיט וואַרעם וואַסער, וואָס מ׳לייגט צו צום קערפּער איינצושטילן אַ ווייטאָג. (פון רוסיש גריעלקא).

דזשאַשקע — אַ לעדערנער פּאַס (רימען), וואָס האַלט די הויזן. דער מלמד פלעגט אונדז שלאָגן מיט דער דזשאַשקע.

דזיעראָיע — אַ פּשוטער קאָץ פון דאָרפישער האַנט־אַרבעט.

הוזשעט — רוישט.

האָלאָבליעס — די צוויי הילצערנע פלאָקנס אין אַ וואָגן צווישן וועלכע מען שפּאַנט איין אַ פערד. אויך די צוויי שטאַנגלעך, וואָס האַלטן די ברילן אויפן אויער. אייוועער — אויער.

האָלאָוועשקע — אַן אָפּגעבראָכנט שטיק האָלץ, וואָס פלעגט בלייבן אין אויוון נאָכן הייצן. שוואַרץ ווי אַ האָלאָ־וועשקע. (פון רוסיש).

האַרגענען — שלאָגן. פון עברית „להרוג". אָבער אין דעם פאַל נישט צום טויט.

האָצן פּלאָץ — (ביי האַרקאַווי: האָצעפּלאָץ). ער איז פאַרפאָרן אין האָצן פּלאָץ. פאַרפאָרן ערגעץ ווו ווייט (אַ שטאָט אין שלעזיע ווערט דערמאָנט אין די שו״ת הרמ״א. בן ציון כץ: לקורות היהודים ברוסיה, פולין וליטא, זייט 29).

האַלטן ביי עושה שלום — ער האַלט ביי עושה שלום — ער האַלט ביי שטאַרבן, ביי אויסגיין. שטאַמט פון די ערשטע ווערטער אין לעצטן פּסוק פון קדיש: עושה שלום במרומיו הוא יעשה שלום עלינו ועל כל ישראל ונאמר אמן.

וואַסער אויף קאַשע — ער פאַרדינט וואַסער אויף קאַשע — ער פאַרדינט ווייניק.

ווילעיע — עס ברענט די ווילעיע. אַ טייך, וואָס גייט דורך ווילנע. איראָניש — עס איז נישט איילִיק.

וויפּערעדקעס — עס גייט נישט אין קיין וויפּערעד־קעס, עס גייט נישט אין דעם, אַז איינער זאָל דעם צווייטן איבעריאָגן.

וויטקע — אַ רוט פון אַ בעזים. אַ דינער שטעקל. אַ דייטשי־שער אָפיציר אין די ערשטע וועלט־מלחמה, פלעגט אַרומ־גיין אין לידע מיט אַ וויטקע אין האַנט, כדי צו געבן אַ שמיץ.

זדזיעציניעט — געוואָרן קינדעריש. אַ דערוואַק־סענער מענטש, וואָס מאַכט זיך נאַריש.

זשאַווערל — ער איז אַ זשאַווערל. ער דערגייט די נשמה. ער דערגייט די יאָרן. ער מאַכט דעם טויט.

חי שעה — אויף חי שעה איז דאָס גענוג. אויף צייטווי־ליק צום לעבן.

טשופלאָד — אַ קעסטל אין אַן אַלמער אָדער אין אַ קאָמאָד, וואָס נעמט זיך אַרויס און אַריין און דינט צו האַלטן פאַרשידענע זאַכן. אַ טישקעסטל אין אַ טיש.

טאַזשערקע — אַ פאַליצע צו האַלטן ביכער. שטאַמט פון רוסיש „עטאַזשערקע".

טאַרעפּטשען — קריכן, קלעטערן.

טשוקעס — (אַמאָל אויך טשוקעסנאַלעס) — אַ נאַרעשעוואַטער, אַן אָפּגעשטאַנענער. נישט קיין דערבאַ־קענער. אַ טשודאַק.

טראָנטשען — אַ טראָנטשע געגעבן די האַנט, אַ לונק געטאָן. ווערט געזאָגט נאָר אויף אַ האַנט אָדער פוס.

טייגעלעך — קליינע געבעקסן פון זיסע טייג. געבאַקט מיט ניס און האָניק. אַ יום־טובדיקער כיבוד אויף ראש השנה, סו־כות.

יוקש — צעקריגט, ברוגז. דאָס וואָרט ווערט באַנוצט נאָר ביי קינדער. יוקשי — אַרויס פון דאַנעט! אַרויסגעיוק־שעט — אַרויסגעטריבן.

יאַטשיכע — זי איז אַ יאַטשיכע. אַ ייִנגל — אַ יאָט, אַ מיידל — אַ יאַטשיכע.

יאַילעס — געשרייען, וויינעריי. מעגלעך, אַז פון העברעיש — יללות. אָדער עס שטאַמט פון יום־כיפּורדיקן

פיוט „יעלה תחנוננו מערב", וואָס ווערט געזאָגט אין אַ הויכער שטימע.

**יאַטיביע דאַם** — ער מאַכט זיך אַ גאַנצער יאַ טיביע דאַם (פֿון ווייסרוסיש — איך וועל דיר געבן, איך וועל דיר ווייזן, אָנלערנען. אין זין פֿון דראָען). ער מאַכט זיך אַ גאַנצער דעה־זאָגער, אַ גאַנצער קנאַקער.

**כיטשקען מיטן מעסער** — נישט שניידן גוט, שניידן ניט געשיקט.

**כמאַלאַי** — אַ קלאַפּ. ער האָט געקראָגן אַ כמאַלאַי. אַ קלאַפּ פֿון אימעצן אַ שלעגער. איך וועל אים געבן אַ כמאַלאַי וועט ער קלייבן די ציינער.

**כאַסדעס** — קומט שטענדיק מיטן וואָרט מעשׂיות. מעשׂיות און כאַסדעס.

**כאַדאַקעס** — לאַפּטשעס, שטוב־שיך (אַגב, אַ הומאָריסטיש קינדער־לידל: אייער לייג איך, באָרוועס גיי איך, קויפֿט מיר אַ פּאָר כאַדאַקעס).

**כעפּצעס** — קאַפּריזן.

**לאַבענדזיע** — אַן אומגעלומפּערטער, אַ נישט־געראָטענער.

**לאָפּאַטקעס** — די ביינער פֿון ביידע זייטן פּלייצעס. כ'האָב אים געלייגט אויף די לאָפּאַטקעס. כ'האָב אים צוגעדריקט, געצוווּנגען.

**מלבוש** — אין דער חורבן־תקופה צווישן יידישע פּאַרטיזאַנער אין די אַרומיקע וועלדער (נאַליבאָקער פּושטשע), האָט זיך גערופֿן אַ מענטש, וואָס איז געקומען אין אָטריאַד אָן געווער און ער איז נישט קאַמפּס־פֿעיק.

**מוח'ט זיך** — מען מוחט זיך (פֿון העברעיש: מוח). מען טראַכט, מען שלאָגט זיך מיטן געדאַנק. מען קלערט. (לייען: מייאַכט).

**מלאך חייטשיק** — (ווערט אויסגערעדט: מאַלעכייטשיק). באַנוצט בדרך־כלל ביי קינדער. אַ שד, אַ טייוול, אין אַ קליינעם פֿאָרמאַט. פֿון „מלאך חי".

**מאַצעפּטשע** — אַן אָפּגעלאָזענער, אַ ברודיקער, אַן אָפּגעלאָזענע חיה.

**מעדניצע** — אַ גרויסע קופּערנע שיסל, אין וועלכער מען פֿלעגט מאַכן „וואַרעניע" (איינגעמאַכטס)

**מאכלדיקע** — נישט נאָר געשמאַקע עסן, נאָר אויך אַ פֿיינער און אָנגענעמער מענטש.

**מיידים** — אַ געראָטענער, אַ ספּריטנער.

**מאַזעפּע** — אַ מיאוס מיידל.

**מיכע** — אַלטגעוואָרענע חלה (איבערגעבליבן פֿון שבת), געווייקט אין הייס וואַסער און געמאַכט פֿעט מיט פּוטער אָדער שמאַלץ (אין צייט פֿון נויט — אָן דעם). אַ לחם עוני, כדי נישט אַרויסצוּוואַרפֿן די פֿאַרבליבענע חלה. אין פּויליש און אויך אין ווייסרוסיש: אַ שיסל. אין צענטראַל־פּוילן: אַ וואַסער־זופּע.

**נאַיעדאַק** — ס'איז אַ נאַיעדאַק — מען קען פֿון דעם זאַט ווערן.

**נאָכער** — נאָך דעם.

**נאַטכאַזשע** — אוביקאַציע.

**סמאַרען** — אַ סמאַרע געטאָן, אַ שלידער געטאָן, אַ וואָרף געטאָן.

**סקלעטשקע** — אַ שטיקל גלאָז פֿון אַ צעבראָכענע כלי. צעבראָכן אויף סקלעטשקעס.

**סקאַוואַיען** — וויינען, יאָמערן. סקאַוואַיעט ווי אַ הונט. ביי האַרקאַווי: סקאַוואַטשען.

**סאַנאַזאַנק** — אַ לאַנקע.

**פּאָלע** — דער עק פֿון אַ מאַנטל אָדער אַ רעקל. „ס'איז מיט אים קיין פּאָלע נישט אָפּצושניידן" — ס'איז פֿון אים נישט פּטור צו ווערן.

דער מאָטיוו פֿון אָפּרייסן אַ פּאָלע ווי אַן אויסדרוק פֿון אָפּרייסן זיך, צעשיידן זיך, טרעפֿן מיר שוין אין תנ"ך. „ויסב שמואל ללכת ויחזק בכנף מעילו ויקרע. ויאמר אליו שמואל קרע יהוה את ממלכות ישראל מעליך היום" (שמואל א' פרק ט"ו, פסוק כ"ז, כ"ח).

מיר טרעפֿן אויך דעם מאָטיוו אינעם מנהג צו שאָקלען די עקן פֿון בגד נאָך דער תפֿילה פֿון קידוש־לבנה.

**פֿאַרקוועטשן** — אַרעסטירן. מען האָט אים פֿאַרקוועטשט. דאָס וואָרט האָט זיך געשאַפֿן בעת דער סאָוויעטישער אָקופּאַציע פֿון דער שטאָט אין די יאָרן 1940־41, וועלנדיק אַז נישט־יידן זאָלן נישט פֿאַרשטיין דאָס וואָרט (מעגלעך, אַז אויך פֿרייער).

**פּאַליושקייעט** — שטאַרק ריין.

**פּיגירע** — אַ פּגר. ער ליגט ווי אַ פּיגירע.

**פּאָרען** — ער פּאָרעט אויף, ער מאַכט עס זאָלן זיך צווי טרעפֿן. פֿון וואָרט „פּאָר". אויפֿפֿירן — צוזאַמענשטעלן.

**גאָט זיצט אויבן און פּאָרט אונטן.**

אַ מעשׂה פֿלעגט אַרומגיין אין לידע וועגן אַ היגן שדכן, וואָס איז געשטאַנען פֿאַר אַ געריכט. דער ריכטער האָט אים געפֿרעגט וועגן זיין באַשעפֿטיקונג, האָט ער געענטפֿערט: „יאַ פּורע די פּאַרע". זיין צונאָמען איז פֿאַרבליבן: „פּורע די פּאַרע".

**פּאַנאַבעריע** — ער האָט זיך אָנגענומען מיט פּאַנאַבעריע, מיט גרויסקייט, מיט גאווה (אַגב, אַ יידישער פֿאַמיליע־נאָמען אין פּוילן).

**פּימסנהאָלץ** — איינע פֿון די פּעכביימער (עצי גופר) ס'איז פּימסנהאָלץ. איראָניש אָנשטאָט ס'איז אויסערגעוויינלעך, ס'איז אַזוינס און אַזעלכעס.

**פּלודערן** — ברייטע הויזן.

**פּאַלושקען** — פּאַלושקען אין וואַסער. זיך שפּילן אין וואַסער. גיסן אַרום זיך וואַסער.

**פּאַרסקע** — ער ענטפֿערט פּאַרסקע, ענטפֿערט שאַרף.

**פּעטשערע** — אַן אומקלאָרער כּתב, אַן אומקלאָרע צייכענונג. מערסטנטייל געמאַכט ביי אַ קינד. אַ פּעטשערע פֿלעגט מען אויך זאָגן אויף אַן אויוון. ראובן קען ביי שמעון'ען פּעטשערעס הייצן, דאָס הייסט, ער קען זיין זיינער אַ משרת. מען פֿלעגט דאָס זאָגן וועלנדיק אונטערשטרייכן שמעון'ס מעלות קעגן ראובן'ען. נישט מיין ציג, נישט מיין פּעטשערע — עס גייט מיך נישט אָן.

**פּאַדראַט** — אַ בעקעריי פֿון מצות, וואָס מ'פֿלעגט שאַפֿן ערב פּסח. פֿון רוסישן וואָרט „פּאַדריאַד", וואָס האָט באַקומען דאָ אַן אַנדער באַדייטונג.

**פּאַקראַסע** — אַ שיינהייט. אָפֿטמאָל געזאָגט מיט איראָניע אויף אַ פֿרוי, וואָס איז מיאוס. זי איז אַ פּאַקראַסע. אַ וואַזשנע פּאַקראַסע.

**פּאַמוניצע** — (ביי האַרקאַווי: פּאַמייניצע אָדער פּאַמאַיניצע), אַן עמער מיט ברודנע וואַסער, מיט אָפּגוס.

ביעלסקי. ווען נישט די לעצטע אָבלאַווע אין די אַרומיקע וועלדער אויף יידישע און רוסישע פּאַרטיזאַנער, ווו ער און זיין פּאָליציי האָבן זיך באַטייליקט צוזאַמען מיט די מיליטערישע אָפּטיילונגען, וואָלט דאָס געטאָ נאָך מער איינגעשרומפּן געוואָרן. ביים „באַרואיקן" די דאָזיקע יידן פון פּאָסטאָווסקער געטאָ איז דעם געביט־קאָמיסאַר געקומען צו הילף דער לעצטער פאָרזיצער פון יודענראַט, ד"ר גרו. דער דאָזיקער ייד האָט נישט פאַרמאָגט דעם שטאָלץ און די איבערגעגעבנקייט פון די דערמאָרדעטע מיטגלידער פון לידער יודענראַט ליכטמאַן, אַדוו. בנימין צעדעראָוויטש, קאָטאַק, לאָוויט און אַנדערע. ער איז פריי געגאַנגען פון איין אַנגעלאָדענעם וואַגאָן צום צווייטן און איינגעטענהט מיט די וויינענדיקע פרויען און פאַריאושטע מענער, אַז „עס איז נישטאָ קיין גרונט נישט צו גלייבן די דייטשן, אַז מען פירט מער נישט אַריבער דאָס געטאָ אויף אַן אַנדערן אַרבעטס־פּלאַץ. אויב די דייטשן וואָלטן זיי געוואָלט ליקווידירן, וואָלטן זיי דאָך דאָס געקענט טאָן אויף דעם זעלבן אופן ווי זיי האָבן דאָס געטאָן דעם 8טן מאַי 1942.[1]

אַ האַרצרייסנדיק יאָמערײ פון די מוטערס, אַרומגענומען מיט די הענטלעך פון זייערע קינדערלעך, אַקאָמפּאַנירט זיינע ווערטער. אָט זיצן זיי צונויפגעקוועטשט אין וואַגאָן, יעדע משפּחה מיט אירע נאָענטסטע. עלטערע טרייסטן יינגערע. אַ פּאָר עלטערע יידן שעפּטשען קאַפּיטלעך תהילים. מען קען איינער דעם צווייטן, צוזאַמען אויפגעוואַקסן, געגאַנגען אין חדר און אין שולן. אין די קלויזן געדאַוונט צוזאַמען, געטאַנצט אויף בשותפותדיקע שמחות, געטראָגן צוזאַמען די גייסטיקע ירושה פון דורות. אָט זיצן זיי — צו ווערן אויסגעמעקט פון ספר החיים אויף זייער רייזע צום טויט — די קאַצענעלענבאָגנס, די באַיאַרסקיס, די טראַצקיס, לוריעס, לעווינסאָנס, די קאָלמאַנאָוויטשעס, די ציגעלניצקיס, מאַנסקיס, עפּשטיינס און... און... און... אַ לאַנגע רשימה! אין די מוחות ביי אַלעמען עקבערט די אומפאַרענטפערטע פראַגע פון אַלע קדושים — „אלי אלי למה עזבתני".

אַ שווערע רואיקייט הערשט אין דעם נאָענטסטן וואַגאָן. דאָ איז אַ ביסל גראָמער, דאָ געפינט זיך די יידישע מיליץ פון געטאָ מיט זייערע משפּחות. זיי, מיט דער אילוזיע פון פריי־ווילעגירטע, מיט צעשפּאָלטענע נשמות, האָבן דאָך אַמשטאַרקסטן געגלייבט אין „איבערלעבן דעם דייטש". א צונויפמיש פון מענטשן פון אַלע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג פון לידע פאַרבונדן מיט איין געדאַנק „צו דערדינען זיך דאָס לעבן". זיי האָבן דאָך שוין איין מאָל באַזיגט דעם טויט, דעם 8טן מאַי 1942. זיי ווייסן אָבער אויך, מער ווי אַנדערע, אַז אין אַנדערע געטאָס, האָט דער דייטש ליקווידירט אָן אויסנאָם אויך די גאַנצע יידישע מיליץ. זיי, די געהאָרכזאַמע, געפינען נישט אין זיך קיין פונק פון ווידערשטאַנד. מען דאַרף גלייבן די פאַרזיכערונגען פון געביט־קאָמיסאַר און באַרואיקן די משפּחות. אָט זיצט ער לעבן דעם פענצטערל פון וואַגאָן מיט זיין משפּחה, זייער קאָמענדאַנט לייזער סטאָליצקי. ער רופט זיך צו קיינעם נישט אָפּ, שוויגט. דורך זיינע געדאַנקען שוועבן פאַרביי די צענדליקער פּאַרטיזאַנער, וועמען ער האָט געהאָלפן פאַרלאָזן דאָס געטאָ און אַוועק אין וואַלד קעמפן קעגן די דייטשן. ווי שטאַרק האָט ער געוואָלט מיטגיין מיט זיי. ער האָט אָבער טיף געוווּסט, אַז ער מוז בלייבן אויפן פּלאַץ, כדי דערמעגלעכן אַנדערע ראַטעווען זיך. אַלס מיליטעריש אויסגעשולטער אָפיציר און אַ זון פון איינע פון די שענסטע יידישע פאַמיליעס אין לידע, האָט ער געוווּסט זיין פליכט: שטיין אין געטאָ אַלס מיליץ־קאָמאַנדיר. אָנשיכורן, ווען מען דאַרף, די דייטשע און פּוילישע פּאָליציי, ווערלכע האָבן באַוואַכט דאָס געטאָ פון דרויסן, כדי צו דערמעגלעכן דעם צוטריט און אַרויסגאַנג פון די יידישע פּאַרטיזאַנער אין וואַלד און פון וואַלד. קיין אילוזיעס וועגן די דייטשן האָט ער קיינמאָל נישט געהאַט. אָבער — מען דאַרף שטיק און אָנגיין, כדי די קרימינעלע עלעמענטן אין דער געטאָ־מיליץ זאָלן נישט אויפהייבן דעם קאָפּ.

פון צייט צו צייט גייט ער איבער מיט זיין בליק איבער זיינע מענטשן און זייערע פאַמיליעס, ווי אויך אויף די אַנדערע אין וואַגאָן. אָט פאַלט זיין בליק אויף די צווי באָרוועסע יונגע שיינע מיידלעך. ער ווייס גענוי וועגן זיי אַלץ. איינע פון זיין ליבקע פּופּקאָ, איז דאָך זיינס אַן אַמאָליקע שכנטע. ער געדענקט זי פון אירע פריסטע קינדער־יאָרן, געוואָקסן שיין, ווי אַ גאַזעל. די שוואַרצע האָר מיט די גרויסע אויגן, בלויע ווי דער הימל, מאַכן אויף יעדן אַן אומפאַרגעסלעכן איינדרוק. ער געדענקט ווי קורץ נאָך דער שחיטה, איז זי אַרוסגעפירט געוואָרן פון געטאָ צוזאַמען מיט איר אַלטן פאָטער שמואל, און מוטער קיילע און ברודער ירחמיאל אין וואַלד אַריין צוזאַמען מיט אַנדערע. מיט דער הילף פון דעם דורך ביעלסקין געשיקטן העלדישן פּאַרטיזאַן, „לייבקע קאַצאַפּ" (לייבקע אָזשעכאָווסקי). ער, דער קאָמענדאַנט, פון דער יידישער מיליץ, האָט נאָכדעם געדאַרפט אָנווענדן אַלע מיטלען, אַז דער דאָזיקער מאַסן־אַרויסטריט פון געטאָ אין וואַלד, זאָל נישט ווערן אַנטדעקט צו די דייטשן. די צווייטע, אויך אַ שיינהייט, מיט אַ באַצויבערנדיקער פּערזענלעכקייט. ער וויל זיך דערמאָנען איר נאָמען. יאָ. דאָס איז בעטקע אַרליוק. ער ווייסט פון זיינע מענטשן, אַז די דאָזיקע צווי פּאַרטיזאַנערינס האָבן זיך אַריינגעשמוגלט צוזאַמען מיט ליובע מאגאט, פון ביעלסקיס אָפּטיילונג אין וואַלד, אין געטאָ אַריין מיט צווי טעג צוריק, כדי צו מאַכן שיך און איינקויפן פאַר זיך אייניקע זאַכן, וואָס זענען צעריסן געוואָרן אויף זיי אין וואַלד. אויסגעמאַטערט פון דער דייטשער גרויסער אָבלאַווע אויף די פּאַרטיזאַנער, ווען זיי האָבן זיך געדאַרפט אויסבאַהאַלטן אין די זומפּן פון דער נאַליבאָקער פּושטשע, האָבן זיי באַשלאָסן צו גיין אויף עטלעכע טעג אין געטאָ און איינקויפן די זאַכן און זיך אָפּרוען אַ ביסל. די פּאַרטיזאַנער אין וואַלד האָבן געוווּסט, אַז לייזער סטאָליצקי וועט זיי קיין שלעכטס נישט טאָן. די קאָמוניקאַציע

[1] אייניקע פון אונדזערע לידער בני עיר באַמערקן, אַז זיי האָבן געקענט ד"ר גרו אַלס אַ זייער וואַרעמען און מוטיקן ייד. זיי איז שווער געווען מסכים צו זיין צו דער דאָזיקער אָפּשאַצונג פון זיין פּערזענלעכקייט. אויב ס'זאָל אַפילו ריכטיק זיין די אינפאָרמאַציע וועגן זיין באַמיען זיך צו באַרואיקן די צום טויט־געפירטע לידער יידן, איז ער דאָך נישט געווען דער איינציקער, וואָס האָט זיך אין לעצטן מאָמענט „אָנגעכאַפּט אָן אַ שטרוי". און אגב, איז דען אין יענעם מאָמענט געווען אַזוי קלאָר, ווי דאָס איז אונדז היינט צו טאָג, אַז דאָס איז זייער לעצטער וועג? האָט מען מיט אַ געוויסע צייט פריער נישט איבערגעפירט קיין לידע רעשטלעך פון די געטאָס פון די אַרומיקע שטעטלעך? ד"ר גרוס אַרגומענטאַציע (וואָרשיינלעך אינספּירירט פון „גוטן" געביטס־קאָמיסאַר) האָט אין יענעם מאָמענט געקענט אויסזען לאָגיש אין אַ געוויסער מאָס.

זיין איינזען האָט געקענט זיין נישט ריכטיק, כאָטש אין זיין גוטער כוונה קען נישט זיין קיין ספק. אָבער, צי מעגן מיר, די לעבנגעבליבענע, אים דן זיין?

צווישן די יידישע פּאַרטיזאַנער אין וואַלד און דעם פּאָסטאָווסקן געטאָ איז געווען אַ לעבהאַפטיקע. ביידע שיינע מיידלעך זיצן צוגעטוליעט איינע צו דער אַנדערער, פילנדיק זיך פרעמד און אָפּגעזונדערט אין דעם דאָזיקן וואַגאָן, אָבער באַהערשט פון אַ געמיינזאַמען געדאַנק צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע: „איז דאָס אונדזער לעצטע רייזע?" באַלד וועט דער צוג פאַרלאָזן די ראַמפּע. די שווערע טיר האָט מען דאָך מיט אַ ווײַלע צוריק פאַרריגלט. וועט זיין אַ מעגלעכקייט צו שפּרינגען? די אויגן ווענדן זיך צו די צוויי שמאָלע פענצטערלעך נעבן דעם דאַך פון וואַגאָן. וועלן די פענצטערלעך דינען אַלס רעטונג־וועג? און אין וואַלד דאָרטן, ביי ביעלסקיס פּאַרטיזאַנער וואַרט מען אויף זייער ביידנס צוריקקער. די געדאַנקען טראָגן זיי עקשנותדיק „אַהיים", אין וואַלד. צי געדענקסטו, בעטקע, ווי די מאַמע האָט זיך ביי אונדז געבעטן נישט צו גיין אין געטאָ, און ער, דער ברודער ירחמיאל, האָט אַרגומענטירט מיט זיי קעגן פאַרלאָזן אַפילו אויף אַ פּאָר טעג זייער פּאַרטיזאַנער לאַגער. זי דערמאָנט זיך, בעטקע, ווי זי האָט אים באַרואיקט, אַז איצט איז די בעסטע צייט צו גיין אין געטאָ, ווייל די דייטשן זענען דאָך נאָך אויסגעמאַטערט פון דער גרויסער אָבלאַווע און די קאַמפן מיט די פּאַרטיזאַנער, און זיי וועלן לאָזן דאָס געטאָ צורו די נאָענטסטע צייט. וועט זי אים נאָך זען, ירחמיאלן, ליבקעס ברודער? זי האָט דאָך אים אַזוי ליב; די טרערן פליסן און שטאַרקער טוליעט זי זיך צו זיין שוועסטער. ביידע מיידלעך רעדן וועגן פרייען לעבן אין וואַלד. זיי דערמאָנען די שיינע זומער־נעכט, ווען מען האָט גערעדט מיט גלויבן, אַז דער דייטש וועט ליידן אַ מפּלה. מיר וועלן אַרויסגיין פון די וועלדער. נישטאָ נאָך וואָס צו גיין און לעבן צווישן די גויים אין לידע. איין וועג איז פאַר אונדז פאַראַן — ארץ־ישראל!" זיי האָבן ליב געהאַט צו רעדן אין זייער ענגן קרייז וועגן דער שוועסטער באַשקע אין ארץ־ישראל. בעטקע פלעגט זיצן דעמאָלט אין קרייז פון דער משפּחה, צוגעטוליעט צו ירחמיאלן און ליב געהאַט זיך איינצוהערן ווי אַלע רעדן מיט שטאָלץ און מיט בענקשאַפט וועגן דער דאָזיקער שוועסטער. זי האָט געגלייבט, דאָרטן אין וואַלד, אַז זי וועט אין איינעם פרימאָרגן פאָרן צוזאַמען מיט ליבקען, ירחמיאלן און זייערע עלטערן קיין ארץ־ישראל. און אָט פאָרט זי מיט ליבקען. יאָ, אַ ציטער איז איר אַדורך איבערן לייב. דער צוג האָט זיי אויפגעטרייסלט פון זייערע געדאַנקען. עס קלאַפּן שטאַרקער די רעדער אָן די רעלסן...

יוסף קפלן

# אין קאַמף פאַרן לעבן

אין געטאָ דערוועקט זיך אַ געדאַנק פון נקמה און ראַטעווען דאָס לעבן, יעדער איינער לויט זיינע פערזענלעכע מעגלעכקייטן. ס׳הייבט זיך אָן אין געטאָ אַ האַנדל מיט געווער מיט באַקאַנטע פוערים, וואָס נעמען אַרויס זייער פיל געלט ביי יידן. אַנדערע יידן מיט געלט פרווון זיך איינקויפן אַ באַהעלטעניש ביי באַקאַנטע פויערים. אַנדערע אַנטלויפן אין די געטאָס פון אַנדערע געביטן צוליב געוויסע פאַלשע קלאַנגען, אַז אין יענע געביטן וועט מען נישט פאַרניכטן קיין יידן. מען פאַרשפרייט אויך קלאַנגען, אַז די יידישע פאַכלייט, וואָס אַרבעטן אין די וואַרשטאַטן אונטער דער לייטונג פון אינזשיניער אַלטמאַן, וועלן אויך בלייבן לעבן.

עס אַנטשטייט אַ געדאַנק וועגן אַנטלויפן אין וואַלד צו די פאַרטיזאַנער. דאַן איז נאָך די פאַרטיזאַנישע באַוועגונג געווען זייער שוואַך אָרגאַניזירט און פון געטאָ איז נאָך נישט געווען קיין זיכערע פאַרבינדונג.

עטלעכע גרופּעס זענען אַוועק זוכן אַ פאַרבינדונג און אין אַ וואָך אַרום זענען זיי צוריקגעקומען אָפּגעריסענע און אָנטוואָפּנטע. רוסישע פאַרטיזאַנער האָבן זיי אויסגעטאָן, אַנטוואָפנט און צוריקגעטריבן אין געטאָ.

ס׳האָבן זיך פאַרשפרייט קלאַנגען, אַז אין נאַטשער פושטשע, אין דער געגנט פון ראַדון, געפינען זיך פאַרטיזאַנער, ווי אויך יידן צווישן זיי. יידן האָבן זיך געסודעט. אין מיין וואַרשטאַט האָב איך באַמערקט ווי אַרבעטער מאַכן אייניקע דעטאַלן צו געווער, אָדער רייניקן קוילן. ס׳איז פאַרלויפיק נישט געווען קיין אָרגאַניזירונג, נאָר יעדער איינער האָט אָנטיילגענומען אין אַ גרופּע, וואָס האָבן זיך דערמיט אינטערעסירט. אין אַ קורצער צייט אַרום האָב איך זיך אויך פאַרבונדן מיט אַ גרופּע, וואָס האָט געהאַט אַ קאָנטאַקט מיט פאַרטיזאַנער־גרופּעס נעבן לידע.

די פאַרטיזאַנער־גרופּע מיטן נאָמען „איסקראַ”, האָט זיך געפונען אין די דערפער דאַקודאָווע, פּודזין, וואַסילעוויטש, אַליכאָווקע, בורנאָס און אַנדערע דערפער נעבן לידע. די גרופּע איז באַשטאַנען פון אַנטלאָפענע רוסן פון געפאַנגענשאַפט, ווי אויך פון די טורמעס, ווו זיי זענען געווען פאַרמשפּט פאַר פאַרשידענע פאַרברעכנס, און אַ טייל ווייסרוסן פון יענע דערפער. די זעלבע פאַרטיזאַנער פלעגן אויך אויסטאָן יידן, צונעמען ביי זיי דאָס געווער און טרייבן צוריק אין געטאָ.

אַזוי האָט אויסגעזען די פאַרטיזאַנישע באַוועגונג אין יענער צייט. שפּעטער האָט זיך די לאַגע געענדערט אויף בעסער און עס זענען אַריינגענומען געוואָרן אויך יידן אינעם אָטריאַד „איסקראַ”.

אויפן צוזייטן ברעג ניעמאַן, קרייז נאָוואָגרודעק, האָבן די ברידער בעלסקי, וואָס האָבן געוווינט נישט ווייט פון נאָוואָגרודעק און גוט געקענט די געגנט, באַשלאָסן נישט צו גיין אין קיין שום געטאָ. זיי זענען אַרויס אין וואַלד נעבן דער אַלטער גלאַז־הוטע און ביסלעכווייז צוגעצויגן פריינד און באַקאַנטע. אַזוי אַרום האָט זיך געשאַפן אַ פאַרטיזאַנער־גרופּע פון עטלעכע הונדערט מאַן. שפּעטער האָבן זיך מיט זיי פאַרבונדן אויך יידן פון לידער געטאָ, און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ וואַנדערונג אין בעלסקיס אָטריאַד.

ווי איך האָב פריער דערמאָנט, האָבן זיך אָנגעהויבן אָרגאַניזירן גרופּעס, כדי אַוועקצוגיין אין וואַלד צו די פאַרטיזאַנער. איינער האָט נישט געוווּסט פונעם צווייטן. אַלץ איז געמאַכט געוואָרן זייער קאָנספּיראַטיוו. יעדן פרימאָרגן פלעגט מען זיך דערוויסן, אַז דער אָדער יענער איז אַוועק אין וואַלד. אַפילו די נאָענטסטע האָבן דערפון נישט געוווּסט.

אין אָנהייב זענען עטלעכע פאַרטיזאַנער געקומען ביי־נאַכט און אַוועקגענומען דעם ד״ר מיאַסניק מיט זיין פרוי און טאָכטער (היינט אין אַמעריקע). ס׳איז געווען אַ פרייד אין געטאָ. מ׳האָט געפילט, אַז עס עפנט זיך אַ וועג צום קאַמף און נקמה. עס זענען אַוועק וועלוול קרופּסקי און בעלאַ גאָלאָמביעווסקי ז״ל. אַ שטיק צייט שפּעטער האָבן זיי געשיקט נאָך דעם ד״ר גאָלאָמביעווסקי און פרוי. עס איז אַוועק דער קצב אליהו אילוטאָוויטש מיט זיין פאַמיליע, וועלכע זענען אומגעקומען אין דאָרף דאַקודאָווע.

די באַוועגונג אין געטאָ צום אַרויסגיין אין וואַלד האָט זיך פאַרגרעסערט. אין איין נאַכט איז אַרויס אַ גרופּע פון בערך 40 יידן, אונטער דער אָנפירונג פון לייבקע אָזשעכאָווסקי, „לייבקע קאַצאַפּ” (היינט אין אַמעריקע). עס איז אַוועק פון לידער געטאָ ברוך לעווין (אַ זשעלודקער). ער האָט העלדיש געקעמפט און גענומען נקמה פון די מערדער, און צום סוף באַקומען די העכסטע סאָוויעטישע אויסצייכענונג „העלד פון סאָוויעטן־פאַרבאַנד”. ס׳זענען אַוועק ד״ר קווילעוויטש מיט זיין שוועסטער שולמית (היינט אין אַמעריקע), ד״ר גאָרדאָן מיט זיין פרוי אסיה, לייביש פערדמאַן, ד״ר טענענבוים, צאָן־דאָקטאָר טאָוריצקי (היינט אין אַמעריקע), זרח אָרלוק מיט דער פאַמיליע שעוואַכאָוויטש, קלמן באַסיסט מיט זיין פאַמיליע (אין ישראל). אין געטאָ פלעגן אָפט קומען פאַרטיזאַנער נאָך פאַרשידענע זאַכן און צונעמען עטלעכע מענטשן.

איך אַליין בין אַרויס מיט אַ פאַרשפּעטיקונג. איך בין שוין געקומען צו אָרגאַניזירטע פאַרטיזאַנער־גרופּן. איך האָב געהאַט אַ נאָענטן קאָנטאַקט מיטן קאָמענדאַנט פון דער יידישער פּאָליציי, לייזער סטאָליצקי, מיטן אינזש. אַלטמאַן און אַלפּערשטיין. ווען זיי האָבן זיך דערוווּסט, אַז איך קלייב זיך אַוועקצוגיין פון געטאָ צו די פאַרטיזאַנער, האָבן זיי מיך נישט איינמאָל גערופן און געוואָרנט, אַז אויב איך וועל פאַרלאָזן דאָס געטאָ, נאָך דעם ווי וו. קרופּסקי איז שוין געהאַט אַוועק און מיר זענען פון די הויפּט־פאַכמענער, קען חלילה געשען אַן אומגליק מיט די יידן אין געטאָ.

כדי צו באַרויקן אונדז, וואָס האָבן געאַרבעט אין די וואַרשטאַטן, האָט אַלטמאַן זיך געווענדעט צום קאָמיסאַר האַנוועג און אים געזאָגט, אַז אין געטאָ הערט מען אומרואיקע קלאַנגען, אַז דעם לידער געטאָ שטייט פאַר אַ געפאַר. דעריבער וויל ער רופן אַ פאַרזאַמלונג פון די וואַרשטאַטן, כדי ער זאָל אונדז באַרויקן. זיין דערקלערונג איז געווען קורץ: „יידן, אייער לעבן איז אָפּהענגיק פון אייער אַרבעט, וועט

איר פלייסיק אַרבעטן, וועט איר בלייבן „פּאַרלויפּיק לעבן״.

יידן זענען זיך צעגאַנגען מיט פרייד, און אַלטמאַן האָט צו מיר געזאָגט: נו, קאַפּלאַן, האָסט געהערט? איצט וועסטו שוין זיצן רואיק?״

האָב איך אים געענטפערט: „יאָ, איך האָב געהערט, אַז „פּאַרלויפּיק״, דאָס הייסט, דערוויַיל קען מען זיין רואיק, נאָר ווען דער אומגליקלעכער טאָג וועט קומען וועט זיך דער געביטס־קאָמיסאַר גאָרנישט וויַיזן. איך האָב אים אויך געוואָרנט, אַז ער זאָל נישט וואַגן צו שטערן קיינעם אין זיין אַנגעצייכנטן וועג.

דאָס וואָס מ׳האָט פאַרגעזען האָט טאַקע פּאַסירט, דער „פּאַרלויפּיק״ האָט געדויערט 4 חדשים, און מען האָט דאָס לידער געטאָ געמאַכט „יודענריין״, טראַנספּאָרטירט די יידן קיין מיידאַנעק.

עטלעכע טעג נאָך דער פאַרזיכערונגס־רעדע פון קאָ־מיסאַר, איז אונדזער גרופּע אַוועק פון געטאָ. איך, מיין פרוי אידאַ, ראובן רובינשטיין (געשטאָרבן אין אַרגענטינע), יעקב גראָדזשענטשיק מיט זיין כלה, שרה שאַפּירא (געפאַלן אין פּאַרטיזאַנקע), די משפחה פון כאַסיע בעדזאָווסקי (היינט אין קאַנאַדע). שמואל סענזאַן האָט זיך אומגעקערט אין געטאָ נאָך אַן אַבלאַווע און אומגעקומען, און נאָך עטלעכע יידן, ווי אויך א. דמשק, וועלכער איז שוין אַלס פּאַרטיזאַן געוועזן 18 טעג אין געטאָ, כדי איינצואָרדענען אַ דרוקעריי צום דרוקן אַ וואַלד־צייטונג מיט די נייעס פון פראָנט. די אַלע איינריכטונגען פון דער דרוקעריי זענען אַוועקגעשיקט געוואָרן בייטאָג מיט אַ פּויער, וועמען די פּאַרטיזאַנער האָבן געשיקט צו דעם צוועק, און מיר זענען די זעלבע נאַכט אַרויס פון געטאָ.

נאָך אַ נאַכט גיין זענען מיר אָנגעקומען אין דער געגנט פון דאַקודאָווע — אַפּוואָרטנדיק אויף אַ פּלאַץ ווו עס איז געווען אין איינציק פּויעריש הייזל. ווען עס האָט אָנגעהויבן טאָגן האָבן אונדז באַגעגנט פּאַרטיזאַנער פון דער גרופּע „איסקראַ״, באַוואָפנט פון קאָפּ ביז די פיס, אָנגעטאָן אין סאָוויעטישער קליידונג. ס׳האָט זיך גאָרנישט געגלייבט, אַז אין פאַרלויף פון איין נאַכט, זייענדיק פּאַראורטיילט אויף אַ זיכערן טויט, זאָלן מיר זיך געפינען אויף דער פריי און קענען נקמה נעמען אַן דעם גרויזאַמען מערדער.

זיי האָבן פאַראָרדנט, אַז די בעל־הביתטע פון הויז זאָל געבן עסן און טרינקען, און באַלד איז געווען געגרייט אַ טיש מיט בראָנפן און פיל שפּייז.

מען האָט אונדז צעטיילט. אַ טייל איז געבליבן אין „איסקראַ״, די איבעריקע האָט מען געשיקט צו בעלסקין. א. דמשק איז פאַרבליבן אין „איסקראַ״ בלויז עטלעכע טעג. שפּעטער איז געקומען אַ באַפעל פון גענעראַל פּלאַטאָן, אַז דער פּאַרטיזאַן א. דמשק מיט אַלע איינריכטונגען פון דער דרוקעריי דאַרף אָפּפאָרן אין פּאַרטיזאַנער־שטאַב פון לופּי־טשאַנסקער פּושטשע.

די אויפגאַבע פון דער פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג און פון דער גרופּע „איסקראַ״ זענען געווען דיווערסיע־אַקטן: אויפ־רייסן באַנען, בריקן, צעשטערן טעלעגראַף־נעצן, פאַרמינירן וועגן, ברענען ווירטשאַפטלעכע קאָנצענטראַציע־פּונקטן און לויערן אויף דייטשן.

מיטן צוגרייטן דעם אויפרייס־מאַטעריאַל האָט זיך פאַר־נומען דער פּאַרטיזאַן העשל בערדאָווסקי פון האָטעל „דאָג־מאַרא״, וואָס איז געזעסן אין אַן איינציק הייזל אין וואַלד אָפּגעזונדערט פון דער גרופּע. די גרופּע דיווערסאַנטן פלעגט באַקומען זייער פּאַרציע אויפרייס־מאַטעריאַל און אַוועקמאַר־שירן צו דער אַרבעט. מען פלעגט עס פאַרגראָבן אונטער די רעלסן און פאַרלייגן אַ דעטאָנאַטאָר. יעדער דיווערסאַנט פלעגט מינירן אויף זיין אופן — ווער מיט אַ שטריק, ווער אויף אַ באַטעריע, ווער אויפן דרוק פון לאָקאָמאָטיוו און אַנדערע אויף אַ „שאַמפּאַל״.

יעדער דיווערסאַנט האָט ליב געהאַט שטענדיק גיין אין אַ באַוווּסטן וועג ווו עס איז אים שוין געלונגען אויפרייסן אַ באַן און ווו דער וועג איז אים שוין געווען באַקאַנט. איך, למשל, בין געגאַנגען אויפרייסן באַנען לעבן גאָוויע צווישן דער אייזערנער בריק און סטאַציע. דאָרט איז געווען אַ הויכער פּלאַץ און עס איז געווען זייער שיין צו זען ווי אַזוי די באַן קערט זיך איבער און פאַלט אַריין אין טאָל.

די ברידער גינצבורג פון איוויע, מרדכי (היינט אין אַמעריקע) און בצלאל ז״ל (געפאַלן אין דאַקודאָווע נאָכן באַ־פרייען זיך פון וואַלד), לייביש פערדמאַן (אין אַמעריקע) זרח אַרלוק (אין ישראל). זענען געווען אויסגעצייכנטע דיווער־סאַנטן און האָבן אויך זייער קאָנטאָ פיל אויפגעריסענע באַנען און פיל אַנדערע דיווערסיעס.

אין „איסקראַ״ זענען אויך געווען צוויי יידישע דאָקטוי־רים און צוויי קראַנקן־שוועסטער. די איבעריקע יידן זענען געווען אויסגעצייכנטע פּאַרטיזאַנער־קעמפער.

זייענדיק עטלעכע חדשים אין „איסקראַ״, האָבן די דייַ־טשן געמאַכט אויף אונדז אַן אַבלאַווע מיט אַ גרויסן כוח. זיי האָבן געוואָלט אויסראַמען די וועלדער פון פּאַרטיזאַנער. צוליב דער אַבלאַווע איז איבערגעריסן געוואָרן דער קאָנ־טאַקט מיטן געטאָ. ס׳זענען אויך געווען פּאַרטיזאַנער, וואָס האָבן זיך צוריקגעקערט אין געטאָ און פאַרשפּרייט פאַלשע קלאַנגען, אַז קיינער פון אונדז לעבט שוין נישט. מיר זיינען פאַרטריבן געוואָרן מיט גרויסע פאַרלוסטן אין געגנט פון ביעניאַקאָן, וואָראָנאָווע און טריקעל.

אונדזער אַטריאַד „איסקראַ״ איז אָנגעקומען אין נאַלי־באָקער פּושטשע, פאַרסירנדיק דעם ניעמאַן און בערעזינע, נישט האָבנדיק וואָס צום עסן. ווערנדיק געיאָגט פון דייטש און נישט האָבנדיק קיין אויסזיכטן אויף צו באַקומען שפּייז האָבן מיר פאַרגעזעצט אונדזער מאַרש און מיר זענען אָנגע־קומען נעבן יוראַציעשאַק. אין זשעמעסלאַווע איז געווען אַ גאַרניזאָן פון דייטשן.

עס איז געוואָרן טאָג און מיר האָבן נישט געקענט וויַיטער גיין. זענען מיר געבליבן רוען אין אַ קליין וועלדל. מען האָט צעשטעלט אַ פּאַטראָל אין אַלע פיר עקן פון וועלדל און מיר, פון מידקייט, זענען איינגעשלאָפן.

פּלוצלינג — אַ געשריי: „דייטשן!״ מען האָט זיך אַ הייב געטאָן צום אַנטלויפן, און דער קאָמיסאַר פאַר ספּע־ציעלע ענינים, באַריס, האָט זיך אויפגעשטעלט אין דער ריכטונג פון אויסגעשריי — עס האָט אים גלייך געטראָפן אַ קויל און ער איז געפאַלן אַ טויטער. אין דער זעלבער מינוט האָט זיך געעפנט אַ פייער פון אַלע זייטן. זיי זענען צו־געקומען אַזוי נאָענט, אַז שרהלע גראָדזשענטשיק האָבן זיי געכאַפּט אַ לעבעדיקע. איך האָב באַוויזן צו שיסן און דאָ האָט מיך אָנגעכאַפּט דער קאָמאַנדיר פון „איסקראַ״ און אויסגעשריען: „איינער אין פעלד האַלט נישט מלחמה״. אָפּ־

שיסנדיק צוזאַמען מיטן קאָמאַנדיר און טשערקאָוו. אַ פּולי־מיאַטשיק, זענען מיר דערלאָפן צו אַ בלאָטע ווו מען האָט זיך געקענט אָפּשטעלן, ווייל די דייטשן זענען נישט געקראָכן אַזוי טיף אין בלאָטע. דאָרט האָבן מיר געזען, אַז אונדזער גרופּע איז זיך צעלאָפן אין פאַרשידענע ריכטונגען, און ס'זענען זייער ווייניק געבליבן.

אין יענער געגנט זענען מיר געווען אַ קורצע צייט. ביסלעכווייז האָט מען זיך צוריקגעצויגן אויף די אַלטע באַזעס, לאָזנדיק דאָרט אַ פאַרווונדעטן פּאַרטיזאַן מיט מאַשע שעוואַכאָוויטש אַלס קראַנקן־שוועסטער, און נאָך עטלעכע פּאַרטיזאַנער זיי צו היטן עס זאָל נישט געשען קיין שלעכטס. מען האָט זיי אַלעמען אויסגעהרגעט.

דער אַנטיסעמיטיזם האָט געבושעוועט און דערגאַנגען ביזן העכסטן גראַד. אין „איסקראַ" זענען מיר געווען נישט מער ווי 10 יידן. מיר האָבן געבעטן אַ באַגעגעניש מיטן שטאַב און זיי דערציילט וואָס עס קומט פאָר, געפאָדערט פון זיי, אַז מיר זאָלן בילדן אַ באַזונדערע איינהייט. דער קאָמאַנדיר האָט געפרעגט: „אין וואָס שפּירט איר דעם אַנטי־סעמיטיזם, און ווער זענען די אַנטיסעמיטן?" האָבן מיר געענטפערט: „אַלע אָן אונטערשייד". דער פּאַרטיזאַן טיגער ז"ל האָט מיטן פינגער אָנגעוויזן אויף דעם אַדיוטאַנט וואָלאָדקע און אים פאָרגעוואָרפן, אַז דעם ערשטן מאָל, ווען ער איז אַרויס פון געטאָ האָט ער אים אַנטוואָפנט, די שטיוול אַראָפּגעצויגן, צוגענומען דעם רעוואָלווער, נאָכגעשאָסן און געטריבן צוריק אין געטאָ. פון דאַן אָן האָט זיך אַ ביסל באַרואיקט.

די באַציאונג פון די רוסן צו די יידן איז געווען אָפּהענ־גיק פון דער צייט. ווען זיי איז געווען שלעכט, האָבן זיי גע־שריען: „צו וועלכן טייוול דאַרפן מיר העלפן די יידן!"

פון די פּאַרטיזאַנער־גרופּן זענען געשאַפן געוואָרן ברי־גאַדעס. אונדזער בריגאַדע האָט געהייסן אויפן נאָמען פון קיראָוו. אין דער בריגאַדע זענען געווען 6 אָטריאַדן: „איס־קראַ", „רויטער אָקטיאַבער", „אַריאַל", „באַלטייעץ", „זאַ סאָוויעטסקויו ביעלאָרוסיו" און „אָרדזשאָניקידזע" מיט אַ יידישע גרופּע און רוסישע קאָמאַנדירן.

דורך אונדזער געגנט איז אַדורך אַ פרעמדע גרופּע פּאַר־טיזאַנער פון אָטריאַד „באָלשעוויק" — אויפן וועג פון דאָרף וואַסיליעוויטש און פודזין האָבן זיי געטראָפן דעם פּאַרטיזאַן וועלוול קרופּסקי מיט בעלאַ גאָלאָמביעווסקי. דערקענענדיק, אַז זיי זענען יידן, האָט מען זיי באַרויבט, צוגענומען דאָס געווער און דערשאָסן.

נעבן לידע, פון דער צווייטער זייט ניעמאַן, האָבן זיך אָרגאַניזירט פּוילישע פּאַרטיזאַנער א. נ. „אַרמיאַ קראַיאָוואַ". זיי האָבן געהאָלפן די דייטשן קעמפן מיט די פּאַרטיזאַנער.

אונדזער לאַגע איז געוואָרן ערנסטער און שווערער. דורך די פּוילישע פּאַרטיזאַנער זענען אויך געפאַלן אונדזערע פּאַרטיזאַנער. מיט דער צייט האָבן זיך אָרגאַניזירט צוויי בריגאַדעס פּאַרטיזאַנער: „קיראָווסקאַ" און „טשאַפּאַיעווסקאַ", וואָס האָבן געמאַכט אָנפאַלן אויף די פּוילישע פּאַרטיזאַנער און זיי אַ ביסל באַרואיקט.

אין מאַיאָנטעק פון דאָקודאָווע זענען געווען באַהאַלטן די פאַמיליע יאַנקעלעוויטש, רבקה ראַדזיוואַנישקי, נאָמיק לעווינסאָן און יהודה דאגוצקי. נישט ווייט פון דאָרט איז אויך געווען באַהאַלטן די פאַמיליע פון אליהו אילוטאָוויטש. זיי אַלע זענען אויף אַ שוידערלעכן אופן דערמאָרדעט גע־וואָרן.

אין יענער צייט בין איך געווען אין דאָרף ביי אַ קריסט־לעכן זייגערמאַכער, כדי צוגרייטן אַן עלעקטרישן מעכאַניזם צו אַ מינע. געמאַכט אַ גוטן שנאַפּס. פּלוצלונג האָב איך דער־הערט געשרייען און אַ שיסעריי. איך בין אַנטלאָפן הינטער די שייערן, און אַרויסגעלאָפן פון דאָרף אויפן וועג קיין פּיעטרי און אָנגעקומען אין דאָרף בורנאָס. דאָרט האָב איך געטראָפן אונדזער גאַנצע גרופּע „איסקראַ", וואָס האָט אָנ־געהויבן פאָרסירן דעם ניעמאַן. דאָס איז געווען נישט קיין לייכטע זאַך. כ'האָב געזען ווי דאָס שיפל פון סאָניע שעוואַ־כאָוויטש, היינט אָרלוק, האָט זיך איבערגעקערט און זי איז אַריינגעפאַלן אין וואַסער. זרח אָרלוק האָט זי אַרויסגעראַטע־וועט און אַריינגעפירט צו אַ פייער זיך אָנוואָרעמען און אויס־טריקענען אירע מלבושים.

מיר אַליין האָבן אויף אונדז די לײדן נישט געזען און ניט געפילט, צוליבן דראַנג צום לעבן. נאָר אויפן צווייטן ברעג פון ניעמאַן זענען געשטאַנען פּויערים און געבראָכן די הענט צוקוקנדיק זיך צו די לײדן פון די פּאַרטיזאַנער. די ווייסע פּאָליאַקן האָבן פאַרנומען דאָס דאָרף דאָקודאָווע און מיר האָבן שוין מער נישט געקענט אַריינקומען אין דעם דאָרף.

„כרקטריסטיקה" (תעודת אופי) לד"ר ברוינה קיבלביץ, שהצטיין כרופא הפלוגה והשתתף גם בפעולות קרביות.

**מנחם רזניק**

# מיין דערנער וועג

## דער וועג קיין וואַראָנאָווע



עס איז שוין סוף ווינטער און מען דערוואַרט דעם פרילינג, אָבער נישט פאַר אַלעמען וועט נאָך שיינען די זון. מענטשן האָבן פאַרלוירן די האָפענונג. מען הערט נאָר פאַלשע טרייסטווערטער. ווו נישט ווו אין פאַרמאַכטע צימערן, ביים טונקעלן שיין פון נאַפט־לאָמפּן געפינען זיך נאָך איינציקע טרוימער וואָס חלומען פון אַ ליכטיקן פרילינג אויף דער וועלט, גלויבן נאָך אין דעם צוזאַמענברוך פון דער היטלער־אַרמיי. די סיבות פון טרוימען זענען קלאַנגען, וואָס דערגרייכן אין דער פינצטערניש פון געטאָ וועגן שטאַרקע ווידערשטאַנדן פון דער רוסישער אַרמיי אויף אַלע אָפּשניטן פון פראָנט. קאַמפן פון פאַרטיזאַנער אין רוקן פון שונא, ברענגען אים יעדן טאָג שווערע פאַרלוסטן אין זעלנער, קאָמוניקאַציע און אַפּראָוויזאַציע.

די פאַרטיזאַנער־קאַמפן זענען נישט נאָר פאַרשפּרייט ווייט אין מזרח נאָר אויך אין די מערב־געביטן.

אַרום לידע האָבן זיך אויך אָנגעפאַנגען צו אַנטוויקלען פאַרטיזאַנישע קאַמפן קעגן שונא. דער פונק פון נקמה הייבט אָן אַריינדרינגען אין די נשמות פון אַ טייל מענטשן אין די געטאָס. די דייטשע מפּלות אויף די פראָנטן הייבן אָן פאַרשנעלערן די אויסראָטונג פון די געטאָס. מורא האָבנדיק פאַר פאַרשידענע אויפשטאַנדן ווערן דורך די היטלעריסטן צוגעגרייט פאַרשידענע אָפּנאַרערישע מיטלען צו אויסבאַהאַלטן די צוגרייטונגען אויף פאַרניכטן די יידן אין די געטאָס.

אויך לידער געטאָ געפינט זיך אין פראָגראַם פון אויסראָטונג צוגעטראַכט דורך די תליינים האַנוועג, ווינדיש און ווערנער מיט זייערע משרתים. מיט זייערע פאַלשע שמייכלען און ליגנערישע הבטחות באַמיען זיי זיך צו באַאיינפלוסן די מיטגלידער פון יודענראַט וואָס שטייען מיט זיי אין קאָנטאַקט, זיי זאָלן נישט וויסן וואָס עס ווערט צוגעגרייט.

איך וויל דאָ דערמאָנען אַ געשפּרעך מיט אַ טשעך פון די ס. ס. אין לידע, וואָס האָט מיך גאַנץ אָפט באַזוכט. זיין אויסזען איז געווען עפּעס אַנדערש ווי אַלע מאָל. זיין פראַגע איז געווען צי קיינער חוץ אונדז איז נישטאָ אין הויז. דאַן האָט ער אָנגעהויבן ריידן:

„היטלער האָט פאַרשפּילט די קריג. אַלע נצחונות־בילדער און דערציילונגען, אַז די דייטשישע אַרמיי געפינט זיך נעבן מאָסקווע, זענען נאָך פאַרן קריג צוגעגרייט געוואָרן דורכן פּראָפּאַגאַנדע־מיניסטעריום. אָבער איידער היטלער וועט דעם קריג פאַרשפּילן, וועלן אַלע יידן ליקווידירט ווערן דורך פאַר־שידענע פון פריער צוגעגרייטע מיטלען, פּייניקונג און דערנידערונגען".

דאָס זאָגנדיק האָט ער מיר געגעבן עטלעכע רעוואָלווער־קוילן און געזאָגט:

„דאָס איז פאַרן שונא, אָבער די לעצטע קויל לאָז פאַר דיר, כדי דיין טויט זאָל זיין שענער ווי דערנידעריקט צו ווערן."

ביים געזעגענען זיך האָט ער געזאָגט, אַז ער ווערט געשיקט צום פראָנט און מיר וועלן זיך שוין מער נישט זען. ער אַליין האָט געהערט צו דער טשעכישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פאַרטיי, נאָר איצט איז ער פאַרמאַסקירט.

דאָס געשפּרעך האָט געעפנט אין מיר אַ פאַרבאָרגן געפיל וואָס האָט מיך נישט געלאָזט רוען און גערופן: „גיי אין וואַלד"; „עטלעכע קוילן דעם שונא, די לעצטע — זיך".

אַ געוויסן פרייטיק פרי, ווען מענטשן פון געטאָ זענען געגאַנגען צו דער אַרבעט, האָט מיר מיין 11־יאָריקער זון פלוצלינג אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז געסטאַפּאָ קומט אָן. ווען איך האָב דורכן פענצטער דערזען די מערדער מיט אַ פּוילישן פּאָליציי־פּזשאָדאָווניק גיין אין דער ריכטונג פון מיין הויז, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז די לאַגע איז ערנסט. אַנטלויפן דורכן פענצטער איז געווען אוממעגלעך. געשטויסן דורך אַ געהיימען אינסטינקט, האָב איך געעפנט די טיר צו דער גאַס און זיך אָנגעטראָפן מיט דער גרופּע. דער ערשטער האָט מיך פאַרהאַלטן דער פּאָליציי־פּזשאָדאָווניק און געפרעגט ווו וווינט רעזניק? איך האָב אים געוויזן אויף דער צווייטער טיר, ווו ס'האָט געוווינט מיין פרויס שוועסטער, און איך בין אַנטלאָפן.

ווען איך בין אַרויס פון פּאָסטאָווסקע גאַס, גייענדיק צו קאָשאַראָווע, האָב איך אויף אַלץ געקוקט און געטראַכט, אַז איך זע דאָס צום לעצטן מאָל. איך בין געגאַנגען צום יודענראַט, זיי דערציילן און מיט זיי זיך באַראַטן וועגן ווייטערע שריט.

ביי מיין שוועגערין האָט מען די היטלעריסטן געזאָגט, אַז איך בין אַוועק אין יודנראַט. זיי האָבן זיך גלייך געלאָזט צום יודענראַט. דערזעענדיק זיי פון ווייטן, בין איך פון יודענראַט אַנטלאָפן און אַוועק אויף די פּיאַסקעס. ערשט איצט הייבט זיך אָן דאָס טראַגישע קאַפּיטל אין מיין לעבן. אַלע טירן זענען פאַר מיר פאַרשלאָסן געוואָרן, קיינער האָט מיך נישט געוואָלט אַריינלאָזן. כ'וויל קיינעם נישט באַשולדיקן, ווייל ווען מען געפינט מיך אין איינעם פון די הייזער, וואָלט מען די גאַנצע פאַמיליע פון דעם הויז אויסגעראָטן.

איך בין אַריין צו אַ פּאָליאַק אין הויז. דאָס איז געווען דער קאַסירער פון באַנק פּאָלסקי אין לידע, באור, אַ פּויזנער. מיין גאַנץ גוטס און פאַרמעגן האָב איך צו אים איבערגעגעבן איידער די דייטשן זענען אַריין אין לידע. מיר זענען געווען שכנים. ווען איך האָב אים דערציילט וועגן וואָס עס האַנדלט זיך און געבעטן ער זאָל מיך לאָזן אין זיין הויז ביז אָוונט, כדי איך זאָל זיך קענען פאַרבינדן מיט עטלעכע באַקאַנטע, כדי צוגרייטן אַ וועג ווי צו אַנטלויפן פון לידע, האָט ער מיר געענטפערט, אַז אויב איך וועל אין פאַרלויף פון אַ פּאָר מינוט

נישט פאַרלאָזן זיין הויז, וועט ער מעלדן דער געסטאַפּאָ וועגן מיר.

כ'בין שנעל אַרויס פון זיין שטוב און גייענדיק געטראַכט וועגן דעם ווי אַזוי פיל יידן האָבן זייער גאַנץ פאַרמעגן אָפּגעגעבן צו פּאָליאַקן, גלויבנדיק אין זייער פריינטשאַפט. צום סוף זענען די „פריינט" פאַרוואַנדלט געוואָרן אין די גרעסטע שונאים און אַ טייל פון זיי האָבן גורם געווען צום טויט פון זייערע גוט באַקאַנטע יידן.

אויף פּיאַסעקעס האָב איך מיך באַגעגנט מיט מיין פרוי, וואָס איז אויך אַנטלאָפן פון שטוב. זי האָט מיר איבערגעגעבן וועגן די קורצע געשפּרעכן, וועלכע זענען געווען צווישן איר שוועסטער מיט די געסטאַפּאָ-לייט. פאַרשטענדלעך האָבן זיי נישט געוווּסט, אַז דאָס איז איין פאַמיליע.

מיט דער הילף פון מיין פרוי האָב איך זיך פאַרבונדן מיטן בירגערמייסטער יאַקאָוויטש, מיטן קאָמענדאַנט פון דער פּאָליציי און האָב באַקומען פון זיי אַנווייזונגען, כ'זאָל זיך אויפהאַלטן אין וועלכן ס'איז פּלאַץ ביז זונטיק פאַרטאָג, ווייל עס ווערט צוגעגרייט אַ פּלאַן מיך אַרויסצופירן פון לידע. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז נישט געווען פון פריינטשאַפט אָדער פון ליבע צו מיר. דאָס איז מער געווען פון שרעק, מורא האָבנדיק, אַז מיין אַרעסט קאָן זיי אויך אַריינשלעפּן.

איך געדענק נישט ווו כ'האָב פרייטיק-צו-נאַכטס גענעכטיקט. אָבער מיט איינעם, וואָס איז אויך געשלאָפן אין זעלבן הויז, האָב איך מיך דריי מאָל געטראָפן: אין דער נאַכט פון שרעק; ס'צווייטע מאָל — אין פרייען קאַמף קעגן דייטשן אין פאַרטיזאַנקע; ס'דריטע מאָל — נאָך דער באַפרייונג, אויפן וועג קיין ארץ-ישראל. געווען איז ער אַן ערלעכער פאַרטיזאַן, איינער פון די בעסטע קעמפער. ער האָט פאַרדינט די העכסטע אויסצייכענונג פאַר די קאַמפן פון דער סאָוועטישער מאַכט. שפּעטער, דורך פאַרשידענע בלבולים, האָט מען געזוכט אים צו ליקווידירן אין דער תקופה פון סטאַליניזם. דאַן איז ער געצוווּנגען געווען אויף נישט לעגאַלע וועגן צו אַנטלויפן פון רוסלאַנד און געפינט זיך היינט אין ישראל — דאָס איז דער באַוווּסטער ברוך לעווין.

שבת האָב איך מיך אויפגעהאַלטן ביי מיינעם אַ שוואָגער, שמעון בויאַרסקי. שבת ביינאַכט האָט מען מיר מיטגעטיילט, אַז מען וועט מיך זונטיק פאַרטאָג פירן אין דער ריכטונג קיין וואָראָנאָווע. מיין פרוי, נאָכן איינאָרדענען די קינדער ביי איר משפחה, איז געקומען צו מיר.

זונטיק פאַרטאָג — אַ לייכטער שניי איז געפאַלן — איז צוגעפאָרן צו בויאַרסקיס הויז אַ שליטן געשפּאַנט אין צוויי פערד. ס'איז קיין צייט נישט געווען צו קלערן. כ'האָב אַפילו נישט געוווּסט, וואָס זענען די ווייטערדיקע פּלענער. אויף מיר און מיין פרוי האָט מען אַרויפגעוואָרפן צוויי גראָבע מאַנטלען מיט באַשליקן, אַז ס'איז שווער געווען אַרויסצושטעקן די פּנימער. אויף איין אַרבל איז געווען אַ לענטע מיט דער אויפשריפט: „שוץ-פּאָליציי".

אַזוי האָבן מיר אַנגעהויבן פאַרלאָזן לידע. מיט שטילע בליקן, אָן ווערטער, אָן טרערן, האָבן מיר זיך געזעגנט מיט דער משפחה.

לאַנגזאַם האָט זיך דער שליטן געגליטשט אויפן שניי אין דער ריכטונג אויף סוואָלסקע גאַס, צום ווילנער שאָסיי. איך זע ווי אַ גרופּע יידן ווערט געטריבן צו דער אַרבעט. אין דער ערשטער ריי גייט ד"ר קאַנטאָר. אַ גרויזאַמער אומעט ליגט אויף זייערע פּנימער. כ'קוק זיי נאָך דורך די פאַרשטעלטע ווינקלען פון מאַנטל און טראַכט: דאָס לעצטע מאָל.

אַט אַזוי האָב איך פאַרלאָזט לידע.

מיט אַ פּאָר שעה שפּעטער האָב איך זיך געפונען אין שטעטעלע וואָראָנאָווע, און מיין באַגלייטער האָט זיך אומגעקערט קיין לידע.

### די דערמאָרדונג פון זון

אין וואָראָנאָווע זענען די געטאָס געווען געטיילט אין גאַסן און נישט געשלאָסן. מיין ערשטע באַגעגעניש איז געווען מיט מיינעם אַ גוטן באַקאַנטן אַדוואָקאַט קאַמיאָנסקי. ער איז געווען איינער פון יודענראַט אין וואָראָנאָווער געטאָ. ער האָט מיך פאַרבונדן מיט איינעם אַ געוועזענעם בוכהאַלטער, וואָס האָט זיך צו יענער צייט אויך געפונען אין וואָראָנאָווע — יעקב דרוק. ער האָט אונדז צוגענומען צו זיך און מיר זענען ביי אים געווען אַ פּאָר טעג.

אין אַ געוויסן אָוונט איז אַריינגעקומען דער קאָמענדאַנט פון דער ידישער פּאָליציי — אַ געוועזענער דייטשער ייד — וועלכער האָט אונדז אַרויסגעפירט אויפן גאַס און האָט געזאָגט:

„איר מוזט פאַרלאָזן וואָראָנאָווע, ווייל איר ווערט געזוכט פון געסטאַפּאָ און וואָראָנאָווע איז צו נאָענט פון לידע."

רעדנדיק האָט ער אונדז אָנגעוויזן צוויי וועגן: לינקס — לידע און רעכטס — ווילנע.

מיר האָבן פאַרלאָזט וואָראָנאָווע און צופוס געגאַנגען אין איינער פון די אָנגעוויזענע ריכטונגען. באַגלייט האָבן אונדז בלויז די שטומע שטערנס.

גייענדיק האָבן מיר פונדערווייטנס באַמערקט ווי ס'פינקלט פון אַ פענצטער אַ בלאַסע שיין. מיר האָבן זיך פאַרנומען אין דער ריכטונג. מיר זענען אַריין אין קליינעם הויז און אַ וואַרעמקייט האָט אונדז אַרומגענומען. אויף אונדזער באַגריסונג האָבן די פּויערים געענטפערט. אין אַ קורצן געשפּרעך האָב איך געזען, אַז מיר האָבן צו טאָן מיט אַ פּוילישן פּאַטריאָט. ער האָט אונדז דערלויבט נעכטיקן און מכבד געווען מיט עסן — פאַרשטייט זיך, אַז פאַר געלט.

אויף מיין פראַגע, ווי אַזוי מיר קענען אָנקומען קיין ווילנע, האָט ער מיר פאַרגעשלאָגן זיין פאַרמיטלונג.

אַ פּאָר טעג זענען מיר ביי אים פאַרבליבן. מיין פרוי איז צוריק אַוועק אין לידער געטאָ מיטן געדאַנק צו ברענגען די קינדער. זי האָט אונדזער עלטערן זון נח געבראַכט מיט זיך צום זעלבן גוי.

אין אַ זונטיקדיקן טאָג האָט אונדז דער גוי אַרויפגענומען אויף זיין וואָגן און געפירט קיין ווילנע. מיר האָבן מיט זיך געהאַט געפעלשטע דאָקומענטן, וועלכע מיין פרוי האָט מיטגעבראַכט פון לידע, אַז מיר פאָרן קיין ווילנע אין שליחות פון געביטס-קאָמיסאַר, צו ברענגען געוויסע זאַכן פאַר די לידער וואַרשטאַטן. אין אַ באַגלייטונגס-בריוו, געחתמעט פון געביטס-קאָמיסאַר, איז געווען געשריבן, אַז מיר זענען „נוצלעכע יידן", כדי דייטשן, וואָס וועלן אונדז באַגעגענען זאָלן אונדז נישט טשעפּען.

אַזוי זענען מיר דערפאָרן ביז באַסטון. דאָרט זענען מיר פאַרהאַלטן געוואָרן דורך ליטווינער. דעם וואָגן מיטן ייִנגל

האָבן זיי נישט געזען, ווייל מיר זענען געגאַנגען צופוס. נאָך אַ שטרענגער אונטערזוכונג האָבן זיי זיך גערעכנט מיט די בריוו און אונדז באַפרייט מיטן באַדינג, אַז אין פאַרלויף פון צוויי שעה זאָלן מיר דאָס שטעטל פאַרלאָזן. דער פויער האָט מורא געהאַט ווייטער צו פאָרן און ער איז צוריקגעפאָרן. מיט אַ פּאָר שעה שפּעטער זענען מיר געווען צוריק אין דער זעלבער קאָלאָניע, ביים זעלבן פויער.

נאָך אַ קורצער באַראַטונג מיטן זעלבן פויער וועגן אונדזער ווייטערדיקן גורל, האָט ער אונדז פאָרגעשלאָגן, אַזוי ווי זיין זון אַרבעט אַלס לעשניק (וואַלד־היטער) אין איינעם פון די וועלדער נישט ווייט פון וואָראָנאָווע, און דאָרט אַרבעטן אויך אַ סך יידן ביים האָלץ האַקן, וועט מיר דער זון מיטנעמען מיט דער פרוי און קינד און אונדז איינאָרדענען ביים פויער ווו ער האַלט זיך אויף. ער וועט אונדז אויך פאַרזען מיט אַן אַרבעטס־שיין.

נאָך דעם ווי מיר זענען אַדורכגעקומען מיטן זון בנוגע דעם פרייז, איז באַשטימט געוואָרן אונדזער איבערפירן פון דער קאָלאָניע אין דער נייער ריכטונג.

מיטאָג צייט זענען מיר אָנגעקומען אויפן פלאַץ. גרויסע וועלדער. יעדע פּאָר קילאָמעטער אַן איינצל הויז. זיי ווערן אָנגערופן קאָלאָניעס אָדער כוטאָרן. צו איינעם פון די הייזער זענען מיר פאַרפאָרן. אַ יונגער פויער, נישט קיין רייכער, דריי קליינע קינדער, געפירט אַ נאָרמאַל אַרבעטער־לעבן, געשפּייזט זיך טיילווייז פון זיין ערד־אַרבעט און אַ טייל פון אַרבעט אין וואַלד. זיין אויפנעמען אונדז איז געווען אַ פריינדלעכע.

שנעל האָבן מיר זיך איינגעלעבט מיט דער משפּחה און איינגעגלידערט זיך מיט די יידן, וועלכע האָבן געאַרבעט אין די וועלדער. עס האָט זיך געלעבט ניט שלעכט, אָבער ניט לאַנג. דער יינגל האָט זיך איינגעלעבט זייער גוט מיט די קינדער פון פויער, וועלכע פלעגן זיך צוזאַמען שפּילן אין שטוב און אויפן גאַס. ער איז באַליבט געוואָרן פון דער גאַנצער פויערשער פאַמיליע, אַזוי ווי אַן אייגן קינד.

דער גורל האָט אָבער עטוואָס אַנדערש געוואָלט:

אין אַ געוויסן טאָג, ווען דער לעשניק האָט זיך געפונען אין שטעטל וואָראָנאָווע און פאַרבראַכט צוזאַמען מיט אַ פּוילישן פּאָליציאַנט — אַ געוועזענער אָסאַדניק מיטן נאָמען פלאַשצוק — האָט ער אים שיכורערהייט פאַרטרויט, אַז צוזאַמען מיט אים, ביי דעם פויער אין וואַלד געפינט זיך אַ יידישע משפּחה, אַ מאַן, אַ פרוי און אַ קינד.

דער פּאָליציאַנט, וועלכער האָט שוין געהאַט אַ סך יידישע לעבנס אויף זיין געוויסן האָט באַשלאָסן אויך צו ליקווידירן די משפּחה.

אין אַ געוויסן זונטיק — דאָס איז געווען אין אַפּריל 1942 — איז דער פּאָליציאַנט געקומען צו פאָרן אויף דער קאָלאָניע. צופעליק בין איך און מיין פרוי געווען אין וואַלד. מיין זון, זעענדיק אַ פּאָליציאַנט, האָט ער זיך באַהאַלטן אין שייער. דער פּאָליציאַנט איז אַריין אין הויז, און נישט טרעפנדיק קיינעם, האָט ער זיך פאַרנומען אין ריכטונג פון שייער. דאָס יינגל האָט געפרוווט אַנטלויפן, אָבער דער פּאָליציאַנט האָט אים געכאַפּט. ער האָט אים געמאַטערט און געפרעגט ווו זיינע עלטערן זענען. מיטן גלויבן, אַז עס וועט אים געלונגען צו אַנטלויפן, האָט ער אים געפירט אין דער ריכטונג צום וואַלד. זייענדיק נאָענט פון וואַלד, האָט ער גענומען לויפן. דריי קוילן האָט דער פּאָליציאַנט פאַרמאָגט אין זיין ביקס. 2 האָבן נישט געטראָפן, די דריטע האָט דורכגעלעכערט דאָס האַרץ פון יינגל און ער איז געפאַלן אַ טויטער צו דר׳ערד. דער ערשטער און ליבסטער קרבן פון מיין משפּחה אויף פעלדער ווייט פון אַ יידישן ישוב.

אויף די קלאַנגען פון די שיסערייען איז מיין פרוי אינסטינקטיוו געלאָפן צו דער ריכטונג. אירע בליקן האָבן זיך נאָך באַגעגנט מיטן לויפנדן און פאַלנדיקן קינד. אַ ווילדע האָט זי זיך געוואָרפן אויפן פּאָליציאַנט מיטן אויסגעשריי: „וואָס האָסטו געטאָן ?!״ ס׳איז צווישן זיי פאָרגעקומען אַ געראַנגל. קיין קוילן האָט ער מער נישט געהאַט. ווען ער האָט זיך אַרויסגעריסן פון אירע הענט, האָט ער איר נאָך אַ קלאַפּ געגעבן מיטן פריקלאַד פון ביקס, אָבער זעענדיק, אַז מיר, איך און מיינע חברים, דערנענטערן זיך, און הערנדיק דעם קלאַנג פון אַ רעוואָלווער־שאָס אין זיין ריכטונג, איז ער אַנטלאָפן.

מיטן אויפגייענדן מאָרגנשטערן האָבן מיר באַערדיקט אונדזער זון נישט ווייט פון וואַלד, נעבן אַ יונג בליענדיק ביימעלע. דער פויער האָט אונדז פאַרזיכערט, אַז ער וועט היטן דעם קבר. מיר האָבן געגלויבט, אַז ס׳וועט אונדז געלינגען איבערפירן דעם קערפּער קיין לידע אויפן יידישן בית־עולם.

נאָך צוויי טעג פון שווערע איבערלעבונגען האָבן מיר זיך פאַרנומען אין דער ריכטונג צוריק צום לידער געטאָ.

### אין ווילנער געטאָ

נאָכן איבערנעכטיקן אין לידער געטאָ, זענען מיר צומאָרגנס גאַנץ פרי אַרויס אין דער ריכטונג פון ווילנע, געפירט דורך אַ פויער, וואָס האָט אונדז געבראַכט אין לידער געטאָ. אָנקומענדיק קיין ווילנע, האָבן מיר באַגעגנט אַ יידישע אַרבעטס־גרופּע געפירט פון איר גרופּן־פירער אין געטאָ, אומקערנדיק זיך פון דער אַרבעט. צוזאַמען מיט זיי האָבן מיר זיך אַריינבאַקומען אין ווילנער געטאָ, וועלכער איז געווען באַוואַכט דורך דייטשן און ליטווינער.

נאָכן איבערנעכטיקן די ערשטע נאַכט ביי באַקאַנטע, בין איך גערופן געוואָרן צום שעף פון יודענראַט, גענס. דאָרט האָט זיך אויך געפונען דעסלער, דער יידישער פּאָליצייקאָמענדאַנט. זיי האָבן מיך אָנגעהויבן פאָרשן, ווי אַזוי איך בין אַנטלאָפן פון לידע, וועגן דער לאַגע אין לידער געטאָ א. א. וו.

כ׳בין פון זיי געוואָר געוואָרן, אַז דער גנב, וועלכער האָט געבראַכט דעם אומגליקספאַל אין לידער געטאָ, געפינט זיך אין אַרעסט. זיי האָבן מיר געגעבן די מעגלעכקייט אים צו זען און זאָגן צי דאָס איז דער זעלבער.

אינטערעסאַנט איז, אַז טראָץ דעם וואָס פּאָר יידן איז געווען פאַרבאָטן קאָמוניקאַציע און פּאָסט, זענען אַלע ידיעות פון איין געטאָ צום אַנדערן דערגאַנגען פּינקטלעך און צו דער צייט.

דאָס איינבירגערן זיך אין ווילנער געטאָ איז אונדז אָנגעקומען נישט שווער אַ דאַנק אַ געוויסער משפּחה ראַדזיעוויטש, וועלכע האָט אונדז געגעבן די מעגלעכקייט צו שלאָפן ביי זיי, און אויך אַ דאַנק זייער אַ זון, וואָס האָט געאַרבעט אין אַרבעטס־אַמט.

דאָס לעבן אין ווילנער געטאָ איז געווען אַ סך שווערער ווי אין לידע. די סיבות דערפון זענען געווען דאָס, וואָס דער געטאָ אין ווילנע איז געווען אַ געשלאָסענער, מיט אַ גרויסער באַפעלקערונג אויף אַ גאָר קליינעם שטח, אונטער אַ שטרענגער קאָנטראָל פון ליטווינער געסטאַפּאָ. נישט קוקנדיק אָבער אויף דעם, איז אין געטאָ געפירט געוואָרן אַ קולטורעל לעבן.

כ׳וויל נישט צופיל זיך פאַרנעמען מיטן עקאָנאָמישן און פּאָליטישן לעבן פון ווילנער געטאָ. איך לאָז דאָס פאַר די, וועלכע האָבן דורכגעלעבט פון דייטשן אַריינמאַרש אין ווילנע ביז דער ליקווידאַציע פון געטאָ, און פאַר אַזעלכע דיכטער און שרייבער, וואָס ווילנע פאַרמאָגט און האָבן וועגן דעם געניטער געשריבן, ווי סוצקעווער, קאָוונער, דוואָרזשעצקי און אַנדערע. איך וויל נאָר דערמאָנען לזכות דעם לידער יודענראַט און קאָמענדאַנט פון דער יידישער פּאָליציי — ליכטמאַן, קאָטאָק א. אַ., וועלכע האָבן זיך אָפּגעזאָגט מיטצואַרבעטן מיט די דייטשן און האָבן אַוועקגעגעבן פּיינפול זייער לעבן. נישט ווי דעסלער אַלס קאָמענדאַנט פון דער פּאָליציי אין ווילנער געטאָ און אַנדערע, וועלכע האָבן פאַרראַטן זייערע אייגענע ברידער, האָבן מיטגעהאָלפן די געסטאַפּאָ אין זייער שמוציקער אַרבעט און האָבן אויך שפּעטער באַצאָלט מיט זייער אייגן לעבן, אַ טייל דורך געסטאַפּאָ־לייט און אַ טייל דורך דער אונטערגרונט־באַוועגונג.

נאָך פאַרבלייבן צוויי וואָכן אין געטאָ, בין איך צוגעטיילט געוואָרן אַלס גרופּנפירער צו אַן איינהייט, וועלכע האָט געאַרבעט אויסער ווילנע, אין פאַרובאַנעק — אַן איינהייט, וועלכע האָט זיך געפונען אונטער אַ שטרענגער אויפזיכט פון היטלער־יוגנט און געפירט דורך אַ טאָדט־אינזשיניער. אמת, די אַרבעט איז געפירט געוואָרן אויף דער פריי, ד. ה. אויף דער פרייער לופט, אָבער אונטער אַ שטרענגער וואַך. דער הויפּט פון דער איינהייט, אַ געוויסער ס. ס.־מאַן מיט אַ פאַרברענט געפלעקטער צורה, דאָס אויסזען — העסלעך, אָבער אויך אינערלעך אַ הונדערט־פּראָצענטיקע חיה. אַ שרעק פלעגט באַפאַלן די אַרבעטער ווען ער פלעגט דורכגיין אויף אַ קאָנטראָל, וואָס פלעגט שטענדיק זיך ענדיקן מיט אַ קרבן. אין גרעסטן טייל פלעגן אַלס קרבנות פאַלן די גרופּנפירער.

צוליב וואָס מ׳האָט מיר צוגעטיילט דעם פּאָסטן, ווייס איך נישט ביזן היינטיקן טאָג, אָבער כ׳גלויב, אַז דאָס איז געווען מיטן מיין פּטור צו ווערן פון מיר. דער גורל האָט אָבער געוואָלט פאַרקערט. אַ דאַנק אַן אויפזעערין, אַ געוויסע פּאָלקע, איז מיר געלונגען איבערצוקויפן דעם „אָבערסט" און קומען מיט אים אין נענטערן קאָנטאַקט, וואָס האָט צייטווייליק אויסגעבעסערט די באַדינגונגען פאַר די אַרבעטער פון דער איינהייט און אויך מיינע פּערזענלעכע באַדינגונגען.

אונדזער באַציאונגען זענען אַזוי וויט דערגאַנגען, אַז מיט זיינס אַ דערלויבעניש און מיט געסטאַפּאָ־מאַשינען פון זיין איינהייט, איז מיר דערמעגלעכט געוואָרן מיטצופאָרן — פאַרשטענדלעך אַלס אַרבעטער — פון ווילנע קיין גראָדנע דורך לידע.

מיין כוונה איז געווען אַריינצובאַקומען זיך אין לידער געטאָ, זען זיך מיט די איבערגעבליבענע משפּחה און מיט מיין צווייט קינד.

ווען די מאַשינען האָבן זיך דערנענטערט צו לידע, האָב איך אָנגעטאָן זון־ברילן און האָב זיך באַמיט דורך מיין קליידונג און אויסערלעכן אויסזען, מען זאָל מיך נישט דערקענען.

אויף מיין פאַרלאַנג האָבן די דייטשן מיך אַראָפּגעלאָזט נעבן געטאָ, אויף פּאַסטאָווסקע. דער ערשטער איינדרוק מיינער איז געווען כמעט דערזעלבער, ווי ווען כ׳האָב פאַרלאָזט לידע. ביזן צוקומען צו דעם הויז, אין וועלכן די משפּחה האָט זיך געפונען, זענען אַ סך אויגן געווען געווענדעט צו מיר. אָבער ווי ס׳ווייזט אויס, האָבן זיי מיך נישט דערקענט, אָדער בכלל נישט געגלויבט, אַז איך לעב נאָך.

אַריינקומענדיק אין הויז בין איך איבערראַשט געוואָרן פון דעם וואָס אַלץ האָט זיך געענדערט. די גרויזאַמע שחיטה האָט פאַרניכטעט אַ טייל פון מיין משפּחה — מיין פרויס צוויי שוועסטער, צביה בויאַרסקי און חיה נוימאַן, איר מאַן און קינד, צוזאַמען מיט אונדזער צווייטן קינד.

אַ ביסל שפּעטער זענען אָנגעקומען אין געטאָ יידן פון דער אַרבעט. איינער פון זיי — משה מאַרקאָוויטש, געבוירן אין וואָראָצלאַוו, וועלכער האָט די גאַנצע צייט זיך אויפגעהאַלטן ביי אונדז, האָט מיר איבערגעגעבן פּרטים וועגן דער גרויסער שחיטה פון 8־טן מאַי 1942. ער איז אויך געווען פאַרורטיילט צום טויט און געראַטעוועט זיך דורך אַנטלויפן. אַט איז אין קורצן זיין דערציילונג.

דעם 8־טן מאַי 1942, ווען ס׳האָט אָנגעהויבן טאָגן, זענען מיט שטורעם אַלע יידן אויפגעוועקט געוואָרן פון שלאָף. מיט געשלעגן און געשרייען זענען די מענער, פרויען און קינדער געצוווּנגען געוואָרן זיך צו קאָנצענטרירן אויף איין פּלאַץ פירוויז. פאַרשטייט זיך, אַז מיט די לעצטע כוחות האָבן די משפּחות זיך באַמיט צו האַלטן צוזאַמען. מיט ווילדקייט זענען אַלע געטריבן געוואָרן אין איין ריכטונג. ס׳איז נישט דערלויבט געוואָרן קיינעם אַ וואָרט אויסצורעדן אָדער אַרויסגיין פון דער ריי. געטריבן האָט מען זיי צו די קאַשאַרן, צו דעם פּלאַץ, וועגן וועלכן ס׳האָבן זיך שוין פון פריער פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז מען גראָבט דאָרט גריבער.

די ערשטע זענען געטריבן געוואָרן פון די גאַסן פּאַסטאָווסקע, כלאָדנע, קרופּאָווסקע. דער פּלאַץ איז אַרומגערינגלט געוואָרן מיט דייטשן און זייערע משרתים מיט מאַשין־געווער אין די הענט. אין איין זייט זענען געשטאַנען די זאָנדער־גרופּן מיט די טויטן־קעפּ, צוזאַמען מיט ווינדיש, האַנוועג, ווערנער און אַנדערע. אַזוי האָט זיך אָנגעפאַנגען די סעלעקציע. און ווי „מעביר צאנו תחת שבטו" זענען מענטשן אָנגעוויזן געוואָרן רעכטס און לינקס. די פון געביטס־קאָמיסאַר מיט אַלע געהילפן אָנגעוויזענע פאַר צייטווייליק נוצלעכע, זענען געוויזן געוואָרן לינקס — צום לעבן; און די, וועלכע זענען נישט נושא חן געווען, זענען מערדערלעך געשלאָגן און געשטויסן געוואָרן אין דער רעכטער זייט. דאָרט זענען אַלע געצוווּנגען געוואָרן זיך זעצן אָדער לייגן אויף דער ערד.

ווען די אַרבעט איז פאַרענדיקט געוואָרן, זענען אַלע יידן פון לינקס געפירט געוואָרן צוריק אין ריכטונג פון געטאָ, אויף פּאַסטאָווסקע. אַ ביסל שפּעטער זענען אַלע פון רעכטס, צונויפגעזאַמלטע מיט מערדערישע קלעפּ, געטריבן געוואָרן צו די אָפּענע גריבער מיטן באַפעל אויסצוטאָן זיך און אַוועקגעבן ווערטפולע זאַכן. דאָס געוויין פון די קינדער, דאָס ספּאַזמירן פון די מאַמעס האָט נישט געקענט אויפרייסן די הימלען, אויך נישט די פאַרשטיינערטע הערצער פון די מערדער. צווישן די

געשרייען האָט זיך אויך געהערט די געבראָכענע שטימע פון מנהיג פון דער ידישער קהילה, הרב ר׳ אהרון ראַבינאָוויטש זצ״ל, וועלכער איז מיטגעגאַנגען זיין לעצטן וועג מיט זיין קהילה:

— ידן, וויינט נישט! פאַרגיסט נישט קיין טרערן, גיט נישט די מערדער דעם פאַרגעניגן צו הערן אונדזער געוויין און זען אונדזערע טרערן! קידוש השם!... — און רייסנדיק קריעה איז ער געגאַנגען צו די גריבער.

## צוריק קיין ווילנע

מיטן אָנקומען פון דער נאַכט האָב איך ווידער פאַרלאָזט דעם לידער געטאָ און צוריקגעקומען קיין ווילנע.

ס׳איז מיר נישט אַזוי לייכט אָנגעקומען צו דערשטיקן דעם ווייטאָג אין זיך, און וויזן אַ קינסטלעך שמייכל אויפן פּנים, אַז מיין פרוי זאָל נישט דערקענען די אינערלעכע איבערלעבונגען. כ׳האָב איר קורץ איבערגעגעבן וועגן די אַלע אין לידע, אויף וועמען זי האָט זיך נאָכגעפרעגט.

אין אַ געוויסן טאָג, ווען כ׳בין געקומען צו מיין אַרבעטס־פּלאַץ, בין איך גערופן געוואָרן צום שעף. ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער פאָרט אַהיים אויף אורלויב צו זיין פרוי און קינד און ער פאַרלאַנגט מתנות, וועלכע דאַרפן באַזאָרגט ווערן צום טאָג פון זיין אָפּפאָרן. פאַרשטענדלעך, אַז זיין פאַרלאַנג איז גלייך אויסגעפירט געוואָרן.

## מיין נייער אַרבעטס־פּלאַץ

לויט מיין פרויס פאַרלאַנג האָבן מיר פאַרלאָזן דעם ווילנער געטאָ און איבערגעגאַנגען אויף אַ נייעם פּלאַץ, 14 קילאָמעטער פון ווילנע — ביאַלע וואַקאַ, אַ געוועזענער קוראָרט, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן עקספּלאָאַטאַציע פּלאַץ פון טאָרף־גראָבונגען, אָנגעפירט דורך אַ פּוילישן נאַטשאַלניק אונטער דער אויפזיכט פון אַ האָלענדער.

ס׳איז מיר נישט שווער אָנגעקומען צו אַקלימאַטיזירן זיך אויפן נייעם אַרבעטס־פּלאַץ אַדאַנק דער הילף פון באַקאַנטע, וועלכע האָבן דאָרט געאַרבעט און געשטאַנען אין נאָענטע באַציִונגען מיטן נאַטשאַלניק און מיט דער הילף פון געלט.

דאָ זענען באַשעפטיקט געווען אַ פּאָר הונדערט ידן, פרויען און מענער. נישט ווייט פון פּלאַץ האָט זיך געפונען נאָך אַ ידישע אַרבעטס־איינהייט, וואָס איז געווען באַשעפטיקט ביים האַקן האָלץ אין די וועלדער. די באַוועגונג איז געווען אַ גאַנץ פרייע. די אויפזיכט איבער דער באַוועגונג און אַרבעט אין וואַלד איז געווען אין די הענט פון ליטווישע פּאָליציאַנטן. איין אָדער צוויי מאָל אַ וואָך פלעגן געפירט ווערן גרופּן פון די אַרבעטער דורך ידישע הילפס־פּאָליציי קיין ווילנע אין געטאָ אַריין.

אין די וועלדער האָט זיך אויסגעשפּינט דער געדאַנק פון אַ צוזאַמענטרעף מיט פּאַרטיזאַנער. ס׳האָט זיך געשאַפן אַ געוויסע איניציאַטיוו אויף אַרויספירן יוגנט צום קאַמף קעגן דער דייטשער בעסטיע. נישט לייכט איז געווען די אַר־בעט. יעדער געדאַנק האָט געדאַרפט גוט קאָנטראָלירט ווערן, מיט יעדן וואָרט האָט מען זיך געדאַרפט היטן נישט נאָר פאַר דייטשן און ליטווינער, נאָר אויך פאַר אייגענע חברים, וועלכע זענען פאַרבלענדט און פאַרפירט געוואָרן פונעם געדאַנק, אַז נאָר אַרבעט פאַרן דייטש איז דער איינציקער וועג דאָס לעבן צו ראַטעווען. זיי זענען געווען גרייט און אויך צייטנווייז איי־בערגעגעבן די דייטשן וועגן די אַלע פּלענער, וועלכע זענען צוגעגרייט געוואָרן.

אין אַ געוויסן טאָג האָבן די דייטשן געמאָלדן, אַז די אַלע טאָרף־אַרבעטער ווערן איבערגעפירט מיט זייערע זאַכן קיין ווילנע. ס׳זענען מאָביליזירט געוואָרן פויערים מיט וועגענער פון די דערבייאיקע דערפער, וועלכע האָבן געדאַרפט איבער־פירן די אַלע ידן פונעם אַרבעטס־פּלאַץ קיין ווילנע. פאַר־שיידענע קלאַנגען האָבן זיך געשאַפן וועגן דער איבערזידלונג, היות ווי ס׳איז שוין באַוווסט געוואָרן, אַז איבערזידלונגען פון אַן אַרבעטס־פּלאַץ פירן צום גרעסטן טייל אין פּאָנאַר — אַ וועג פון וועלכן מען קערט זיך נישט צוריק. אָבער דער פאַקט, וואָס די איבערזידלונג איז דורכגעפירט געוואָרן אָן ס. ס., בלויז דורך ליטווישע און ידישע פּאָליציי, האָט עטוואָס באַרויִקט די געמיטער. די אַלע מענטשן זענען געבראַכט גע־וואָרן קיין ווילנע אין אַ געוויסן לאַגער — נישט אין געטאָ — געהיטן דורך דער ידישער פּאָליציי. מיך מיט דער פרוי איז געלונגען אַריינצובאַקומען זיך אין געטאָ.

נאָכדעם ווי די דייטשן האָבן איבערקאָנטראָלירט די געגנט פון וואַקאַ און די אומגעגנט ווו פריער האָבן עקזיסטירט די אַרבעטס־לאַגערן, האָבן זיי אויפגעשטעלט באַראַקן, אַלעמען קאָנצענטרירט אין איין פּלאַץ, פאַרצוימט מיט שטאַכל־דראָט און געפּאַדערט אַרבעטס־הענט.

מיר איז געלונגען אין צווישנצייט אַריינפירן אַ קאָמענ־דאַנט פון דער ידישער פּאָליציי, וועלכן איך האָב געגלויבט, אַז ער וועט מיט אונדז מיטאַרבעטן, כדי איבערזידלען באַ־וואָפנטע ידן פונעם פּלאַץ צו די פּאַרטיזאַנער. אויך אַ יונגן דאָקטאָר האָב איך פאַרטרויט, אַז זיין פּלאַץ איז אַ צייטווייי־ליקער דאָ, אַז ער דאַרף מיט אונדז אַריבער אין וואַלד. אַלס באַלוינונג פאַר זיין מיטגיין און מיטאַרבעטן מיט אונדז אין וואַלד, האָב איך מיך פאַרפליכטעט איינצואָרדענען זיין פאַ־מיליע ביי אַ פויער נישט ווייט פונעם אַרבעטס־פּלאַץ. מיינע פאַרפליכטונגען האָב איך אויסגעפירט, אָבער ביטערלעך בין איך אָנטוישט געוואָרן פון די צוויי פערזאָן.

אַלע אַרבעטס־פעיקע זענען איינגעטיילט געוואָרן אין באַ־ראַקן, וועלכע ס׳איז לייכט געווען צו קאָנטראָלירן בייטאָג און ביינאַכט.

אין איינעם פון די גרויסע באַראַקן, ביים ערשטן אַריינ־גאַנג, נאָענט פון די לאַגער־אַמטן האָב איך מיר אָפּגעטיילט אַ קליינעם צימער, אין וועלכן ס׳האָבן זיך געפונען אויסער מיר מיט מיין פרוי, אויך שמיד מיט זיין פרוי (געוועזענער יודענראַט־מיטגליד אין לידע). אָט אין דעם צימערל זענען אויסקריסטאַליזירט געוואָרן אַלע פּלענער פון אַריבערפירן גרופּן פון ווילנער געטאָ דורך אונדזער אַרבעטס־פּונקט צו די פּאַרטיזאַנער אין וואַלד.

לייזער ענגעלשטערן

# פון געטא צו די פארטיזאנער אין וואלד

דער שרייבער איז אליין א ווילנער, וואס איז, צוזאמען מיט א גרעסערער גרופע ווילנער יידן, אנגעקומען קיין לידע, נאכדעם ווי עס האבן זיך אנגעהויבן די מאסן־רציחות פ׳ן יידן אין ווילנע. דער לידער „יודנראט" האט זיי אלעמען באזארגט מיט געפעלשטע דאקומענטן אלס געבוירענע לידער.

אין יענער צייט האט געטראפן, אז איניקע יידישע גנבים האבן געמאכט א רויב אנפאל אויפן לידער פראוואסלאוונעם גלח, און די דייטשן האבן זיי געכאפט און ארעסטירט. די ווייבער פון די גנבים האבן זיך געווענדעט צום „יודנרט", ער זאל זען באפרייען זייערע מענער, א זאך וואס דער „יודנראט" האט, נאטירלעך, נישט געקענט טאן. אויס נקמה, האבן די גנבים פארמסרט דעם „יודנראט" פאר די דייטשן. די דייטשן האבן געלאזט פארבייפירן די גאנצע יידישע באפעלקערונג, דורך א שמאלן דורכגאנג, פארביי איינעם פון די גנבים, מיטן נאמען ווירא־בעק, וועלכער האט אנגעוויזן אויף אלע ווילנער. וואס ער האט דערקענט. אלע ווילנער זיינען קורץ נאכדעם דערשאסן געווארן. אויך אלע מיטגלידער פונעם „יודנראט" זיינען ארעסטירט געווארן און נאך אן אוממענטשלעכער אויספארשונג (ביי וועלכער זיי האבן גארנישט מודה געווען און קיינעם נישט ארויסגעגעבן), אויף א בעסטיאלישן אופן אומגעבראכט געווארן.

פון דעם בלוטיקן עפיזאד (די „דעפילאדע"), הויבט זיך דא אן דעם שרייבערס דערציילונג פון זיינע איבערלעבונגען אין לידער געטא.

די רעדאקציע

### די „דעפילאדע" אויף דעם מארק פלאץ

די לידער יידן האבן זיך געפונען אין דריי באזונדערע געטאס אין פארשידענע עקן שטאט. דאס איז געווען דערפאר, וואס די נאצישע אקופאנטן האבן נישט געקענט געפינען אין דער פארברענטער שטאט גענוג הייזער אין איין קווארטאל פאר אלע 7 טויזנט יידן. אזוי ארום האבן זיי געמוזט מאכן דריי באזונדערע געטאס, פון וועלכע איינע האט זיך געפונען אויף קאשאראווער גאס, די צווייטע — אויף פאסטאווער, און די דריטע — אויף די פיאסקעס. די ביוראען פון יודענראט האבן זיך ביז דער גרויזאמער שחיטה, דעם 8־טן מאי 1942, געפונען אויף קאשאראווער גאס, און נאך דער שחיטה, ווען ס'איז פארבליבן קוים א דריטל פון דער יידישער לידער באפעלקערונג, איז דאס איינציקע געטא געווען אויף פאסטאווער גאס.

די „דעפילאדע" איז פארגעקומען א פאר טעג פאר פורים.

יענעם פארטאג, ווען מ'איז אויפגעשטאנען און זיך גענומען אילן, ווי יעדן פארטאג, צו גיין צו דער ארבעט, האט מען דערזען ארייננקומען אין געטא גרויסע מחנות באוואפנטע ליטווינער אין זייערע געלע מונדירן, און די פאשיסטישע ווייסרוסישע פאליציי, אונטער דער אנפירונג פון א גרויסער צאל ס.ס.־זשאנדארן, וועלכע האבן זיך פונאנדערגעשאטן איבער אלע הייזער און מיט ווילדע געשרייען: „הערראוס!" אנגעהויבן ארויסצוטרייבן אלעמען פון די הייזער, מענער, פרויען און קינדער. זיי האבן אפילו נישט געלאזט זיך אנטאן די יעניקע, וועמען זיי האבן געטראפן נאך אין די אונטערוועש. ווער עס האט נישט באוויזן צו כאפן עפעס א שטיקל בגד ארויפצווארפן אויף זיך, איז ארויסגעלאפן פון שטוב אין די וועש. קראנקע און שוואכע עלטערע מענטשן, וואס האבן זיך נישט געקענט אויפהייבן פון זייערע געלעגערס, האבן די בעסטיעס דערשאסן אין זייערע בעטן.

אין דער שטוב, ווו איך האב זיך געפונען, איז געווען א יונג פארפאלק. די פרוי האט מיט א טאג פריער געבוירן א קינד, וואס דאס איז פאקטיש געווען א „פארברעכן„ לויט די נאצישע געטא־געזעצן... די פרוי איז נאך געווען זייער שוואך, האבן די שטוביקע מענטשן מיט איר מאן אויף שנעל ארויפגעווארפן אויף איר א מאנטל און אונטער די ארעמס האט מען זי מיטן קינד ארויסגעפירט פון שטוב איידער די מערדער זענען אריינגעקומען, ווען נישט, וואלטן זיי זי דערשאסן. אבער אלץ איינס האט זיי דער טויט נישט אויסגעמיטן אין דער גרויסער שחיטה. דער פרויס א שוועסטער איז שפעטער געווען מיט מיר צוזאמען אין וואלד און זי פלעגט כסדר דער׳מאנען וועגן אט דער פאסירונג בעת דער „דעפילאדע".

אונטער א האגל פון קלעפ האבן די מערדער געטריבן די יידן צום געטא־טויער. קיין אנדער געדאנק איז שוין ביי קיינעם נישט געווען, אז דאס איז שוין דער לעצטער וועג צום טויט. האט מען דעריבער אנגעהויבן לויפן איבער די דראטן אויף יענער זייט געטא און זיך אויסבאהאלטן ווו איינער האט נאר געקענט. אבער יעדער אנטלויפנדיקער, וועלכער איז דורך די מערדער באמערקט געווארן, איז דערשאסן געווארן אויפן ארט. אויף אזא אופן זענען גלייך אין די ערשטע מינוטן דערשאסן געווארן מאסן יידן.

מיר מיט נאך א יידן האט זיך איינגעגעבן אריבערצוקלעטערן דעם הויכן פארקאן פון געטא ביי די ווארשטאטן, וואס זענען געווען אויסערן געטא. דארט האבן געארבעט א פאר הונדערט יידן פון געטא ביי פארשידענע ארבעטן פאר דער דייטשער ארמיי. מיר האבן זיך אריינגעכאפט אין א סקלאד, ווו עס איז געווען א טיפע גרוב, אין וועלכער ס'איז געלעגן א גרויסע מעטאלענע פאס, פון וואנען ס'האבן זיך געצויגן רערן. אזוי ווי עס איז געווען א געפאר, אז די נאציס זאלן אהער נישט קומען זוכן באהאלטענע, זענען מיר דערייבער ביידע ארונטערגעקראכן אין גרוב און זיך פארדרוקט הינטערן פאס, אבער דארט איז געווען ארט נאר פאר איינעם, זענען מיר געלעגן איינער אויפן אנדערן. און ס'האט זיך טאקע ארויסגעוויזן, אז אונדזער השערה איז געווען א ריכטיקע. אין א ווײַלע ארום האט עמעצער געעפנט די טיר און באלד האט זי זיך צוריק פארמאכט. ווען מיר וואלטן באצייטנס נישט אראפ אין גרוב, וואלט איך שוין נישט געשריבן די דאזיקע שורות. גלייכצייטיק האבן מיר דערהערט שיסע־

רייען אויפן הויף און דאָס איז געווען אַ באַווייז, אַז די מער־דער האָבן געפונען באַהאַלטענע יידן אויפן הויף.

אין גרוב זענען מיר בײדע אָפּגעלעגן אַ גאַנצע נאַכט און געמאַכט פאַרשידענע פּלענער, ווו מיר זאָלן זיך אַהינטאָן, אויב עס וועט זיין אויס מיטן געטאָ. מיין אָח לצרה האָט גראָד געאַרבעט אין די וואַרשטאַטן אַלס שניידער. ער איז געווען אַ לידער און געקענט די גאַנצע געגנט פון אַרום לידע. האָט ער מיך געטרייסט, אַז וואָס עס זאָל נישט זיין וועלן מיר זיך האַלטן צוזאַמען.

ווען עס האָט אָנגעהויבן שפּראָצן אויף טאָג, האָבן מיר דערהערט ריידן יידיש נעבן דעם סקלאַד, ווו מיר זענען גע־לעגן. מיר זענען צוגעלאָפן צו אַ שפּאַרונג פון וואַנט און דער שניידער, כ׳געדענק נישט זיין נאָמען, האָט גלייך דער־קענט, אַז דאָס זענען די יידן, וואָס אַרבעטן אין שטאַל ביי די פערד. מיר זענען באַלד אַרויס פון סקלאַד זיך ביי זיי צו דערוויסן וואָס איז געשען.

ווען איך האָב זיך פון זיי דערוווּסט, אַז קיין שחיטה איז נישט געווען, האָב איך שוין מער נישט געקענט בלייבן שטיין און זיך צוהערן צו זייער דערציילן, ווייל מיין באַוווּסטזיין און קלאָרער שכל האָבן מיר דיקטירט, אַז איך מוז שוין זיין אין געטאָ און נאָך כאַפּן די גרופּע אַרבעטער, וואָס אַרבעטן מיט מיר צוזאַמען אין דער ס.ס.־זשאַנדאַרמעריע, איידער זיי גייען אַרויס צו דער אַרבעט פון געטאָ. אויב איך באַוויז זיי נישט צו טרעפן, בין איך אַ „פּאַרטיקער"...

אין אייניקע טעג אַרום זענען געקומען זשאַנדאַרן אין געטאָ און אַרויסגעפירט אַלץ פון די הייזער ביי די אַרעס־טירטע ראַטמענער. דאָס איז שוין געווען אַ באַווייז, אַז זייע־רע לעבנס האָבן שוין די מערדער אויסגעלאָשן. דעם זעלבן טאָג האָבן די בעסטיעס זיי אַרויסגעפירט עטלעכע מעטער פון טורמע און זיי אויסגעשאָסן.

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָבן זיי אויך אַרויסגעפירט אויף יענער זייט טורמע די ווילנער און זיי אויסגעשאָסן.

דערביי וויל איך פאַרנאָטירן דעם אויסטערליש שוידער־לעכן פאַקט:

ווען די מערדער האָבן דערשאָסן די ווילנער קרבנות איז שוין געווען פאַרנאַכט. ווען די מערדער האָבן אָנגעהויבן לאָזן אין די אומגליקלעכע קוילן־סעריעס, זענען דריי פון זיי גלייך געפאַלן נאָך אידער זיי זענען געטראָפן געוואָרן פון די קוילן. אויף זיי האָבן אָנגעהויבן פאַלן די דערשאָסע־נע און אויף אַזאַ אופן זענען זיי געבליבן ליגן אונטער דער מאַסע הרוגים און האָבן זיך געוויקט אין זייער בלוט.

ווען די מערדער האָבן געענדיקט זייער בלוטיקע אַר־בעט, זענען זיי זיך רואיק אַוועק, איבערלאָזנדיק פאַר די יידן פון געטאָ אויף מאָרגן צוצונעמען די טויטע קערפּערס און זיי קובר זיין. ביז האַלבער נאַכט זענען די ניצול־געוואָרענע אַזוי געלעגן אין אָט דער שרעקלעכער לאַגע, און נאָכדעם האָבן זיי זיך אַרויסבאַקומען פון אונטערן באַרג מתים און זענען נעלם געוואָרן אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט.

שפּעטער האָט מען זיך אין געטאָ דערוווּסט פון אָט דער געשיכטע, ווען די דריי זענען שוין געווען צוריק אָנגעקומען אין ווילנער געטאָ. צוויי פון זיי געדענק איך מיט די נעמען. איינער האָט געהייסן גאַמאַרסקי, געוווינט אין ווילנע אויף

ליפּווקע, און דער צווייטער, אַנצקע קענסקי, דער יינגסטער זון פון אַ באַקאַנטן ווילנער סוחר. זיי האָבן דערנאָך געלעבט אין ווילנער געטאָ ביז איר ליקווידאַציע. אָבער דער טויט האָט זיי אַלץ איינס נישט אויסגעמיטן און זיי זענען שפּעטער אומגעקומען בעת דער דער ליקווידאַציע פון געטאָ. דער דריטער איז זלמן דוקשטולסקי, לעבט אין ישראל.

ביז דער גרויסער שחיטה אין לידער געטאָ האָבן זיך די מערדער געפירט אַזוי, אַז די אַלע יידן, וואָס זיי האָבן דערשאָסן, פלעגן זיי נאָכדעם באַפעלן דעם יודענראַט קומען מיט אַ וואָגן און צונעמען די קרבנות און זיי קובר זיין אויפן בית־עולם. אויף אַזאַ אופן האָט מען ערשט דאַן געהאַט די געלעגנהייט צו זען מיט וואָס פאַר אַ בעסטיאַלישקייט די מערדער זענען זיך באַגאַנגען איבער די אומגליקלעכע איידער זיי פלעגן זיי דערשיסן.

זיי פלעגן אויך דערשיסן די קרבנות מיט דום־דום־קוילן (אויפרייס־קוילן) און אויף אַזאַ אופן פלעגן פאַרקומען האַרצרייסנדיקע סצענעס מצד די פאַמיליעס פון די אומגע־בראַכטע, וועלכע פלעגן זיי נישט דערקענען, און נאָר לויט די שטיקלעך בגדים, וואָס זענען נאָך אויף זיי געבליבן פלעגט מען זיי דערקענען.

די קערפּערס פון די דערמאָרדעטע מיטגלידער פון יודענראַט זענען געווען שוואַרץ מיט טיפע וווּנדן און מער ווי הויט און ביינער איז אויף זיי נישט געבליבן נאָך די אַלע פייניקונגען, וואָס די בעסטיעס האָבן איבער זיי דורכגע־פירט.

נאָכן אומקום פון יודענראַט האָט דער געביטס־קאָמי־סאַר געגעבן אַ באַפעל, אַז עס זאָל געשאַפן ווערן אַ נייער יודענראַט. פון אָנהייב איז שווער געווען צו געפינען בעלנים, וועלכע זאָלן וועלן גיין אין יודענראַט און איינ־שטעלן דאָס לעבן לטובת הכלל, אָבער עס איז דאָך קיין אַנדער ברירה נישט געווען און מ׳האָט ווי עס איז צונויפ־געשטעלט אַ נייעם יודענראַט.

נאָך דער טראַגעדיע מיטן יודענראַט האָט אין געטאָ געהערשט אַ גוואַלדיקע דערדריקונג. מען האָט אָנגעהויבן פילן גאָר אַן אַנדער „לופט" און מ׳האָט איינגעזען אַז דעם געטאָ שטייט פאַר איבערצולעבן שווערע צייטן.

מיט אַ פּאָר וואָכן שפּעטער איז געקומען אַ פרישער אומגליק. דאָס מאָל האָט מען אַרעסטירט עטלעכע און זיבע־ציק יידן, וועלכע האָבן געאַרבעט אין אַ דייטשער איינהייט — „בויטן־לאַגער", האָט דאָס געהייסן, אַ פּלאַץ, ווו עס פלעגן צונויפגעפירט ווערן די אַלע דעראָבערטע טראָפייען, וואָס די דייטשע אַרמיי האָט פאַרכאַפּט ביים שונא אויף די שלאַכט־פעלדער. די דייטשן האָבן באַשולדיקט די אַרעס־טירטע יידן, אַז זיי האָבן געגנבעט געווער פון „בויטען־־לאַ־גער". כאָטש מען האָט ביי זיי גאָרנישט געפונען ביים אַרעס־טירן זיי, האָט מען דאָך אַלעמען אָפּגעפירט אין תפיסה.

ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, איז עס געווען אַ מסירה פון די קריסטלעכע פּוילישע אַרבעטער, וואָס האָבן דאָרט אויך געאַרבעט און האָבן, ווייזט אויס, טאַקע געגנבעט געווער פאַר זיך אָדער פאַרקויפט צו די פּאַרטיזאַנער, און כדי אָפּצוּווענדן פון זיך דעם חשד מצד די דייטשן אין דעם לאַ־גער, האָבן זיי געמסרט די יידישע אַרבעטער.

נאָכן האַלטן די עסלעכע וואָכן אין תפיסה אין פייניקינגען, האָט שוין די געטאָ געהאַט פרישע עטלעכע און זיבעציק קרבנות.

אין דער זעלבער צייט האָבן אָנגעהויבן דערגיין אין געטאָ ידיעות וועגן דורכגעפירטע שחיטות אויף יידן אין די שטעטלעך פון ווייסרוסלאַנד. די שטימונג איז געוואָרן ביז גאָר אַ טרויעריקע. מען האָט געפילט, אַז די בייזע שעה רוקט זיך אונטער אויך אויפן לידער געטאָ. אָפּטימיסטן האָבן געטרייסט דעם נערוועזן עולם און האָבן זיך און אַנדערע איינגערעדט, אַז דער געביטס־קאָמיסאַר האַנוועג וועט נישט „דערלאָזן" צו קיין שחיטה אויפן לידער געטאָ, „ווייל ער דאַרף די יידן האָבן צו דער אַרבעט. בפרט, אַז אין די וואַרשטאַטןביים געטאָ אַרבעט מען אויס אַזעלכע וויכטיקע זאַכן, וואָס זענען אַזוי נייטיק פאַר די סאָלדאַטן אויף די שלאַכטפעלדער; דעריבער וועט ער נישט דערלאָזן אומברענגען זיינע נוצלעכע פאַך־אַרבעטער".

אָט אויף אַזאַ אופן האָט מען צווישן זיך געפּילפּולט אין די הייזער אין די אָוונטן, ווען מען פלעגט קומען פון דער שקלאַפן־אַרבעט.

צוליב „זיכערקייט" וועגן, האָט מען דאָ, ווי בשעתו אין ווילנע, אינעם פעריאָד פון די „געלע שיינען", אויך אָנגעהויבן זוכן פאַרשידענע וועגן ווי אַזוי זיך אַריינצוכאַפּן אין די „גליקלעכע" וואַרשטאַטן, כדי צו האָבן אַ „שיין" פון אַ פאַך־אַרבעטער.

דער יידישער פאַרטרויאונגס־מאַן פון געביטס־קאָמיסאַר און אויפזעער איבער די וואַרשטאַטן און איבער די יידישע אַרבעטער, וואָס האָבן דאָרט געאַרבעט, איז געווען אַן אינזשעניר פון גאַליציע, אַן אַסימילירטער ייד מיטן נאָמען אַלטמאַן.

ווען עס איז געקומען די ליקווידאַציע פון לידער געטאָ, האָט אים „זיין" געביטס־קאָמיסאַר ליקווידירט צוגלייך מיט אַלע יידן פון געטאָ. צוזאַמען מיט די איבעריקע יידן איז ער אַרויסגעפירט געוואָרן קיין מיידאַנעק.

### די גרויסע שחיטה איבער די לידער יידן

נאָכן טראַגישן אומקום פונעם לידער יודענראַט און נאָך דער „דעפּילאַדע" אויפן מאַרק, האָט מען יעדן טאָג געפילט, אַז עס רוקט זיך אָן אַ שוואַרצע כמאַרע אויפן געטאָ.

גאָר אַ גרויסע בהלה האָט אַרומגעכאַפּט די ווילנער פליטים. נאָכדעם ווי די פופציק ווילנער זענען געפאַלן קרבנות דורך דער מסירה פון דעם מסור „וויראַבעק". מען האָט מורא געהאַט, אַז דער געביטס־קאָמיסאַר מיטן שעף פון דער זשאַנדאַרמעריע וועלן אָננעמען נאָך אַנדערע מיטלען צו כאַפּן נאָך ווילנער. צוליב דעם האָט זיך אָנגעהויבן צווישן די ווילנער אַ בהלהדיקע לויפעריי פון לידע צוריק אין ווילנער געטאָ. דאָרט איז די לאַגע צו יענער צייט שוין געווען, אַזוי צו זאָגן, „סטאַביליזירט", ווו עס האָבן זיך געפונען אַרום 15 טויזנט יידן, וואָס די נאַציס האָבן דערווייל געלאָזט לעבן.

אַזאַ רייזע קיין ווילנע איז געווען נישט נאָר פאַרבונדן מיט טויט־סכנה וואָס האָט געלויערט אויף יעדן טריט און שריט, נאָר מען האָט אויך באַדאַרפט האָבן אַ סך געלט. אַ פויער, וואָס האָט ריזיקירט אַוועקצופירן עטלעכע יידן מיט אומוועגן אויף זיין וואָגן קיין ווילנע, האָט פאַרלאַנגט אַ לעגענדאַרן פּרייז. איך, למשל, האָבן וועגן דעם געקענט נאָר חלומען, אָבער די, וואָס האָבן געקענט באַצאָלן און געקראָגן אַזאַ געלעגנהייט, האָבן זיך נישט אָפּגעשטעלט פאַר דער געפאַר. אַזוי אַרום האָבן זיך אַ היפּש ביסל ווילנער פליטים אויף אַזאַ אָדער אַנדערן אופן אָפּגעטראָגן פון לידער געטאָ.

אין דער זעלבער צייט איז אין געטאָ אָנגעגאַנגען אַ בהלה צו באַזאָרגן זיך מיט אַ „פאַך־שיין" פון די וואַרשטאַטן אָדער פון אַן אַנדער כלומרשט „זיכערער" איינהייט. דאָס גאַנצע געטאָ האָט ממש געפיבערט מיטן דאָזיקן פּראָבלעם. דעם „פאַך־שיין" האָט מען באַטראַכט דערווייל פאַר דעם איינציקן רעטונגס־מיטל אין פאַל פון אַ שחיטה. וועגן אַנטלויפן אין די וועלדער איז אין געטאָ, אין יענער צייט, נאָך קיינעם נישט איינגעפאַלן, ווייל פון קיין פאַרטיזאַנער־באַוועגונג האָט מען דאַן אין געטאָ נאָך נישט געהערט.

אָט אין אַזאַ בהלהדיקער און צעטומלטער אַטמאָספער האָט מען געלעבט טאָג און נאַכט ביזן חודש מאַי.

אין די ערשטע טעג פון מאַי האָט דער געביטס־קאָמיסאַר האַנוועג געשיקט רופן צו זיך די פאַרשטייער פון יודענראַט.

ער איז אַרויסגעקומען צו זיי מיט אָט די ווערטער:

— צו מיר זענען דערגאַנגען ידיעות, אַז די יידן האָבן ביי זיך באַהאַלטן גאָלד און ווערטפולע חפצים, וועלכע זיי האָבן בשעתו נישט אָפּגעגעבן אין מיין רשות. איך גיב אייך אַ טערמין פון דריי טעג צונויפצונעמען ביי די יידן דאָס גאַנצע באַהאַלטענע גאָלד און ברענגען עס צו מיר. אויב דאָס וועט נישט אויסגעפירט ווערן צום טערמין, גאַראַנטיר איך נישט פאַר די פאָלגן, וואָס וועלן צוליב דעם אַרויסקומען.

ווען די פאַרשטייער זענען געקומען אין געטאָ מיט דער דאָזיקער בשורה, קען מען זיך פאַרשטעלן, וואָס פאַר מהומה דאָס האָט ביי אַלעמען אַרויסגערופן.

דער יודענראַט האָט צונויפגערופן אַ פאַרזאַמלונג פון דער גאַנצער געטאָ און איבערגעגעבן די ווערטער פון געביטס־קאָמיסאַר און זיי האָבן אַפּעלירט, אַז די, וואָס האָבן נאָך גאָלד און צירונג, זאָלן אַריינטראָגן אין יודענראַט, אפשר וועט מען מיט דעם קענען פאַרהיטן פון אַן אומגליק אויפן געטאָ.

(ס'דאַרף דאָ דערמאָנט ווערן, אַז באַלד ווי די יידן זענען אַריינגעטריבן געוואָרן אין געטאָ, האָט דער געביטס־קאָמיסאַר באַפוילן, אַז די יידן זאָלן אָפּגעבן דאָס גאָלד און ווערטפולע חפצים אונטער אַ דראָונג פון טויט־שטראָף).

כאָטש מען האָט שוין געפילט, אַז קיין שחיטה וועט מען שוין דאָ, פונקט ווי אין אַנדערע געטאָס, נישט אויסמיידן, האָט מען דאָך זיך געוואָלט שאַפן אַ פונק פון האָפענונג, אפשר וועט נאָך אַ ביסל גאָלד ווייכער מאַכן דאָס האַרץ פון געביטס־קאָמיסאַר און ער וועט אָפּהאַלטן די געפּלאַנטע שחיטה. און מען האָט אָנגעהויבן טראָגן אין יודענראַט גאָלד און צירונג.

ווען די פאַרשטייער פון יודענראַט האָבן געבראַכט צום געביטס־קאָמיסאַר דאָס צונויפגעקליבענע גאָלד, האָט ער זיי געהייסן מאָרגן קומען נאָכאַמאָל.

צומאַרגנס האָבן זיי פון געביטס־קאָמיסאַר באַקומען פאָל־גנדיקע תשובה:

— לויט מיינע ידיעות — האָט ער געזאָגט — האָבן די יידן נאָך גאָלד. איך גיב אייך אַ טערמין פון נאָך צוויי טעג אויפצוקלויבן דאָס איבעריקע גאָלד, וואָס די יידן האָבן באַהאַלטן...

דער יודענראַט האָט ווידער צונויפגערופן אַ פאַרזאַמלונג און איבערגעגעבן די תשובה פון געביטס־קאָמיסאַר. דאָס מאָל האָבן זיי אָבער נישט אַפּעלירט ווי פריער, אַז מען זאָל זיך איילן אָוועקצוגעבן דאָס גאָלד און חפצים. אויף זייערע פּנימער איז געווען אויסגעגאָסן אַ טיפער טרויער און מען האָט געקענט פאַרשטיין, אַז קיין זאַך קען שוין נישט העלפן אָפּצושרייען די שחיטה. אַלע זענען געשטאַנען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ. נאָכדעם ווי אַ פאַרשטייער פון יודענראַט האָט געזאָגט, אַז דער רבונו־של־עולם וועט אונדז אפשר אויסהיטן פון דער גרויסער סכנה, זענען אַלע זיך פונאַנדערגעגאַנגען אין שטילשווייגן איבער די הייזער.

דאָס איז געווען דעם 6־טן מאַי 1942, מיט צוויי טעג פאַרן גרויסן חורבן.

די שחיטות אין ווייסרוסלאַנד האָט דורכגעפירט אַן ס.ד.־קאָמאַנדאָ. יידן האָבן זיי גערופן „טרופּי־טשאַשקעס", ווייל זיי האָבן געטראָגן אויף זייערע היטלען אַן עמבלעם מיט אַ שאַרבן.

די שחיטות אין די שטעטלעך זענען באַשטימט געוואָרן דורך דעם גענעראַל־קאָמיסאַר איבער גאַנץ מערב־ווייסרוסלאַנד. ער האָט געהייסן קובאַ, און דער שטאַב זיינער האָט זיך געפונען אין מינסק. לויט זיין באַפעל איז אין באַשטימטן טערמין אויסגעפירט געוואָרן די שחיטות איבער יידן דורך אַט די „טרופּי־טשאַשקעס", מיט דער הילף פון די אָרטיקע זשאַנדאַרן, ווייסרוסישע פּאָליציי און אַראָפּגעבראַכטע ליטווינער פון ליטע. דעריבער האָבן די יידן אין יענער צייט שטאַרק נאָכגעשפּירט אין שטאָט, ווען זיי זענען געגאַנגען צו און פון דער אַרבעט, צי עס באַווייזן זיך נישט אָט די מערדער מיט די דאָזיקע היטלען, און ווען מען האָט געטראָפן איינעם אָדער עטלעכע פון די מערדער, איז אין געטאָ געוואָרן אַ פּאַניק, און מען האָט זיך שוין די נאַכט געריכט אויף אַן „אַקציע". אָבער עס האָט זיך נאָך דעם אַרויסגעוויזן, אַז זיי זענען געקומען צוליב עפּעס אַנדערש, און מען איז אָפּגעקומען מיט בלויזער שרעק.

ס'איז כדאַי צו דערמאָנען, אַז אָט דער בלוטדורשטיקער קובאַ איז שפּעטער צעריסן געוואָרן אויף פּיצלעך אין זיין וווינונג נאָך אַן אַטענטאַט אויף אים. דאָס איז געווען אַ נקמה־אַקט פון די ווייסרוסישע פּאַרטיזאַנער און דורכגעפירט איז עס געוואָרן אויפן פאָלגנדיקן אופן:

צוצוקומען צו אַזאַ „העכט", איז גאָרנישט געווען אַזוי לייכט. ער איז כסדר געווען אַרומגערינגלט מיט אַ גאַנצן שטאַב פון זיינע פאַרטרויאונגס־מענטשן, וואָס האָבן געהיט זיינע טריפהנע ביינער. האָט מען דעריבער געמוזט האָבן די הילף פון אַן אינעווייניקסטן מענטשן און דער גורל איז געפאַלן אויף איינער פון די דינסטן, וואָס האָבן אים באַדינט, וועלכע האָט פאַרדינט זיין צוטרוי. די פּאַרטיזאַנער האָבן זיך געשטעלט אין קאָנטאַקט מיט דער דינסט און איר איז איבערגעגעבן געוואָרן די אויפגאַבע אונטערצולייגן אונטער זיין בעט די אמתע באָמבע מיט אַ זייגער־מעכאַניזם, וואָס איז געווען אויסגערעכנט, אַז זי זאָל אויפרייסן, ווען דער „העכט" וועט ליגן אין בעט און שלאָפן. און אַזוי איז טאַקע געווען. ווען דער מערדער קובאַ איז זיך געשמאַק געשלאָפן אין זיין ווייכן בעט, האָט די באָמבע אויפגעריסן און אין איין אויגנבליק אין נישט געבליבן קיין סימן פון זיינע טריפהנע ביינער.

ווען מיר, די אַרבעטער ביי דער ס.ד.־זשאַנדאַרמעריע, פלעגן אַריינקומען אין געטאָ פון דער אַרבעט, זענען שוין געשטאַנען מענטשן און געוואַרט אויף אונדז, מען האָט ביי אונדז געוואָלט זיך דערוויסן, צי מיר האָבן דאָרט ביי דער ס.ס. אפשר עפּעס געהערט, אָדער צי עס זענען נישט אָנגעקומען די „טרופּי־טשאַשקעס" א.אַז.וו. אָבער גראָד דעם טאָג פאַר דער שחיטה האָבן מיר ביי זיי קיין אויסערגעוויינלעכע באַוועגונגען נישט באַמערקט. ווי שטענדיק, האָבן מיר אין דער זעלבער צייט פאַרענדיקט אונדזער אַרבעט און זענען אַוועק אין געטאָ.

### „מי יחיה ומי ימות"

דעם 8־טן מאַי 1942, איז אין מיטן נאַכט אַרומגערינגלט געוואָרן די געטאָ און פאַרטאָג האָבן מיר דערזען אין געטאָ די „טרופּי־טשאַשקעס" און באַוואָפנטע ליטווינער, ווי אויך ווייסרוסישע פּאָליציי. אַלע זענען זיי געווען טויט־שיכור, די פּנימער פול מיט רציחה. ביי אַלעמען פון אונדזער שטיבל האָט זיך אַרויסגעריסן אַ אויסגעשריי — „דאָס מאָל איז שוין זיכער אַ שחיטה".

תיכף האָבן זיך אַריינגעריסן צו אונדז די מערדער מיט ווילדע געשרייען: „הערראַוס, הערראַוס", און אָנגעהויבן אַרויסטרייבן די מענטשן פון די הייזער. עס האָט אין יענעם מאָמענט אויסגעזען, ווי מ'טרייבט אַרויס אַ סטאַדע בהמות פון שטאַל אין שעכטהויז אַריין צו דער שחיטה... ווער עס האָט צו דער סעקונדע נישט באַוויזן אַרויסצולויפן פון שטוב איז צעמיתט געוואָרן מיט די קאָלבעס פון די ביקסן, און אַ צעבלוטיקטן האָבן די בעסטיעס יענעם אַרויסגעשליידערט אויפן גאַס און געטריבן צום טויער פון געטאָ.

פון ביידע זייטן גאַס זענען געשטאַנען אויסגעשטעלט די ליטווינער מיט די ביקסן אין די הענט און געהאַלטן אין איין טרייבן די צעטומלטע יידן און ווען מען איז צוגעקומען צום טויער, האָבן די בעסטיעס באַפוילן זיך אויסצושטעלן צו פיר אין אַ ריי און מאַרשירן אין דער אָנגעוויזענער ריכטונג צו דער קאַשאַראָווער גאַס. אויך אויפן גאַנצן וועג זענען אויף ביידע זייטן גאַס געשטאַנען באַוואָפנטע ליטווינער.

די פאָדערשטע רייען זענען צוגעקומען צום אָרט, וווּ עס האָבן זיך געקריצט דריי וועגן: איין וועג, רעכטס, האָט געפירט צו דער קאַשאַראָווער גאַס, און אַ צווייטער, לינקס, האָט געפירט צוריק צום געטאָ. אָט דאָ זענען די רייען געבליבן שטיין.

ביי דעם פּלאַץ איז עס פאַרגעקומען די סעלעקציע — מיט זיין גאַנצער קליקע.

דאָרט איז שוין געווען פאַרזאַמלט די גאַנצע באַנדע מערדער. די עלטסטע פון דער ס.ס.־זשאַנדאַרמעריע מיטן שעף בראש פון דער ס.ד. און דער געביטס־קאָמיסאַר האַנוויג מיט זיין גאַנצער קליקע.

פאַמיליעס זענען געגאַנגען אינאיינעם. יוען מ׳איז צוגע־קומען צום פּלאַץ, האָט מען דעם „שיין" פֿ'ן דער אַרבעט געהאַלטן צוגעגרייט אין האַנט, וואָס איז דורך די מערדער דורכגעקוקט געוואָרן און תיכף איז געווען אַן אָנווייז מיטן פינגער וויהין ער זאָל געשיקט ווערן.

פון אָנהייב האָט מען די מערסטע, וואָס האָבן געהאַט „פּאַך־שיינען" געשיקט אויף לינקס, דאָס הייסט, צום לעבן. דערביי זענען אויך פאָרגעקומען נישט ווייניק האַרצרייסנ־דיקע סצענעס, אַפילו מיט די, וועלכע זענען אין דעם מאָ־מענט געווען פון די גליקלעכע. אויב דער באַזיצער פון דעם „פּאַך־שיין" האָט, לויטן חשבון פון די מערדער, געהאַט אַ צו גרויסע פאַמיליע, איז זי צעריסן געוואָרן. אַ טייל איז געשיקט געוואָרן לינקס און די איבעריקע אויף רעכטס, צום טויט. עס זענען אָבער געווען פיל פאַלן, ווען פאַמיליעס האָבן זיך נישט געוואָלט צעשיידן און זיי זענען אַלע אינאיי־נעם אַוועק צום טויט. די תלינים האָבן זיך דערפון קנאַפּ וואָס געקימערט.

מיר איז אויסגעקומען צו גיין כמעט אין די הינטערשטע רייען. זייער לאַנגזאַם האָבן זיך גערוקט די רייען. מיט יעדן טריט ווייטער האָט מיין האַרץ זיך געצאַפּלט אין קאַנוווּל־סיעס. יעדער טריט ווייטער איז געווען נענטער צום טויט. איך האָב זיך נישט געשאַפן קיין אילוזיעס, אַז מיך וועט מען מיט מיין איינפאַכן „שיין" לאָזן לעבן. ווי נאָר די הינטער־שטע רייען האָבן זיך דערנענטערט צום פּלאַץ פון דער סע־לעקציע, איז מיטאַמאָל די סעלעקציע איבערגעריסן געוואָרן און די מערדער האָבן אַלעמען אָנגעהויבן מערדערלעך צו שלאָגן מיט די קאָלבעס און טרייבן אויף רעכטס אין דער קאַשאַראַוועי גאַס אַריין.

לויט ווי ס'איז שפּעטער דערציילט געוואָרן אין געטאָ, איז די סעלעקציע איבערגעריסן געוואָרן צוליב דעם, וואָס פון די העכער זיבן טויזנט יידן, וואָס האָבן זיך געפונען אין די דריי באַזונדערע געטאָס האָבן די תלינים באַשלאָסן איבערצולאָזן ביז 1500, און אַזוי ווי די באַשטימטע צאָל איז שוין געווען קאָמפּלעט, האָבן זיי איבערגעריסן די ווייטער־דיקע סעלעקציע. אַזוי אַרום זענען אַוועקגעשיקט געוואָרן צום טויט אמת־גוטע פאַכמענער, וואָס האָבן געהאַט „גוטע" שיינען און וואָלטן זיכער געשיקט געוואָרן אויף לינקס, ווען זיי וואָלטן זיך געפונען אין די פאָדערשטע רייען. און אַזוי איז מיין גורל געווען אַוועקגעטריבן צו ווערן אויף רעכטס אינאיינעם מיט די „יחסנים".

מיר זענען צוגעטריבן געוואָרן צום פּלאַץ, וו עס איז געשטאַנען די פאַרמשפּטע עדה יידן צו שטאַרבן, און מיר האָבן זיך פאַראייניקט מיט זיי.

באַלד איז געקומען אַ באַפעל צו זעצן זיך אויף דער ערד. די האָבן אַפּנים געוואָלט זיין זיכער, אַז מען וועט זיך נישט צעלויפן. מיר האָבן דערזען ווי אַרום אונדז זענען אַרומגעשטעלט געוואָרן די באַוואָפנטע מערדער און די פּו־לעמיאַטן זענען געווען אָנגעשטעלט אויף די פאַרמשפּטע.

גלייכצייטיק האָט מען אויך דערזען נאָענט לעבן אונדז צוויי אָפענע לאַסט־אויטאָס, אויף וועלכע עס זענען געשטאַ־נען פעסער מיט וואַפּנע און כלאָר און אַ סך שופלעס.

דער ציניזם פון די מערדער איז געווען אַזוי ווייט, אַז די איז געגאַנגען אין דעם נאָך מער אויפצושווידערן די גע־מיטער פון די קרבנות, און זיי האָבן דווקא אַוועקגעשטעלט די אויטאָס פאַר די אויגן פון די אומגליקלעכע, כדי צו ווייזן, וואָס עס שטייט אונדז באַלד פאָר. און ווירקלעך, דאָס מאַ־שין־געווער, וואָס איז געווען געצילט אויף אונדז האָט אַזוי נישט פונאַנדערגעשרויפט די נערוון ווי די צוויי אויטאָס מיטן קאַלך און די שופלעס.

אַרום און אַרום האָבן זיך ברייט און ווייט געצויגן פעל־דער און אויפן האָריזאָנט האָט מען אויך געזען די ראַנדן פון וועלדער.

אָט דאָ קען מען אין פלוג שטעלן די פראַגע:

„פאַרוואָס איז מען זיך נישט צעלאָפן איבער די פעלדער, בעת די גאַנצע עדה פון עטלעכע טויזנט יידן האָבן געזען ווו זיי האַלטן? וואָס האָבן זיי געהאַט צו פאַרלירן אין אַנבליק פון טויט?"

דעם ענטפער אויף דער פראַגע וועט מען געפינען אין די ווייטערדיקע שורות.

כ'בין געזעסן אויף דער ערד צוזאַמען מיטן פאַר־לעצטן דירעקטאָר פון דער ווילנער פאָלקס־באַנק אויף פּאַהולאַנקע, זאַקהיים, מיט וועמען איך בין געווען באַפריינדעט אין ווילנע נאָך פון פאַר דער מלחמה, און מיר האָבן ביידע גערעדט טאַקע וועגן אָט דער אַנגעווייטיקטער פראַגע. ער האָט נישט אויפגעהערט צו רויכערן איין ציגאַרעט נאָכן אַנדערן, וואָס ער האָט אַלץ צונויפגעדרייט אין פּאַפּיר און געבעטן גאָט, אַז דער טאַבאַק זאָל אים קלעקן ביז זיין לעצטן אָטעם. ער האָט אַרויסגענומען פון קעשענע אַ גאָלדענעם זייגער און זיך אָפּגערופן צו מיר:

— איר זעט, ענגעלשטערן, אָט דעם זייגער, דאָס האָט מיר מיין פרוי געקויפט אַ מתנה צו אונדזער חתונה. ניין, די מערדער וועלן דעם זייגער נישט ירשענען, און ביי די ווערטער האָט ער אַ זעץ געטאָן דעם גאָלדענעם זייגער אָן אַ שטיין און נאָכדעם אים אַריינגעשטופּט אין דער בלאָטיקער ערד. דערנאָך האָט ער זיך ווייטער אָפּגערופן צו מיר. דאָס זענען געווען זאַקהיימס לעצטע ווערטער:

— איך בין שוין נישט יונג — האָט ער צו מיר געזאָגט — איך האָב נישט קיין כוח צו לויפן. אָבער איר, ענגעל־שטערן, זענט נאָך יונג, איר טאָרט זיך נישט לאָזן פירן ווי אַ בהמה צו דער שחיטה, אַנטלויפט ביי דער ערשטער גע־לעגנהייט, און שטאַרבט כאָטש מיט אַ בכבודיקן טויט...

אַזוי ווי ער האָט געענדיקט די דאָזיקע ווערטער האָבן מיר דערזען ווי עפּעס אַ מיטליאָריקער ייד שטופּט זיך צווישן דער געדיכטער מענטשן־מאַסע. ער איז געווען אַ בעקער און אין געטאָ האָט ער געוווינט אין דעם צווייטן שטיבל לעבן מיר. דאָ איז ער געווען צוזאַמען מיט זיין פרוי און פיר קליינע קינדער. אין געטאָ האָט מען אים געהאַלטן פאַר אַן אָפּגעשטאַנענעם מענטש. אָבער אָט דער ייד האָט מיט זיין אָפּגעשטאַנענעם שכל פאַרשטאַנען אַ סך מער פון די אַלע, וואָס זענען דאָרט געווען, וואָס מען דאַרף טאָן אין דער לעצטער מינוט. ער האָט זיך פּאַוואָליע געשאַרט צווישן דער מאַסע און שטילערהייט אויסגערופן:

— יידן, — האָט ער געזאָגט — איר זעט דאָך שוין

ווי מיר האַלטן אין דער וועלט און וואָס די מערדער וועלן באַלד פון אונדז מאַכן. מיר האָבן איין אויסוועג ווי זיך צו ראַטעווען. לאָמיר נעמען פון דאַנען די שטיינער און וואַרפן אין די מערדער און מיטאַמאָל זאָל מען זיך צעלויפן אין אַלע זייטן איבער די פעלדער. זיי וועלן שיסן אין אונדז. נו, טאַ איז וואָס, זאָלן זיי שיסן, אַלץ איינס גייען זיי דאָך אונדז דערשיסן.

איך געדענק, אַז איך בין אַזוי מיטגעריסן געוואָרן פון זיינע לאָגישע און פאַרשטענדלעכע ווערטער, אַז איך האָב אים געוואָלט דריקן די האַנט. אָבער קיינער האָט זיך נישט צוגעהערט צו זיינע רייד, יעדער איז געווען פאַרטאָן מיט זיינע אייגענע געדאַנקען. אָבער ער האָט נישט אויפגעהערט זיך צו שטופן צווישן דער געדיכטער מאַסע און איז נישט מיד געוואָרן עס אַזוי כסדר איבערצוחזרן.

צו מיינע אויערן זענען דערגאַנגען אָפּגעריסענע ווער־טער פון דערביי זיצנדיקע מענער און פרויען אויף דעם בע־קערס אַרויספאָדערונג:

— מסתמא איז אונדז אַזוי באַשערט, ווייל מיר האָבן זיך פאַרזינדיקט קעגן דעם רבונו של עולם; מיר וועלן סיי ווי מער נישט לעבן. מיר האָבן שוין מער קיין כוח נישט צו לעבן און צוצוזען דעם צער פון אונדזערע קינדער, — און נאָך און נאָך אַנדערע אויסדריקן.

אָט די אַרויסגעזאָגטע ווערטער גיבן שוין דעם ענטפער אויף דער אָפטגעווייטיקטער פראַגע — פאַרוואָס מען איז זיך נישט צעלאָפן איבער די וועלדער.

מען איז שוין געווען דערשעפּט פון אַזוי פיל פּיין און פון דער גרענעצלאָזער אַכזריות, וואָס מען האָט דורכגע־לעבט יעדן טאָג. צו וואָס זיך ראַטעווען? צו וואָס זיך קלאָ־מערן אָן אַזאַ ווערעמדיק לעבן? אַז אָט נאָך אַ ווײַלע און מ'וועט ווערן אויסגעלייזט פון דעם פינצטערן לעבן.

נאָך אַ מאָמענט דאַרף דאָ דערמאָנט ווערן.

די דייטשע אַרמיי האָט זיך אין יענער צייט געפונען טיף אין רוסלאַנד, און מ'האָט נאָך נישט געקענט טראַכטן, אַז זיי זאָלן פון דאָרטן אַזוי שנעל צוריקגעשטויסן ווערן.

און די גאַנצע עדה יידן, קנאַפּע זעקס טויזנט — מענער, פרויען און קינדער, זענען געזעסן ווי פאַרמשפּטע, רעזיגניר־טע, יאושדיקע און מיט אויסגעלאָשענע אויגן געוואָרט, אַז די מערדער זאָלן זיי באַפרייען פונעם גהינום אויף דער וועלט.

באַלד איז געגעבן געוואָרן דער באַפעל זיך אויסצו־שטעלן צו פיר אין אַ ריי. ערשט דאַן איז אויסגעבראָכן אַ יאָמערלעכער געשריי און אַ געוויין פון פרויען און קליינע קינדער, אַז עס האָט געקענט שפּאַלטן די הימלען. די מער־דער אַרום האָט עס אָבער נישט גערירט. אַפּנים, אַז זיי האָבן שוין געזען גענוג אַזעלכע בילדער און זיי זענען שוין געווען צוגעוווינט צום געיאָמער פון די מענער, פרויען און קינדער, וואָס זיי האָבן שוין געהאַט אויף זייער געוויסן.

און תיכף איז געקומען דער באַפעל צו מאַרשירן. די זון, וואָס האָט פריער אַזוי העל געשיינט, האָט זיך מיטאַמאָל באַהאַלטן אין די וואָלקנס, עפּעס אַזוי ווי זי וואָלט זיך גע־שעמט צו קוקן אויף די פאַרצווייפלטע מענטשן, וואָס ווערן איצט געפירט צו דער שחיטה. דער ווינט האָט געוואָיעט און עס האָט זיך אויסגעדוכט ווי ער וואָלט געוויינט אויף דעם גורל פון די אומגליקלעכע, וועלכע גייען איצט זייער לעצטן וועג. און גראָד אין דעם מאָמענט האָט זיך ביי מיר דערוועקט אַ חשק צום לעבן, אַרום און אַרום האָבן זיך געזען די גרינע פעלדער, די ביימער האָבן געבליט, די נאַטור, אַלץ אַרום רופט צום לעבן, אַלץ שפּראָצט אַרויס פון דער ערד און מיר דאַרפן גראָד איצט זיך געזעגענען מיטן לעבן.

אָט זענען מיר שוין אַריינגעגאַנגען אין דעם שמאָלן קאַשעראָווען געסל. ביידע זייטן גאַס זענען געדיכט אַרומגע־שטעלט מיט די באַוואָפנטע מערדערס. מיר טאַפּטשען מיט די פיס אין דער טיפער בלאָטע פון דער נישט ברוקיר־טער גאַס. יעדער טריט ווייטער דערנענטערט אונדז צו דער לעצטער מינוט פון אונדזער לעבן.

ביים אויסשטעלן זיך אין דער ריי האָב איך שוין אויס־גערעכנט צו זיין ערשטער ביים ברעג. מיינע שכנים פון מיין ריי האָבן שוין געוווסט פון מיין פּלאַן, און זיי האָבן געזאָגט, אַז ווי נאָר איך וועל אַרויסלויפן פון דער ריי, וועלן זיי אויך גלייך ציען נאָך מיר. די מערדער זענען גע־גאַנגען האַרט לעבן מיר און איך האָב נאָכגעקוקט יעדן בליק זייערן. איך זוך מיטן בליק אַ פּאַסיק לאָך אין אַ צע־בראָכענעם פּלויט, ווו איך זאָל קענען אין געהעריקן מאָמענט אַריינלויפן. אָט ענדיקט זיך שוין באַלד דאָס לאַנגע געסל מיט די הייזער. די נערוון זענען ביי מיר אָנגעשטרענגט ביזן העכסטן גראַד. בליץ שנעל האָב איך באַשלאָסן — איצט איז די צייט צו מאַכן פּליטה. איך בין אַרויסגעלאָפן פון מיין ריי און אַריינגעלאָפן אין דעם לאָך פון אַ פּלויט. די איבעריקע דריי פון מיין ריי האָבן אויך אָנגעהויבן אַנטלויפן, און אַזוי אויך גלייכצייטיק פון אַנדערע רייען. די מערדער האָבן אָנ־געהויבן שיסן אין די אַנטלויפנדיקע, באַגלייט מיט ווילדע געשרייען.

ווען איך בין שוין געווען אויף יענער זייט פּלויט, בין איך אַנידערגעפאַלן אין דער נאַסער בלאָטע, איינגעהאַלטן דעם אָטעם און אַראָפּגעשאַרט דאָס היטל איבערן פּנים און נאָכדעם אויסגעצויגן אין דער ברייט די הענט, נישט געבנדיק זיך דעם מינדסטן באַוועג מיטן קערפּער, פּונקט ווי איך וואָלט געווען „טויט"... איך פּיל נישט קיין קויל, וואָס זאָל מיך האָבן געטראָפן. ליגנדיק אַזוי האָבן איך נאָר גע־הערט ווי די מערדער לויפן אַרום איבער די פעלדער, ווי זיי הערן נישט אויף צו שרייען און שיסן.

ווען די שיסעריי האָט אויפגעהערט און איך האָב שוין אויך מער נישט געהערט זייערע ווילדע געשרייען, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז די רייען מיט די פאַרמשפּטע יידן זענען שוין אַדורך דורכן געסל און איך האָב אַ ביסל אויפגעהויבן דעם קאָפּ, כדי צו זען וואָס עס טוט זיך אַרום מיר. איך האָב דערזען אַ קלאָזעט, און ווען איך האָב אַ ביסל העכער אויפ־געהויבן דעם קאָפּ און געזען, אַז קיינער איז אַרום נישטאָ, האָב איך זיך גענומען שאַרן אויפן בויך צום קלאָזעט־צו און זיך אַריינגעכאַפּט אינעווייניק. ערשט איצט האָב איך דורך די שפּאַרונעס געקענט זען וואָס עס טוט זיך אַרום די פעל־דער.

ערשט ווען איך האָב דורך די שפּאַרונעס פון דעם אָפּטריט דערזען די אויסגעלייגטע הרוגים אויפן פעלד אַרום

און אַרום, האָט זיך פון מיך מויל אַרויסגעריסן אַן אינעווייניקסטער אויסרוף:

— אָ, גאָט, פאַרוואָס האָסטו מיך געלאָזט לעבן, כדי ווייטער זיך צו פּלאָגן אויף דער וועלט? פאַרוואָס קומט עס מיר?

אָ, ווי איך האָב אין יענעם מאָמענט מקנא געווען די טויטע, וואָס זנען געלעגן צעשפּרייט אויף די פעלדער און כ'האָב געשעפּטשעט צו זיך:

— זיי איז שוין גוט, זיי זענען שוין פּטור פון דעם פּיינלעכן לעבן און פאַר מיר איז דער בעכער פון פּיין אַפּנים נאָך נישט פול.

מיינע געדאַנקען האָבן זיך אין גאַנצן אָנטזאָגט צו אַרבעטן און אין ערשטן מאָמענט האָב איך אַפילו נישט געקענט באַטראַכטן מיין לאַגע אין וועלכער כ'האָב זיך פּלוצים געפונען. מיינע קליידער זענען געווען אויסגעווייקט פונעם ליגן אין דער נאַסער בלאָטע, וואָס האָט מיך שוין געהאַט דורכגענומען דורך און דורך, פון וואָס עס האָט מיך געשוידערט פון קעלט. די עיפּושדיקע ריחות פונעם אָנגעפּילטן אָפּטריט זענען מיר געקראָכן אין האַלדז ביז דערשטיקט צו ווערן.

דאָס שיסעריי האָט נישט אויפגעהערט אויף אַ מינוט. און אין דער זעלבער צייט האָב איך דערזען דורך די שפּאַרונעס ווי עס פאָרן אויטאָמאָבילן, אין וועלכע עס זענען געזעסן אָפּנים הויכגעשטעלטע נאַציס. זיי זענען עס געפאָרן צום מאָרד־פּלאַץ אָנצוקוקן ווי זייערע קאַמעראַדן פירן אַדורך די אויסראָטונג פון יידישן פאָלק. אָט די דאָזיקע אויטאָמאָבילן פלעגן כסדר פאָרן הין און צוריק, ברענגענדיק נייע בעלנים אויף צוקוקן זיך צו דעם „ספּעקטאַקל", ווי עס גיסט זיך יידיש בלוט.

אָט אַזוי האָבן זיך געצויגן די מינוטן און שעהן פון מיין זיצן אין דעם עיפּושדיקן קלאָזעט, מורא האָבנדיק אַרויסצוגיין, איך זאָל נישט אַוועקגעשלעפּט ווערן צו די גריבער, ביז עס איז געוואָרן טונקל און די שיסעריי האָט אויפגעהערט.

באַלד האָב איך דערזען פאָרנדיק צוריק זייער פיל אויטאָס און מיט אַ ווײַלע שפּעטער האָב איך אויך דערזען לאַסט־אויטאָס, וואָס זענען געווען פול מיט בגדים.

ערשט דאַן איז פאַר מיר געווען קלאָר, אַז די קרבנות האָבן זיך געמוזט אויסטאָן, אײדער די מערדער האָבן זיי אומגעבראַכט.

אין דער זעלבער צייט האָב איך אויך דערזען ווי לאַסט־אויטאָמאָבילן פאָרן צו צו די הייזער, ווו עס זענען נאָך די נאַכט געשלאָפן די יידן. די ווייסרוסישע פּאָליציי האָט אָנגעהויבן אַרויסטראָגן אַלץ פון דאָרט און זענען דערמיט אָפּגעפאָרן.

ווען איך האָב דאָס דערזען, איז שוין פאַר מיר קלאָר געוואָרן, אַז ווי נאָר עס וועט ווערן פינצטער מוז איך פאַרשווינדן פון דעם אָפּטריט, אויב נישט, וועל איך ווײַטער אַרײַנפאַלן צו די מערדער אין די הענט.

באַלד ווי ס'איז געוואָרן גענוג פינצטער, און ס'האָבן אויפגעהערט צו קומען די אויטאָמאָבילן אַרויסצופירן די זאַכן פון די דערמאָרדעטע, האָב איך באַשלאָסן, אַז איצט איז די ריכטיקע צייט אַרויסצוכאַפּן זיך פון דאַנען. איך האָב זיך אָבער גלייך אָריענטירט, אַז אויף דער גאַס האָט מען געוויס אַוועקגעשטעלט פּאָסטנס, כדי די קריסטלעכע באַפעלקערונג זאָל דורך דער נאַכט נישט צעשלעפּן אַלץ פון די הייזער. איז מיר איינגעפאַלן אַ געדאַנק, אַז איך זאָל זיך שאַרן אויפן בויך איבער די פעלדער, און אין דער פינצטערניש וועט מען מיך נישט קענען באַמערקן, כדי איך זאָל קודם זיין וואָס ווייטער פון דער קאָשאַראָווער גאַס, און דערנאָך וועל איך זוכן אַן אויסוועג, ווו זיך אַהינצוטאָן.

איך האָב זיך אַרויסגעשאַרט פון קעמערל און אָנגעהויבן זיך שאַרן אויפן בויך איבער די פעלדער אַזוי ווי אַ שלאַנג. אויף אַזאַ אופן האָב איך געפּויזעט אַ לאַנגע צייט איבער די בלאָטיקע פעלדער, וואָס זענען נאָך געווען נאַס פון דעם נישט לאַנג צעגאַנגענעם שניי, נישט וויסנדיק ווו איך געפין זיך, ביז וואַנען איך האָב זיך צוגעשאַרט צו אַ וועלדל. דאָרט האָב איך זיך שוין דערפילט „זיכערער" און איך האָב באַשלאָסן זיך אָפּצורוען ביז עס וועט ווערן טאָג.

ווען עס איז געוואָרן אַ ביסל ליכטיק האָב איך דערזען, אַז איך האָב דורך דער נאַכט דורכגעמאַכט, שאַרנדיק זיך אויפן בויך, אַ היפּשן מהלך. קיין „געלע לאַטעס" האָב איך שוין אויף זיך נישט געהאַט. איך האָב זיי נאָך אין קלאָזעט אַראָפּגעריסן. דאַן האָב איך מיט שנעלע טריט גענומען זיך אָט דאָרט האָב איך באַשלאָסן צו ליגן אַזוי לאַנג ביז איך וועל דערווייטערן טיפער אין וואַלד אַריין. איך האָב אויסגעזוכט אַ געדיכטן קוסט מיט ביימלעך און זיך „פאַרמאַליגעוועט". אָט דאָרט האָב איך באַשלאָסן צו ליגן אַזוי לאַנג ביז איך וועל קענען אויסהאַלטן פון הונגער און דאָרשט. דערשעפּט פון די כוחות בין איך געווען ביז צום לעצטן, האָב איך זיך אַנידערגעלייגט אויף דר'ערד און באַלד איינגעשלאָפן.

אויפגעכאַפּט האָב איך זיך פון אַ שטאַרקער בילעריי פון הינט, וואָס איז געקומען פון דער ווייטנס, האָב איך געהאַט אַ סימן, אַז נישט ווייט געפינען זיך הייזער. דער דאָרשט האָט מיך געמאַטערט נישט אויסצוהאַלטן, אָבער איך האָב נישט געהאַט די העזה צו פאַרלאָזן מיין נאָרע און גיין זוכן וואַסער. איך האָב באַשלאָסן צו בלייבן ווייטער ליגן אין דער נאָרע ביז מאָרגן. איך האָב געטראַכט, אַז ווי באַלד איך בין נישט ווייט פון שטאָט, איז אַ סך גלייכער איבערצוּוואַרטן נאָך אַ טאָג. אפשר דרייט זיך נאָך אַרום די ווייסרוסישע פּאָליציי. איך בין אַזוי אָפּגעלעגן אין דער נאָרע ביז צומאָרגנס. לענגער האָב איך שוין נישט געקענט אויסהאַלטן פון דאָרשט. דאָס איז שוין געווען דער דריטער טאָג ווי איך האָב קיין טראָפּן וואַסער אין מיין מויל נישט געהאַט.

פאַר מיר איז דאַן געשטאַנען די פראַגע: ווו זאָל איך איצט גיין?

גיין צוריק קיין לידע האָט קיין רייד נישט געקענט זיין. איך האָב פריער געמוזט האָבן אַ שטוב, ווו איך זאָל זיך קענען אַרומוואַשן און אָפּרייניקן כאָטש אַ ביסל מיינע מלבושים, וואָס זענען געווען אויסגעשמירט אין בלאָטע, כדי עס זאָל אויף מיר נישט פאַלן קיין חשד, אַז כ'בין אַן אַנטלאָפענער פון דער שחיטה.

איך האָב פאַרלאָזן מיין „מאַלינע" און בין געגאַנגען זוכן ערגעץ אַ הויז. אָפּגייענדיק ביי אַ האַלבן קילאָמעטער, האָב איך דערזען פון ווייטן אַ שטוב, בין איך געגאַנגען אין

יענער ריכטונג. צוקומענדיק נענטער, איז פּונקט אַ פּויערטע אַרויסגעגאַנגען פון שטוב. איך בין גלייך צו איר צוגעגאַנגען און זי געפרעגט, צי איך קען באַקומען אַ טרינק וואַסער. זי האָט אויף מיר בעת מעשה אַ קוק געטאָן מיט פאַרדאַכט, אָבער זי האָט מיך גאָרנישט געפרעגט און איז גלייך אַריין אין שטוב און איז באַלד אַרויס מיט אַ קענדל וואַסער און מיר דערלאַנגט. איך האָב זיך צוגעכאַפּט מיט אַ גוואַלדיקער גיריקייט צום וואַסער, אַז ממש אין געציילטע סעקונדן האָב איך אויסגעטרונקען דאָס גאַנצע טעפּל און די קריסטין איז געשטאַנען אַ פאַרגאַפטע און געקוקט אויף מיר. זי האָט שוין, אַפּנים, זיך אָנגעשטויסן, ווער איך בין און פון וואַנען איך קום...

אָפּגעבנדיק איר צוריק דאָס ליידיקע קענדל, האָב איך זי קודם־כל געפרעגט, צי עס געפינען זיך נישט ביי איר אין שטוב קיין פרעמדע מענטשן און צי זי וואָלט מיר דערלויבט זיך אַרומצוואַשן ביי איר אין שטוב. אויף דעם האָט זי אָן וואַקלעניש מיך גלייך אַריינגעבעטן אין שטוב אַריין.

אַריינקומענדיק אין הויז האָב איך דאָרט געטראָפן אויך איר מאַן. זיי האָבן שוין דאַן ביידע נישט אַראָפּגענומען די אויגן פון מיר. אויף זייערע פּנימער האָב איך געזען שטוינונג צוליב מיין שרעקלעכן אויסזען אַפּנים. מיטאַמאָל האָט די פּויערטע פאַרבראָכן אירע הענט און איבערצלמענדיק זיך עטלעכע מאָל, אויסגערופן: אָ, באָזשע מאָי (אָ, גאָט מיינער).

די פּויערטע מיט איר מאַן האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר זייער פרומע קאַטאָליקן, און ווי איך האָב גלייך דערפילט, זייער גוטע מענטשן. איך האָב געהאַט גרויס מזל אַריינצוטרעפן אין אַזאַ הויז. זיי האָבן מיך גלייך געהייסן אַראָפּוואַרפן פון זיך די בלאָטיקע מלבושים און האָבן מיר געגעבן אַ כאַלאַט אַרויפצוואַרפן אויף זיך. דערנאָך האָבן זיי אַליין אויפגעהאָנגען טריקענען מיינע בגדים אויפן אָנגעהייצטן אויוון. זי האָט אויך באַלד אָנגעוואַרעמט אַ גרויסן טשוגון מיט וואַסער פאַר מיר אַרומצוואַשן זיך, און דערנאָך מיר געגעבן עסן און טרינקען. עס האָבן זיך ביי מיר געשטעלט טרערן אין די אויגן פון זייער גוטסקייט צו מיר. איך האָב אַ טראַכט געטאָן: אַפּנים, אַז נישט אַלע גויים זענען פאַרדאָרבן. נאָכן עסן האָב איך זיי דערציילט די גאַנצע פּאַסירונג מיינע.

ביידע האָבן מיט פאַרבראָכענע הענט זיך צוגעהערט ווען כ׳האָב דערציילט פון מיין טרויעריקער דערפאַרונג, און ווען איך האָב געענדיקט, האָבן זיי מיך געהייסן אַרויפקריכן אויפן אויוון און זיך דאָרט לייגן שלאָפן.

ערשט ליגנדיק אויפן וואַרעמען אויוון און פילנדיק ווי עס דערוואַרעמען זיך מיינע צונויפגעקאָרטשעטע גלידער, האָב איך אָנגעהויבן אַנאַליזירן מיין לאַגע, שטעלנדיק זיך די פראַגע: „ווער ווייסט, וואָס מיט מיר וואָלט שוין איצט געשען, ווען איך טרעף נישט אַריין צופעליק צו אַזעלכע גוטע און ערלעכע מענטשן?"

איך בין אַדורכגעשלאָפן די נאַכט אויפן אויוון און פאַרטאָג האָבן די גוטע מענטשן מיך געהייסן אַריינגיין אין שייער און זיך אַריינלייגן צווישן היי. טאָמער, האָבן זיי געזאָגט, קומען אַריין שכנים פון די אַרומיקע הייזער, און זיי וועלן מיך באַמערקן, קען זיך אַמאָל אויסלאָזן גאָר שלעכט סיי פאַר מיר און סיי פאַר זיי, דערפאַר וואָס זיי באַהאַלטן אַ ייד...

איך בין גלייך אַראָפּגעקראָכן פון אויוון און מיטגענומען אין שייער מיינע זאַכן, וואָס האָבן זיך במשך דער נאַכט געהאַט אויסגעטריקנט, און אַריינקומענדיק אין שייער האָב איך די קליידער גענומען אָפּרייניקן ווי עס איז פון דער בלאָטע.

איך האָב אָנגעהויבן טראַכטן: וואָס טוט מען ווייטער? וווּ זאָל איך אַצינד גיין?

ווען איך ווייס, האָב איך געטראַכט, אַז די געטאָ אין לידע עקסיסטירט ווייטער, וואָלט איך אַוועק צוריק אין געטאָ, אָבער אויף וועלכן אופן קען איך זיך דערוויסן? — האָט מיר געדאַרט דער מוח.

ווען די גוטע פּויערטע האָט מיר געבראַכט עסן אין שייער, האָב איך איר געזאָגט, וואָס עס קוועטשט מיך. זי האָט זיך באַלד אַליין אָנגעבאָטן צו גיין קיין לידע און זיך דערוויסן צי די יידן געפינען זיך ווייטער אין געטאָ.

פאַרנאַכט איז די פּויערטע צוריקגעקומען פון לידע און האָט מיר איבערגעגעבן, אַז זי האָט געטראָפן אַ גרופּע יידן גייענדיק פון דער אַרבעט אין געטאָ און זיי האָבן איר געזאָגט, אַז די געטאָ געפינט זיך איצט אויף פּאָסטאָווער גאַס, און דער עיקר, אַז איך האָב נישט וואָס מורא צו האָבן צוריקצוקערן זיך אין געטאָ.

ווי איך האָב דאָס דערהערט, האָב איך דערפילט, ווי אַ שטיין וואָלט ביי מיר אַראָפּ פון האַרץ. אין יענעם מאָמענט איז פאַר מיר געווען דער איינציקער אויסוועג צוריקצוגיין אין געטאָ.

די נאַכט בין איך געשלאָפן אין שייער אינעם היי און פאַרטאָג, נאָך דעם ווי כ׳האָב האַרציק באַדאַנקט די גוטע מענטשן פאַר אַלץ, וואָס זיי האָבן פאַר מיר געטאָן, בין איך אַוועק קיין לידע. אָבער אָנשטאָט צו גיין גלייך אין געטאָ, האָב איך אויפן וועג באַטראַכט, אַז איך וועל בעסער פריער גיין אין קיך פון יודענראַט, וואָס האָט זיך געפונען אויסערן געטאָ. מיין חשבון איז געווען, אַז ביי די יידישע אַרבעטער, וואָס אַרבעטן אין קיך, וועל איך זיך דערוויסן מער פּרטים וועגן געטאָ, און צי איך וועל דאָרט זיך קענען לעגאַליזירן. איך האָב אויסגעפּלאַנירט, אַז איך וועל דאָרט דערווייל עפּעס העלפן טאָן אין קיך, און אַז די אַרבעטער וועלן פאַרנאַכט צוריקגיין אין געטאָ, וועל איך מיטגיין מיט זיי.

אַזוי האָב איך געטאָן.

## צוריק אין געטאָ

ווען איך בין געקומען אין קיך, האָבן די אַרבעטער גלייך באַמערקט, אַז איך קום פון „דאָרט". און איידער מען האָט ביי מיר עפּעס געפרעגט, האָבן די פרויען באַלד געפונען פאַר מיר עפּעס אַ שטיקל געלע שמאַטקע און פון דעם אויסגעשניטן „געלע לאַטעס" און מיר דאָס צוגעשפּילעט פון פאָרנט און פון הינטן, איידער די קריסטלעכע פאַרוואַלטערין פון קיך איז אָנגעקומען. באַלד האָבן די האָלץ־זעגער מיך אַריינגענומען צווישן זיי און איך האָב געהאָלפן זעגן און האַקן האָלץ. אָט אין דער מינוט איז געחתמעט געוואָרן מיין פונקציע אין מיין ווייטערדיקן געטאָ־לעבן.

זעגנדיק דאָס האָלץ האָב איך זיי שוין אַלץ דערציילט, וואָס מיט מיר איז פאָרגעקומען במשך די עטלעכע טעג. זיי האָבן מיך באַרואיקט און פאַרזיכערט, אַז איך וועל קענען זיין אין געטאָ לעגאַל פונקט ווי אַלע.

ווען די פאַרוואַלטערין איז אָנגעקומען, האָבן די אַרבעטער איר געזאָגט, אַז איך בין געשיקט געוואָרן פון יודענראַט אין קיך אויף צו העלפן זעגן דאָס האָלץ. פאַקטיש האָט זי טאַקע געפאָדערט נאָך מענטשן, אָבער דער יודענראַט האָט נישט געהאַט גענוג מענטשן און דעריבער האָבן זיי געשיקט דעם סאַמע מינימום. אַזוי אַרום איז די פאַרוואַלטערין געווען גאָר צופרידן מיט מיין קומען, וואָס זי וועט אויף להבא האָבן נאָך אַן אומזיסטן שקלאַף.

מיט אומגעדולד האָב איך געציילט די שעהן עס זאָל זיך ענדיקן דער טאָג, איך זאָל קענען אַוועקגיין אין געטאָ און זען, וויפל עס זענען געבליבן לעבן אין דעם שטיבל, ווו איך האָב געוווינט.

קומענדיק פאַרנאַכט אין געטאָ און אַריינקומענדיק אין שטיבל, האָב איך דאָרט געטראָפן גאָר אַנדערע מענטשן. וואָס קיינעם פון זיי האָב איך פריער נישט געקענט. פון די 23 פּערזאָן, וואָס האָבן געוווינט אין אַלע דריי שטיבלעך פונעם הויז איז אַחוץ מיר קיינער נישט געבליבן לעבן. איך האָב זיך גלייך דערפילט ווי אַ פרעמדער צווישן די אומבאַקאַנטע, וועלכע האָבן ביז דער שחיטה געוווינט אין אַ צווייטן געטאָ. פון מיין קנאַפּן ביסל זאַכן און וועש האָב איך שוין גאַנץ ווייניק געפונען.

איך גלייב, אַז ס'איז וויכטיק צו דערציילן אין קורצן ווי אַזוי ס'האָט אויסגעזען די געטאָ נאָכדעם ווי די מערדער האָבן איבערגעלאָזן קנאַפּע 20 פּראָצענט פון דער צאָל נפשות, וואָס האָבן זיך געפונען אין אַלע דריי געטאָס.

ווען איך בין געקומען אין געטאָ, איז שוין געווען דער פערטער טאָג זינט די אַלט־נייע געטאָ האָט ווידער עקזיסטירט. לויט ווי איך האָב זיך באַלד דערוווּסט, האָבן זיך צוריקגעקערט 1300 ייִדן נאָך דער סעלעקציע. עטלעכע טעג שפּעטער זענען צוגעקומען נאָך 20 מענטשן, וואָס האָבן זיך אויף דעם אָדער יענעם אופן געראַטעוועט. דאָס איז טאַקע וויכטיק פעסטצושטעלן, אַז פון די קנאַפּע זעקס טויזנט ייִדן, וואָס די מערדער האָבן אַוועקגעטריבן צו די גריבער, האָבן זיך בלויז צוואַנציק געראַטעוועט על־פּי נס.

דאָס לעבן אין געטאָ איז שוין אָנגעגאַנגען „נאָרמאַל“, אַזוי צו זאָגן, ווי גאָרנישט וואָלט פּאַסירט מיט פיר טעג צוריק. דעם טרויער און דעם ווייטיק נאָך דעם פאַרלוסט פון די פאַמיליע־מיטגלידער און שכנים האָט מען געטראָגן טיף אין האַרצן. די באַפעלן האָבן ווייטער געמוזט פּינקטלעך אויסגעפירט ווערן, אַזוי, אַז מען האָט נישט געהאַט קיין צייט צו טרויערן נאָך די אומגעקומענע. אַ נייער יודענראַט איז שוין אויך געווען, מיט אַ נייעם פּאָליציי־קאָמענדאַנט איבער דער ניי־געשאַפענער געטאָ־פּאָליציי. און ייִדן זענען פונקט ווי פריער, אַרויסגעגאַנגען יעדן פאַרטאָג צו דער אַרבעט אויסערן געטאָ.

דאָס אינטערעסאַנטסטע איז געווען דאָס, וואָס בעת די מערדער האָבן אַוועקגעטריבן אַלעמען פון געטאָ, האָבן זיי איבערגעלאָזן פּאָליציי צו היטן דאָס האָב־און־גוטס, וואָס די אומגליקלעכע האָבן איבערגעלאָזן, כדי די גוים זאָלן עס נישט צעראַבירן. און ווען די 1300 ייִדן האָבן זיך צוריקגעקערט פאַרנאַכט אין געטאָ האָבן זיי געפונען אין די הייזער מלבושים און אַפילו אַ ביסל עסנוואַרג. ווער עס האָט געהאַט דאָס מזל אַריינצוטרעפן אין אַ הויז, ווו עס האָבן פריער געוווינט פאַרמעגלעכע מענטשן, איז געוואָרן זייער יורש. פון דעם האָט מען טאַקע דערנאָך געלעבט אין געטאָ, פאַרקויפנדיק די מלבושים צו קריסטן אָדער זיי האָבן עס אויסגעביטן אויף עסנוואַרג ווען מען איז געגאַנגען צו און פון דער אַרבעט.

אַנטקעגן מיין שטיבל איבערן גאַס האָט געוווינט אַ לידער פאַמיליע פון 7 פּערזאָן, וואָס האָבן פאַרנומען אַ גאַנץ שטיבל פאַר זיך אַליין: עלטערן, דריי דערוואַקסענע טעכטער און אַ שנור מיט איר 3־יאָריק מיידעלע. זיי האָבן געהייסן ציגעלניצקי. אין געטאָ האָט מען דעם מאַן גערופן „הענעך דער געלער“. ער איז געווען אַ טויבער און פון פאַך אַ טאָקער. די דאָזיקע משפחה האָט מיך שוין געקענט פון פריער. איך פלעג צו זיי אָפט אַריינקומען אין די אָוונטן נאָך דער אַרבעט. די גאַנצע משפחה האָט זיך געראַטעוועט פון דער שחיטה אַ דאַנק די צוויי טעכטער, וועלכע האָבן געאַרבעט אין דער זשאַנדאַרמעריע. דורך אַ צופאַל האָט איינער פון די ס.ס.־זשאַנדאַרן, פאַר וועמען זיי האָבן געוואַשן וועש, זיי באַמערקט, ווען מ'האָט אַרויסגעפירט אַלעמען פון געטאָ צו דער סעלעקציע. דער זשאַנדאַר האָט זיי אַריינגעפירט אין אַ שטוב אין געטאָ און זיי האָבן זיך דאָרט ערגעץ באַהאַלטן. זיי זענען דאָרט געווען פאַרבאַהאַלטן ביז פאַרנאַכט ווען זיי האָבן דערהערט, אַז ייִדן זענען צוריקגעקומען אין די הייזער.

אָבער דער גרויזאַמער טויט האָט זיי אַלץ איינס נישט אויסגעמיטן. ביי דער ליקווידאַציע פון לידער געטאָ אין סעפּטעמבער 1943, זענען זיי צוזאַמען אַוועקגעפירט געוואָרן. בלויז איין טאָכטער האָט זיך געראַטעוועט, אַרויסשפּרינגענדיק פון באַן און איז דערנאָך אָנגעקומען אין בעלסקיס פּאַרטיזאַנער־אָטריאַד. זי לעבט איצט אין ישראל.

אָט די ציגעלניצקיס האָבן זיך דערפרייט מיט מיין רעטונג, פונקט ווי איך וואָלט געווען איינער פון זייער משפחה. זעענדיק, אַז איך פיל זיך איינזאַם צווישן פרעמדע מענטשן אין מיין שטיבל, האָבן זיי מיר פאַרגעלייגט צו וווינען ביי זיי, און האָבן מיך טאַקע אַדאָפּטירט צו זייער משפחה. אַזוי זענען מיר פאַרבליבן צוזאַמען ביז דעם טאָג פון מיין אַוועקגיין אין וואַלד.

אַזוי ווי איך האָב דורך דעם טאָג, וואָס איך בין געווען אין קיך דערזען, אַז דאָרט וואָלט פאַר מיר געווען אַ גוטער פּלאַץ צו אַרבעטן, האָב איך ביי זיך גלייך אָפּגעמאַכט צו בעטן אין יודענראַט מען זאָל מיך שיקן אַהין אַרבעטן. אַזוי איז טאַקע געווען. אויף מאָרגן האָט מיך דער יודענראַט געשיקט אַרבעטן אין קיך. דאָס איז שוין געווען מיין לעצטע שקלאַפן־אַרבעט אין געטאָ.

איך וויל איבערגעבן אייניקע עפּיזאָדן פון מיין נייעם אַרבעטס־פּלאַץ.

די פאַרוואַלטערין פון דער קיך, ווי כ'האָב שוין פריער דערמאָנט, איז געווען אַ פּוילישע מיטליאָריקע פרוי, איר פאַמיליע־נאָמען איז געווען טאָמאַשעוויטש. זי איז געווען

זייער אַ פרומע קאַטאָליקין, אָבער אַן אַנטיסעמיטקע פון ערשטן סאָרט. איר מאַן איז געווען אַ מיטגליד פון דער פוילישער רעאַקציאָנערער ענדעקישער פּאַרטיי. ווען די סאָ־וויעטן האָבן פאַרנומען לידע אין יאָר 1939 האָבן זיי צווישן אַנדערע אויך אַרויסגעפירט איר מאַן קיין סיביר. פון דעמאָלט אָן האָט זי נאָך מער געברויזט מיט שנאה קעגן יידן, ווייל זי האָט געהאַלטן יידן פאַראַנטוואָרטלעך אין דער פאַרשיקונג פון איר מאַן.

אָט די דאָזיקע אַנטיסעמיטקע איז עס געווען די גאַנצע באַלעבאָסטע איבער די יידישע פּראָדוקטן־פּאַרציעס, וואָס זי פלעגט אָפּנעמען פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג פאַר דער קיך אין געטאָ. די פּאַרציעס גרויפּן און קאַרטאָפל, וואָס די נאַציס האָבן צוגעטיילט פאַר יעדער פּערזאָן אין געטאָ זענען געווען פיל קלענער ווי פאַר דער קריסטלעכער באַפעלקערונג. פון אָט דער אָרעמער צוטיילונג האָט די האַרצלאָזע פאַרוואַל־טערין נאָך אַ העלפט באַגנבעט, עס פאַרקויפט און געמאַכט אַ פאַרמעגן אויפן חשבון פון די הונגעריקע יידן אין געטאָ.

איך האָב פריער געהאַט געמיינט, אַז נאָר די נאַציס זענען עס די שולדיקע, וואָס מיר האָבן געקראָגן וואַסערדיקע זופּ. ערשט ווען איך בין אָנגעקומען אַרבעטן אין קיך, האָב איך זיך דערוווּסט, וואָס אָט די גויע טוט אָפּ מיט די פּראָ־דוקטן.

אָפּאַרבעטנדיק עטלעכע וואָכן, איז איין טאָג קראַנק גע־וואָרן דער קוכער און איז מער נישט געקומען אין קיך און מ׳האָט באַדאַרפט האָבן אַן אַנדער קוכער. גייט צו צו מיר אָט די פאַרוואַלטערין גלייך אינדערפרי ווען איך בין געקו־מען צו דער אַרבעט, און רופט זיך אָפּ צו מיר:

— לייזער, בענדזיעש קוכאַזשעם (לייזער, דו וועסט זיין דער קוכער...)

איך האָב איר באַלד אויף דעם געענטפערט, אַז איך וועל עס נישט קענען אויספירן, אַז איך וויס נישט מיט וואָס מען עסט עס. האָט זי געגעבן אַ טופּע מיטן פוס אין פּאַדלאָגע און מיט כעס אויסגערופן:

— מילטש, פּשיאַקרעוו!" (שווייג, דו הינטיש בלוט).

באַלד האָט זי געהייסן די ווייבער, וואָס האָבן געאַרבעט ביים שיילן קאַרטאָפל, זיי זאָלן מיר ווייזן, וואָס איך דאַרף טאָן.

די פרויען האָבן מיך באַרואיקט, זעענדיק מיין צעשראָ־קענעם בליק און מיין אומבאַהאָלפנקייט. זיי האָבן מיר צו־געזאָגט צו העלפן און פאַרזיכערט, אַז איך וועל אויספירן די אַרבעט פונקט ווי דער פריערדיקער קוכער, וואָס האָט אויך פון אָנהייב גאָרנישט געקענט.

פון דאַן אָן בין איך געוואָרן דער קוכער... עס האָט גענומען אַ פּאָר טעג און איך האָב שוין געקענט די דאָזיקע מלאכה, און באַלד האָבן שוין אַלע אין געטאָ, ווו זייער ווי־ניק מענטשן האָבן מיך געקענט, שוין געוווּסט ווי איך הייס — „לייזער דער קוכער" — אַלע האָבן מיך מיט איינמאָל אָנגעהויבן רופן מיט אָט דעם צונאָמען...

אין דער זעלבער וואָך, ווען די מערדער האָבן דורכ־געפירט די גרויזאַמע שחיטה איבער די לידער יידן, האָבן זיי דאָס זעלבע געטאָן אין די אַלע שטעטלעך, וואָס זענען אַרונטערגעפאַלן אונטער לידער געביטס־קאָמיסאַר האַנוועג. אויך דאָרט זענען פאָרגעקומען סעלעקציעס. פון די צען שטעטלעך פון לידער קרייז, ווו עס האָבן זיך געפונען אַן ערך 30 טויזנט יידן, האָבן די מערדער ביי די סעלעקציעס אויסגעקליבן אַן ערך 2 טויזנט פון די וויכטיקסטע פאַכלייט, ווי: שניידער, שוסטער און מעכאַניקער, און זיי געלאָזן לעבן.

גלייכצייטיק איז געקומען אַ באַפעל צו מאַכן די דאָזיקע שטעטלעך „יודענריין" און די איבערגעבליבענע יידן אַרי־בערשיקן אין לידער געטאָ.

באַלד זענען די פּאָר טויזנט יידן געקומען אין לידער געטאָ. די מערדער האָבן זיי געטריבן פיל צענדליקער קילאָ־מעטער צו פוס. אַזוי אָרעם האָבן זיי געקענט מיטנעמען נאָר דאָס, וואָס זיי האָבן געקענט טראָגן אויף די פּלייצעס. זענען זיי געקומען בלויז מיט אַ קליין ביסל פון די סאַמע נייטיקסטע בגדים און וועש. אַזוי האָט די איינציקע לידער געטאָ פון גאַנצן קרייז געהאַט ווידער העכער דריי טויזנט יידן.

נייע האַרצרייסנדיקע סצענעס האָבן זיך אָפּגעשפּילט מיטן אָנקומען פון די ניי־צוגעקומענע. די וווּנדן ביי זיי זענען נאָך געווען פריש פון די אָקאָרשט פאַרלאָרענע משפּ־חות און קיינער האָט זיי ניט געקענט טרייסטן, ווייל ביי די לידער זענען די וווּנדן פון נאָך דער שחיטה נאָך אויך גע־ווען גענוג פריש.

די ענגשאַפט אין געטאָ איז געוואָרן פיל גרעסער ווי פאַר דעם חורבן. אין די זעלבע צאָל הייזער, ווו עס האָבן פריער געוווינט אַן ערך 2500 נפשות, האָט געמוזט געשאַפן ווערן פּלאַץ פאַר די צוגעקומענע. מ׳האָט זיך אָבער גאָר שנעל אַן עצה געגעבן. מ׳האָט זיך צונויפגעדריקט אַ ביסל ענגער און ס׳איז געוואָרן פּלאַץ פאַר אַלעמען.

די וואַרשטאַטן, וואָס האָבן פאַרלאָרן אַזוי פיל באַלמע־לאָכעס אין דער שחיטה, האָט איצט דער פאַרוואַלטער פון דאָרטן אָנגעהויבן צו פאַרפילן מיט די ניי־צוגעקומענע פאַכ־לייט. אַזוי אויך אין אַנדערע איינהייטן האָט דער יודענראַט געהאַט צו שיקן יידישע אַרבעטער, ביסלעכווייז האָט מען זיך איינגעלעבט ווי עס איז מיט דער נייער לאַגע אין געטאָ.

אויך אין קיך, ווו איך האָב געאַרבעט אַלס קוכער איז אַריינגעקומען אַן ענדערונג מיט דעם, וואָס עס זענען צוגע־קומען מער עסער. איך האָב שוין דאַן געדאַרפט קאָכן צוויי גרויסע קעסלען צוויי מאָל אַ טאָג, 12 בייטאָג און פאַרנאַכט. ווען די אַרבעטער זענען געגאַנגען פון דער אַרבעט, האָבן זיי מיטגענומען זייערע פּאָרציעס זופּ אין געטאָ אַריין. איך פלעג האָרעווען איבער מיינע כוחות, אָבער דאָס האָט מיך נישט געאַרט.

עס האָט מיך אָבער געקרענקט, וואָס די אַנטיסעמיטישע פאַרוואַלטערין האָט באַגנבעט העלפט פּראָדוקטן און כ׳האָב געדאַרפט אויסטיילן וואַסערדיקע זופּ פאַר די הונגעריקע מענטשן. איך בין געווען הילפלאָז קעגן איר. אָבער פּלוצים איז אויך געקומען אַן ענדערונג אויף דעם געביט צום גוטן.

צווישן די צוגעקומענע יידן איז אויך געווען אַ קליינע צאָל ישיבה־בחורים, וועלכע זענען געקומען פון ראַדון מיט דעם הייפעלע איבערגעבליבענע יידן פון דער דאָרטיקער שחיטה. ראַדון מיט איר ישיבה זענען געווען אַמאָל באַרימט

ווייט איבער אירע גרענעצן, ווו עס האָבן געלערנט הונדערטער ישיבה־בחורים. איינער פון זיי איז אָנגעקומען אַרבעטן אין קיך. דער דאָזיקער ישיבה־בחור, וועמען מ׳האָט גערופן חיים, האָט ממש אויפגעטאָן ווונדער. ער האָט געמאַכט אַן איבערקערעניש אין דער אויפפירונג פון דער האַרצלאָזער פוילישער קיך־פאַרוואַלטערין.

וועגן חיימס פרומקייט פאַרשפּאַר איך דאָ צו שילדערן. איך וויל בלויז זאָגן, אַז מיר, אַרבעטער פון קיך, האָבן אים געהאַלטן פאַר אַ הייליקן, און ער איז עס טאַקע געווען אין פולן זין פון וואָרט. איך פלעג ווערן אויפגעמונטערט פון ויין בטחון.

— איך זאָג אייך, לייזער, אַז מיר וועלן דערלעבן די ישועה גאָר בקרוב — פלעגט ער תמיד מיך טרייסטן.

זיין פרומקייט האָט אויך גלייך באַמערקט די פאַרוואַלטערין טאָמאַשעוויטש. זייענדיק אַליין אַ גלויביקע קריסטין, איז פון ערשטן טאָג אָן, ווען חיים איז געקומען אַרבעטן אין קיך, האָט זי געהאָט צו אים גאָר אַן אַנדערע באַציאונג ווי צו אַלע אַנדערע אירע יידישע שקלאַפן.

באַלד האָט זיך שוין אויך חיים דערוווּסט פון די „שיינע" מעשים פון דער מיאוסער גויע. ער האָט געציטערט מיט אַלע זיינע אברים, בעת מיר פלעגן כסדר ריידן וועגן אירע גנבות.

אַ געווויסן טאָג רופט זיך אָפּ די פאַרוואַלטערין צו חיימען ער זאָל בעטן גאָט פאַר איר מאַן. זי וויל באַקומען כאָטש אַ ידיעה, אַז ער לעבט.

חיים האָט איר דערויף גאָרנישט געענטפערט. דאַרף זיך גראַד מאַכן, אַז קורץ נאָך איר ווענדונג צו חיימען, האָט זי באַקומען אַ טעלעגראַמע פון איר מאַן, וואָס איז שוין געקומען פון טערקיי, אַז ער איז געזונט...

די גויע איז שיר נישט משוגע געוואָרן פון שמחה. כ׳ווייס נישט, צי זי האָט אויף אַן אמת געגלייבט, אַז דאָס האָט געהאָלפן, וואָס חיים האָט „געבעטן ביים רבונו של עולם פאַר איר מאַן"... אָבער דער רעזולטאַט פון אָט דער טעלעגראַמע איז געווען אַ גאָר גוטער פאַר אַלע הונגעריקע אין געטאָ. עפּעס איז פאַרגעקומען אַן איבערברוך אין איר געוויסן. פון דאַן אָן האָט זי אָנגעטרויט חיימען דעם שליסל פון סקלאַד מיט די פּראָדוקטן און דעם שליסל פון קעלער מיט די קאַרטאָפל, און חיים האָט שוין געזען, אַז אין קעסל זאָל אַריינקומען גענוג גרויפּן און קאַרטאָפל און איך האָב שוין געקענט אָנקאָכן אַ געדיכטע זופּ, פון וואָס די הונגעריקע יידן פון געטאָ האָבן געקענט כאָטש אויף אַ קורצער ווײַלע שטילן דעם הונגער.

דאַן האָב איך אָנגעהויבן פילן אין מיין שווערער אַרבעט כאָטש אַ שטיקל באַפרידיקונג. עס איז מיר שוין גאָרנישט שווער געווען צו שטיין ביי דעם גרויסן און זודיקן קעסל אין דער גרויסער פאַרע צו מישן מיט דער גרויסער הילצערנער לאָפּעטע, כדי די זופּ זאָל נישט צוברענען.

גלייכצייטיק האָט חיים אויך געפועלט ביי דער פאַרוואַלטערין צו קאָכן אַ באַזונדער קליין קעסעלע זופּ פאַר זיינע חברים ישיבה־בחורים, כדי די זאָלן נישט מוזן עסן פון דעם נישט־כשרן קעסל. פאַקטיש איז די זופּ געקאָכט געוואָרן אָן קיין שום פעטס, נאָר פאַסטנע גרויפּן און קאַרטאָפל. אָבער עס פלעגט טרעפן זעלטן אויף אַ יום־טוב, ווען זי פלעגט באַקומען ביינער פאַרן קעסל. דאַן האָבן שוין די ישיבה־בחורים נישט געגעסן די זופּ. איז עס דאַן איינגעפאַלן חיימען צו בעטן ביי איר אַ דערלויבעניש צו קאָכן פאַר זיי באַזונדער. פרייטיק, למשל, פלעגט ער שוין אָפּקאָכן זופּ פאַר די ישיבה־בחורים אויך אויף שבת, און ער פלעגט אַליין אַוועקטראָגן אין געטאָ אַ גאַנצן עמער זופּ אַ שטיק צייט פאַר דער שקיעה. ווער האָט זיך דאַן געקענט צו אים גלייכן?

### פאַרטיזאַנער לאָזן זיך הערן

בעת היטלער האָט אין יוני 1941 אָנגעהויבן זיין בליץ־קריג קעגן סאָוויעטן־פאַרבאַנד און די סאָוויעטישע אַרמיי איז געצוווּנגען געווען אין איילעניש זיך צוריקצוציען, זענען דאַן הונדערטער טויזנטער פון דער רויטער אַרמיי אַריינגעפאַלן אין דייטשער געפאַנגענשאַפט. די נאַציס האָבן אָבער באַלד אָנגעהויבן אויסצומאָרדן מאַסנווייז די רוסישע געפאַנגענע. ווען די געפאַנגענע האָבן זיך וועגן דעם דערוווּסט, האָבן זיי אָנגעהויבן זיך צו צעלויפן אין די וועלדער. זיי פלעגן זיך אַרומשלעפּן הונגעריקע אין די דערפער, ווו זיי פלעגן באַקומען עסן. פון אָט די געפאַנגענע, צוזאַמען מיט אַנדערע רוסישע און ווייסרוסישע עלעמענטן איז עס שפּעטער אַנטשטאַנען די פאַרצווייגטע פאַרטיזאַנישע טעטיקייט, וואָס האָט שוין אָנגעבונדן אַ קאָנטאַקט מיטן אַלגעמיינעם שטאַב פון די פאַרטיזאַנער איבער גאַנץ ווייסרוסלאַנד און אַנדערע געביטן. פון אָנהייב האָט מען פון זיי כמעט גאָרנישט געהערט, יעדנפאַלס, יידן אין געטאָ האָבן גאָרנישט געוווּסט פון קיין פאַרטיזאַנער־באַוועגונג ביז דער גרויסער שחיטה אין מאַי 1942.

אַרום לידע זענען געווען צעשפּרייט אויף צענדליקער קילאָמעטער הונדערטער דערפער. די פּויערים פון די דאָזיקע דערפער פלעגן פאַר דער מלחמה איינקויפן אין יידישע קראָמען און אַזוי אַרום האָבן יידן געקענט זייער פיל פּויערים. די זעלבע פּויערים פלעגן אויך קומען פון צייט־צו־צייט קיין לידע און פאַרקויפן זייערע דאָרפישע פּראָדוקטן, בעת די יידן אין געטאָ פלעגן גיין צו און פון דער אַרבעט. באַהאַלטענערהייט האָבן יידן געקויפט ביי די פּויערים צו ביסלעך עסנוואַרג און גלייכצייטיק זיי פאַרקויפט זייערע מלבושים, וואָס האָט זיי געגעבן אַ מעגלעכקייט דורכצולעבן די קריטישע צייט.

דער צענטראַלער פונקט פון דאָזיקן פאַרבאָטענעם האַנדל צווישן די פּויערים מיט די יידן איז געווען אויפן הויף און אַרום די חרובע הייזער פון דער קיך פון יודענראַט, ווו איך האָב געאַרבעט. די יידן איז געווען פאַרבאָטן צו קומען אויפן מאַרק, ווו ס׳רוב פּויערים האָבן געמוזט פאַרקויפן זייערע פּראָדוקטן. דאָרטן האָבן זיי געמוזט זייערע פּראָדוקטן פאַרקויפן צו מינימאַלע פרייזן, וואָס די נאַצישע אָקופּאַנטן האָבן באַשטימט. האָבן דעריבער זיך געפונען גענוג פּויערים, וואָס האָבן ריזיקירט און זענען געקומען מיט זייערע פּראָדוקטן אויפן הויף פון דער קיך ווייסנדיק, אַז דאָרט קומען אַלע יידן פון געטאָ און קויפן זייערע פּראָדוקטן, פאַר וועלכע זיי האָבן גענומען וויפל זיי האָבן געוואָלט און גלייכצייטיק האָבן זיי ביי די יידן אָפּגעקויפט זייערע מלבושים. אַזוי אַרום

פלעגט מען זיך גאַנץ אָפט טרעפן מיט די דאָזיקע פויערים און פון זיי טאַקע האָט מען זיך שפּעטער דערוווּסט, אַז אַרום לידע דרייען זיך אַרום פּאַרטיזאַנער.

ווי איך האָב שוין דערציילט, האָב איך געוווינט ביי דער לידער משפחה ציגעלניצקי. אין יענעם שטיבל פלעגן אין די אָוונטן זיך צונויפקלייבן גענוג מענטשן. ווו צו גיין איז דאָך נישט געווען, איז דאָס דאָזיקע שטיבל געוואָרן, אַזוי צו זאָגן, אַ מין „קיביצאַרניע". מענטשן זענען געווען להוט צו הערן עפּעס נייעס, האָבן זיי שוין געוווּסט, אַז ביי הענעך דעם געלן קען מען זיך עפּעס דערוויסן... אַחוץ דעם איז געווען אַ גרופּע קאָרטנשפּילער, זענען זיי געזעסן אַ גאַנצן אָוונט, ביז האַלבער נאַכט, און האָבן געשפּילט.

בינו לבינו האָט אַ גאַנצן אָוונט אין דעם דאָזיקן שטיבל געהוזשעט ווי אַ בינשטאָק פון די פאַרשידענע שמועסן, וואָס זענען דאָרט געפירט געוואָרן. יעדן אָוונט, פלעגן זיך דאָרט אַרומדרייען פיל מענטשן פון אַנדערע שטיבלעך. יעדער פלעגט ברענגען אַ שטיקל נייעס פון זיין אַרבעטס־פּלאַץ, אָדער וואָס ער האָט געהערט פון אַ פויער, און פון דאַנען איז עס נאָכ־דעם געגאַנגען איבער אַנדערע שטיבלעך. אַזוי אַרום איז דאָס דאָזיקע שטיבל אויך געוואָרן, אַזוי צו זאָגן, אַ מין „טע־לעגראַפן־אַגענטור"... איך האָב גאַנץ אָפט זיך נישט געקענט לייגן שלאָפן ביז האַלבער נאַכט, זייענדיק אויסגעמאַטערט נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט, ווייל מיין בעטל, פּונקט ווי אַלע איבעריקע בעטלעך, זענען געווען פאַרנומען פון די זיצנ־דיקע קיביצער און קאָרטנשפּילער... אָבער איך בין געווען צופרידן ביז גאָר, וואָס איך בין אַריינגעפאַלן אין אַזאַ שטיבל, ווו אויסער דעם, וואָס כ'האָב מיך דאָרט געפילט ווי ביי זיך אין דער היים, נאָר טאַקע אויך צוליב די אויבנדערמאָנטע מעלות, ווו מען האָט געקענט זיך דערוויסן אַ וועלכע ס'איז נייעס.

אין אַ געוויסן אָוונט האָט איינער פון די אַריינגעקומענע געבראַכט אַ ידיעה, וואָס זיינער אַ באַקאַנטער פויער האָט אים דערציילט, אַז אַרום לידע דרייען זיך אַרום באַוואָפנטע פּאַרטיזאַנער; זיי רייטן אויף פערד און קומען אין די דערפער אין שיינעם העלן טאָג, נישט מורא האָבנדיק פאַר קיינעם...

די דאָזיקע ערשטע ידיעה וועגן די פּאַרטיזאַנער האָט געמאַכט אויף אַלעמען אַן אומגעהויערן רושם. פון דאַן אָן האָבן שוין אויך אַנדערע אָנגעהויבן ברענגען פאַרשידענע ידיעות וועגן פּאַרטיזאַנער. מען פלעגט אויסהערן מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם אַלץ, וואָס מ'פלעגט דערציילן.

גאָר אין גיכן אָבער האָבן די פּאַרטיזאַנער טאַקע אויף אַן אמת געלאָזט פון זיך הערן. כמעט יעדן טאָג פלעגט מען זיך דערוויסן, וואָס די פּאַרטיזאַנער האָבן אויפגעטאָן. דאָ האָבן זיי אויפגעריסן אַ בריק, דאָרטן האָבן זיי אויפגעריסן אַ צוג מיט אַמוניציע, וואָס איז געגאַנגען צום פראָנט, אָדער ערגעץ אַנדערשוווּ, האָבן צעריסן די טעלעפאָן־דראָטן אויף אַ גרויסן שטח, אָדער אָנגעפאַלן אויפן וועג אויף דורכפאָרנ־דיקע דייטשן און זיי דערהרגעט, צונעמענדיק נאָכדעם זייער געווער. מען האָט געשלונגען מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם אָט די אַלע נייעסן.

אַ צווייטן אָוונט איז אַריינגעקומען איינער און געבראַכט די נייעס, אַז פּאַרטיזאַנער האָבן זיך אַריינגעריסן אין אַ שטעטל און באַפאַלן די דאָרטיקע דייטשן מיט דער פּאָליציי, זיי דערהרגעט, צוגענומען דאָס געווער, ווי אויך אַרויסגענומען יידן פון דאָרטיקן געטאָ און זיי מיטגענומען אין וואַלד אַריין... מען האָט געשלונגען ממש יעדעס וואָרט, צי מען האָט יאָ אָדער נישט געגלויבט, אָבער מען האָט זיך געקוויקט מיט אָט דער נייעס, וואָס די מערדער ווערט כאָטש אַ ביסל באַצאָלט פאַרן פאַרגאָסענעם יידישן בלוט.

אַז די דייטשן האָבן אויף אַן אמת אָנגעהויבן דערפילן אויף זייער הויט די טעטיקייט פון די פּאַרטיזאַנמער, האָט מען שוין אין געטאָ באַלד זיך דערוווּסט פון דעם, וואָס די צוויי טעכטער הענעך דעם געלנס פלעגן דערציילן, וועלכע האָבן געאַרבעט ביי דער ס.ס.־זשאַנדאַרמעריע ביים וואַשן וועש.

זיי פלעגט דאָרט אָפט אויסקומען צו וואַשן די פאַרבלו־טיקטע בגדים און וועש פון די ס.ס.־זשאַנדאַרן, וואָס זענען געבראַכט געוואָרן פאַרוווּנדעטע נאָך אַ קאַמף מיט די פּאַר־טיזאַנער. עס פלעגט נישט אַוועקגיין קיין טאָג, אַז די זשאַנדאַרן זאָלן נישט אַרויסגעשיקט ווערן אויף פאַרשי־דענע ערטער, ווו פּאַרטיזאַנער האָבן דורכגעפירט אַ סאַבאָ־טאַזש־אַקט. זיי פלעגן ציטערן ווי האָזן, אָט די„ העלדן", ווען זיי האָבן געדאַרפט פאָרן אויף אַ פאַרמעסט מיט די פּאַרטיזאַנער.

אין אַ געוויסער נאַכט האָבן פּאַרטיזאַנער אויפגעריסן די עלעקטרישע סטאַנציע אין לידע אין מיטן שטאָט. עס האָט זיך נאָכדעם אַרויסגעוויזן, אַז דער אינזשיניער פון דער סטאַנציע, אַ רוס, צוזאַמען מיט נאָך אַנדערע אַרבעטער פון דאָרט זענען, נאָכן דורכפירן דאָס שטיקל אַרבעט, אַלע אַוועק אין וואַלד, ווו ס'האָבן אויף זיי שוין געוואַרט די פּאַרטיזאַנער אויף דעם אָפּגערעדטן אָרט. די דאָזיקע געוואַגטקייט האָט גע־מאַכט אַן אומגעהויערן רושם אין געטאָ, וואָס די פּאַרטיזאַנער האָבן קיין מורא נישט צו קומען קיין לידע, ווו עס איז געווען אַ גאַרניזאָן פון דייטשע זעלנער. די געטאָ האָט פון דער פינצ־טערניש נישט געליטן, ווייל פאַר יידן אין געטאָ האָבן די נאַציס קיין עלעקטרישע באַלייכטונג נישט געגעבן. די היי־זער האָט מען באַלויכטן מיט קליינינקע נאַפט־לעמפּלעך.

דער רעזולטאַט פון אָט די אַלע אמתע און אויספאַנטאַ־זירטע נייעסן איז געווען, אַז ביסלעכווייז האָט אָנגעהויבן אַריינדרינגען טיפער אין די מוחות דער געדאַנק צו פאַרלאָזן דאָס געטאָ און אַוועקצוגיין אין וואַלד און זיך אָנשליסן מיט די פּאַרטיזאַנער.

פון דאַן אָן איז אין דעם שטיבל פון הענעך דעם געלן אָנגעגאַנגען גאַנצע אָוונטן אַ הייסע פּאָלעמיק וועגן אָט דער פראַגע.

עס האָבן זיך געשאַפן צוויי צדדים — אָנהענגער און קעגנער. די אָנהענגער האָבן זיך באַמיט צו דערווייזן מיט לאָגישע אַרגומענטן, אַז מיר האָבן איצט נאָר איין ברירה און דאָס איז — אַוועקגיין אין די וועלדער. די קעגנער דאַקעגן האָבן זיך באַמיט צו דערווייזן, אַז דאָס געטאָ איז איצט זי־כערער ווי ווען עס איז פריער און דעריבער דאַרף מען בלייבן אין געטאָ ביז גאָט וועט העלפן און די נאַציס וועלן איינעמען א מיתה משונה...

אָט דאָ דאַרף באַטאָנט ווערן, אַז סיי פון אָנהייב און סיי אַפילו דערנאָך, ווען עס האָט זיך אַ ריר געטאָן און מענטשן האָבן אָנגעהויבן צו פאַרלאָזן די געטאָ, איז אין געטאָ נישט געווען אַזאַ מין ענלעכע אָרגאַניזאַציע, ווי עס איז געווען אין ווילנער געטאָ, די פּ.פּ.אָ. (פאַראייניקטע פּאַרטיזאַנער־אָרגאַניזאַציע), וואָס האָט זיך צוגעגרייט מיט געווער צו אַן אויפשטאַנד און זענען דערנאָך אַוועק אין וואַלד. דאָ איז געווען גאַנץ אַנדערש. יעדער איינער, וואָס האָט באַשלאָסן אַוועקצוגיין אין וואַלד האָט זיך אַליין קודם געדאַרפט באַזאָרגן מיט געווער און אַליין קריגן די פאַרבינדונג. וואָס איז פון אָנהייב געווען גאָר נישט פון די לייכטע אויפגאַבעס. ערשט שפּעטער, ווען מענטשן האָבן אָנגעהויבן קומען פון וואַלד אין געטאָ אַרויסצונעמען די איבעריקע מיטגלידער פון זייערע פאַמיליעס, האָבן זיי שוין גלייכצייטיק מיטגענומען נאָך מענטשן, און אַ ביסל שפּעטער זענען שוין געווען גרופּן־פירער, וואָס האָבן אַרויסגעפירט מענטשן פון געטאָ אין וואַלד. אויך דער יידישער קאָמאַנדיר, טוביה בעלסקי, האָט געשיקט שליחים אין געטאָ אַרויסצונעמען יידן.

ס׳האָט זיך דערנענטערט דער ווינטער און איצט פלעגט שוין נישט אַוועקגיין אַ טאָג, מען זאָל נישט הערן פון נייע אויפטוען פון די פּאַרטיזאַנער. מען האָט שוין נישט דערציילט קיין אויסגעטראַכטע געשיכטעס, נאָר מען האָט שוין איבערגעגעבן פאַקטן פון אויפגעריסענע בריקן און אַראָפּגעלאָזטע צוגן, און סך־הכל גאַרנישט ווייט פון לידע, ווו עס האָט זיך געפונען אַ גאַנצער גאַרניזאָן מיט דייטשן. און מיט יעדער נייער ידיעה איז מען מיטגעריסן געוואָרן וואָס גיכער זיך אָנצושליסן אָן די פּאַרטיזאַנער.

אין אַ געוויסן פרימאָרגן, ווען מען איז אויפגעשטאַנען צו גיין צו דער אַרבעט, האָט מען זיך דערוווּסט, אַז דורך נאַכט איז דער דאָקטאָר מיאַסניק מיט זיין פאַמיליע נעלם געוואָרן פון געטאָ. אָט דער דאָקטאָר, אַ כירורג, וועלכער איז געווען גאָר פּאָפּולער נישט נאָר אין לידע, נאָר אין דער גאַנצער געגנט אַרום, ווייל ער איז געווען זייער אַ גרויסער ספּעציאַליסט. אַפילו די דייטשן האָבן אים געהאַלטן פאַר דעם בעסטן דאָקטאָר אין לידער מיליטערישן שפּיטאָל, ווו ער האָט געאַרבעט און עס האָט אויסגעזען, אַז ער איז דאָך אַוודאי „זיכער" מיט זיין לעבן. מיאַסניקס פאַרשווינדן פון געטאָ האָט דאַן, געדענק איך, געמאַכט אַ נישט געוויינלעכן רושם אין געטאָ. די דאָזיקע נייעס איז געווען פון די הויפּט־שמועסן אין די הייזער.

עס האָט זיך באַלד אָנגעהויבן אַן אינטענסיווע באַוועגונג איינצושאַפן זיך געווער. אין געטאָ האָבן זיך באַלד געפונען יידן, וועלכע זענען געוואָרן פאַרמיטלער, פאַרדינענדיק דערביי, פאַרשטייט זיך אַ שיינע מטבע. אויך פאַר די פּאָליאַקן האָט זיך געעפנט אַ קוואַל צו פאַרדינען גרויסע געלטער. זיי פלעגן שוין האָבן די קוועלן פון וואַנען זיי האָבן געקריגן דאָס געווער און די פאַרמיטלער פון געטאָ האָבן באַזאָרגט יעדן איינעם, וואָס איז געווען בכוח צו באַצאָלן די לעגענדאַרע סומע. אַזוי, למשל, האָט אַ ביקס, וואָס האָט אויף דער געטאָ־שפּראַך געהייסן „לאַנגער", געקאָסט אַרום 35 טויזנט רובל, אַ רעוואָלווער („קורצער"), האָט געקאָסט אַרום 20 טויזנט רובל. ווי געזאָגט, לעגענדאַרע פּרייזן, וואָס זייער אַ קליינע צאָל מענטשן האָבן עס געקענט נאָכקומען.

עס זענען אָבער אויך געווען אַנדערע וועגן ווי אַזוי מענטשן האָבן זיך אַן עצה געגעבן צו באַזאָרגן זיך מיט אַ ביקס אָדער אַ רעוואָלווער. איך ווייס פון אַ פּאָר מעכאַניקער, וואָס האָבן אין געהיים צונויפגעשטעלט אַ ביקס פון טיילן, וואָס זיי האָבן פון ערגעץ צונויפגעזאַמלט און האָבן עס פאַרענדיקט אין די וואַרשטאַטן לעבן געטאָ. אַפילו אין דער ס.ס.־זשאַנדאַרמעריע גופא, האָט איינער אַ לידער מעכאַניק, אָזשעכאָווסקי, וואָס האָט געאַרבעט ביים פאַרריכטן דאָס געווער אין די דאָרטיקע וואַרשטאַטן, פאַר זיך אַליין דאָרט צונויפגעשטעלט אַ ביקס פון טיילן, וואָס האָבן זיך דאָרט אַרומגעוואַלגערט, און מיט דער דאָזיקער ביקס איז ער דערנאָך אַוועק אין וואַלד צוזאַמען מיט זיין מוטער און ברודער.

אַ גאַנץ באַזונדער פּראָבלעם איז געווען דאָס אַריינטראָגן דאָס געווער אין געטאָ, און נאָך אַ שווערער פּראָבלעם איז געווען צו געפינען אַן אָרט ווו עס צו באַהאַלטן.

אַחוץ אַלעם איז געווען נאָך אַ פּראָבלעם. ס׳זענען געווען אַזעלכע מענטשן, וואָס האָבן זיך נישט געקענט קיין עצה געבן מיטן איינשאַפן זיך געווער און האָבן פּשוט געחלשט אַוועקצוגיין אין וואַלד, האָבן זיי געלויערט צו דערטאַפּן אַ באַהאַלטענעם „לאַנגן" אָדער „קורצן". און ווען זיי האָבן אַזאַ דערטאַפּט ,האָבן זיי אים גאַנץ פּשוט צוגעלקחנט און זענען דערמיט נעלם געוואָרן. ווען דער בעל־דבר האָט זיך געכאַפּט, אַז מען האָט אים „צורעכט געמאַכט", האָט ער נאָך געמוזט זיך מאַכן נישט ווויסנדיק... אַזאַ פאַל האָט געטראָפן טאַקע אויפן זעלבן הויף פון הענעך דעם געלנס שטיבל. אין קעלער אויפן הויף איז געווען באַהאַלטן אַ „לאַנגער", האָט עס עמעצער דערטאַפּט און איז באַלד נעלם געוואָרן פון געטאָ.

אָבער נישט געקוקט אויף דעם אַלעם, איז שטילערהייט אָנגעגאַנגען אין געטאָ אַ היפּשע באַוועגונג זיך איינצושאַפן געווער.

ביסלעכווייז האָבן מענטשן אָנגעהויבן פאַרשווינדן פון געטאָ. דער ווינטער האָט זיך אָנגעהויבן זייער פרי מיט גאָר גרויסע פרעסט. און דאָס איז טאַקע איינע פון די וויכטיקע סיבות, וואָס מענטשן האָבן אָפּגעלייגט דאָס אַוועקגיין אין וואַלד אויף שפּעטער, אַפילו אַזעלכע, וואָס האָבן שוין געהאַט אָנגעגרייט פאַר זיך געווער. קיינער האָט נאָך דאַן נישט געהאַט קיין אַנונג דערפון, ווי אַזוי מען קען ווינטער־צייט לעבן אין וואַלד. פון די יחידים, וואָס זענען שוין געווען אַוועק אין וואַלד, זענען נאָך קיין גרוסן אויך נישט געווען. אין געטאָ גופא איז אויך אין יענער צייט געווען כלומרשט רואיק. די אָפּטימיסטן האָבן נאָך מער צוגעהאָלפן איינצורעדן זיך אַליין און איינצורעדן אַנדערע, אַז די געטאָ איז „געזיכערט" מער ווי ווען עס איז פריער, ווייל די דייטשן נייטיקן זיך אין יידישע אַרבעטער, און די יידישע פאַכלייט ברענגען זיי פיל נוצן.

אָט דער זעלבער הענעך דער געלער, ביי וועמען איך האָב געוווינט, האָט געהערט צו דער זעלבער קאַטעגאָריע אָפּטימיסטן. ער האָט געאַרבעט אַלס טאָקער אין די וואַרשטאַטן לעבן געטאָ און געהאַט אַזוי אַרום אַ „גוטן" שיין. פלעגט ער טענהן אומגעפער אויף אַזאַ אופן, ווען

ער איז אַריינגעקומען פון דער אַרבעט אין שטוב אַריין, ברענגענדיק אַ נייעם באַווייז פאַר זיין אָפּטימיזם:

— היינט — פלעגט ער זאָגן מיט שמחה — זענען ווי־דער אָנגעקומען וואַגאָנען מיט אַרבעט פאַר די שוסטער, שניידער, און אַנדערע צעכן, וואָס הלוואי מאַכט מען עס פאַרטיק אין אַ יאָר אַרום. נו, איז עס נישט קיין באַווייז, אַז די געטאָ איז זיכער...

אַן אַנדער מאָל פלעגט ער אַריינפאַלן מיט אַ שמחה, דער־ציילנדיק מיט פּאַטאָס, אַז דער געביטס־קאָמיסאַר אַליין האָט געמאַכט אַ באַזוך אין די וואַרשטאַטן און געזאָגט, אַז „מ׳זאָל גאָרנישט מורא האָבן, מען זאָל נאָר אַרבעטן פלייסיק וועט אַלץ זיין גוט, אַז מער וועט זיך שוין נישט איבערחזרן אין לידער געטאָ דאָס, וואָס איז געשען פריער“...

וויפל מאָל איך האָב אים נישט געפּרוווט איבעררעדן, אַז ער זאָל נישט זיין איינגעוויגט מיט אַזאַ אָפּטימיזם און נישט גלייבן דאָס, וואָס אַ היטלעריסט, וועמענס הענט עס זענען איינגעטונקען אין יידיש בלוט, זאָגט צו. אָבער ער האָט זיך נישט געלאָזט איבערצייגן. אָט צוליב דעם אָפּטימיזם איז ער מיט זיין משפחה אַוועק קיין מיידאַנעק בעת דער ליקווי־דאַציע פון געטאָ. אין דער צייט, וואָס ער האָט געהאַט אַזעלכע גוטע מעגלעכקייטן אַוועקצוגיין מיט זיין משפחה אין וואַלד. עס האָט אים נישט געפעלט קיין געלט אויף איינצו־שאַפן זיך געווער, און וועגן פאַרבינדונג איז אָפּגערעדט. אין זיין שטיבל זענען אַריינגעקומען די אַלע, וואָס האָבן שפּעטער אַרויסגעפירט מענטשן פון געטאָ אין וואַלד.

אין דערמאָן אָט דעם פאַל פון הענעך דעם געלן מיט ווייטיק אין האַרצן, ווייל ער איז נישט דער איינציקער, וואָס האָט געהאַט די מעגלעכקייט אַרויסצוגיין אין וואַלד. פיל הונדערטער אַזעלכע הענעכס זענען געווען, וואָס אַ דאַנק זייער אומבאַגרינדעטן אָפּטימיזם האָבן זיי דורכגעלאָזן אָט די גע־לעגנהייט, וואָס האָט אָנגעהאַלטן נישט לאַנג.

## ערשטער לעבעדיקער גרוס פון וואַלד

צו הענעך דעם געלן זענען צווישן אַנדערע אַריינגעקו־מען צוויי ברידער — איגנאַץ (יצחק) און אַבראַם פעלדאַן. זיי זענען געווען פליטים פון לאָדזש (פוילן). באַלד ווי היטלער האָט אָנגעהויבן דעם קריג מיט פוילן זענען זיי אַנטלאָפן קיין לידע, ווו זיי האָבן שוין געוווינט ביז די דייטשן האָבן פאַר־נומען לידע. זיי זענען גליקלעכערווייז ניצול געוואָרן פון דער שחיטה דעם 8־טן מאַי. זיי האָבן געאַרבעט אין אַ וויכ־טיקער דייטשער איינהייט און האָבן אַזוי אַרום געהאַט אַ „גוטן“ שיין.

אָבער נישט געקוקט אויף דעם, איז איגנאַץ, דער עלטע־רער, געווען פון די ערשטע, וואָס איז אַוועק אין וואַלד. מיר דוכט זיך, אַז נאָך פאַר ד״ר מיאַסניקן. דער יינגערער, אַב־ראַם, איז געבליבן אין געטאָ. זיי האָבן צווישן זיך אָפּגע־רעדט, אַז נאָכדעם ווי ער, יצחק, וועט זיך האָבן פאַראייניקט מיט די פּאַרטיזאַנער און וועט שוין אַזוי אַרום וויסן ווי עס זעט אויס דאָס לעבן אין וואַלד, וועט ער צוריקקומען אין געטאָ און וועט דאַן אַרויסנעמען אים, אַבראַמען, מיט יצחקס געליבט מיידל, מאַשקע שעוואַכאָוויטש.

נאָך יצחקס אַוועקגיין זענען אַוועק אַ פּאָר חדשים פון אומגעדולדיקן וואַרטן פון אַבראַמען און מאַשקען. הענעכס גאַנצע פאַמיליע און איך האָבן פון דעם אַלעם געוווּסט, אָבער מער קיינער.

דאָס איז געווען אָנהייב פעברואַר 1943. יענע נאַכט איז געווען אַ ברענענדיקער פראָסט. אין מיטן דער נאַכט האָבן מיר דערהערט אַ לייכטן קלאַפּן אין פענצטער. אַלע האָבן מיר זיך אויפגעריסן פון שלאָף און זענען תיכף צוגעלאָפן צו די פענצטער. מיר האָבן געטראַכט בעת מעשה, אַז מסתמא איז שוין ווידער עפּעס אַ צרה. די פענצטער זענען געווען באַצויגן מיט אייז און מען האָט גאָרנישט געקענט זען. אָבער מיר האָבן באַלד דערהערט אויסרופן אין יידיש: „עפנט די טיר, שנעלער!“

איך בין געגאַנגען עפענען די טיר. איך דערזע — איג־נאַץ איז דאָ! כ׳האָב אים אַריינגעלאָזן און תיכף פאַרריגלט די טיר.

ווען ער איז אַריינגעקומען אין שטיבל און מיר האָבן אַ קוק געטאָן אויף זיין אָנטועכץ מיטן רעוואָלווער, וואָס האָט זיך אַרויסגעזען ביי זיין זייט, האָבן מיר זיך אַלע דערשראָקן. איגנאַץ האָט דערפילט צוליב וואָס די שרעק איז, האָט ער גלייך געזאָגט, אַז מ׳האָט זיך נישט וואָס צו שרעקן, ווייל ער איז אַריינגעקומען דורך די הינטערשטע דראָט־פאַרצוי־מונגען און קיינער האָט אים נישט געזען און קיינער דאַרף אויך אויף ווייטער נישט וויסן, אַז ער איז דאָ. די דאָזיקע ווערטער האָבן אַלעמען באַרואיקט. קיינער האָט זיך שוין מער נישט געלייגט שלאָפן. אַזוי ווי מ׳איז געשטאַנען אין די אונטערוועש, האָט מען זיך באַלד אויסגעזעצט אין די בעטן און איגנאַץ האָט אָנגעהויבן דערציילן פון דעם פּאַרטיזאַנער־לעבן אין וואַלד. מיר זענען געווען אַזוי פאַרכאַפּט פון זיין דערציילן, אַז מיר האָבן זיך נישט אַרומגעזען ווי עס האָט גענומען שאַריען אויף טאָג און אַלע האָבן זיך אָנגע־הויבן איילן צו גיין צו דער אַרבעט. איגנאַץ איז אַרויפגע־קראָכן אויפן בוידעם, מיטגענומען מיט זיך אַ וואַרעמע קאָלדרע און זיך געלייגט שלאָפן. גייענדיק צו דער אַרבעט, האָבן הענעכס טעכטער שוין געגעבן צו וויסן אַבראַמען און די שעוואַכאָוויטשעס וועגן איגנאַצס קומען.

צומאָרגנס ביינאַכט זענען שוין אַלע דריי געווען גרייט אַוועקצוגיין. מאַשקע מיט אַבראַמען האָבן, נאַטירלעך, שוין אויך געהאַט „קורצע“ (רעוואָלווערן). מיר האָבן זיך מיט זיי געזעגנט און פונקט ווי קיינער האָט נישט געזען און נישט געהערט פון זיין קומען, אַזוי האָט מען נישט געזען ווי זיי אַלע דריי זענען פאַרשוווּנדן אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט.

צומאָרגנס, נאָך זייער אַוועקגיין, האָט שוין כמעט די גאַנצע געטאָ געוווּסט פון אַלץ. און ס׳איז געוואָרן אַ סוד פאַר גאַנץ בראָד...

איגנאַץ האָט זיך געהאַט פאַראייניקט מיט רוסישע פּאַר־טיזאַנער פון אָטריאַד „איסקראַ“ און דאָרט טאַקע האָט ער אַוועקגעפירט אַבראַמען מיט מאַשקען. ער האָט קיין אַנונג נישט געהאַט, אַז דאָרט ערשט וועט ער פאַרלירן זיין מאַשקען, וועמען ער האָט אַזוי שטאַרק ליב געהאַט. מאַשקע איז איין מאָל, צוזאַמען מיט אַ גרופּע פּאַרטיזאַנער, געשיקט געוואָרן אויף אַן אויפגאַבע און איז שוין מער נישט צוריקגעקומען.

באַלד ווי אין לידער געטאָ איז באַוווּסט געוואָרן, אַז עס איז דאָ אַ יידישער פּאַרטיזאַנער־אָטריאַד מיט אַ יידישן קאָ־

מאַנדיר, האָט די גרעסטע טייל פון די, וואָס זענען אַוועק אין וואַלד, אָנגעהויבן זיך ציען צו די ברידער בעלסקי. עס האָט לאַנג נישט גענומען און מענטשן זענען געקומען פון בעלסקיס אָטריאַד כדי אַרויסצונעמען די איבעריקע משפחה־מיטגלידער און גלייכצייטיק שוין מיטגענומען באַקאַנטע אָדער שכנים. אַזוי אַרום האָבן שוין פון דאַן אָן, סיי קלענערע און סיי גרעסערע גרופּן אָנגעהויבן פאַרלאָזן דעם געטאָ. נאַטירלעך, איז אַלץ צוגעגאַנגען כלומרשט אין געהיים, אָבער דאָס געטאָ האָט שוין דערפון געוווּסט.

זינט איגנאַץ האָט זיך באַוויזן אין אונדזער שטיבל און נאָך דעם ווי אַלע דריי זענען אַוועק, האָט אַן אומרו מיך אַרומגענומען פונעם געדאַנק אַוועקצוגייך אין וואַלד. איך האָב מיר שוין קיין אָרט נישט געקענט געפינען סיי ביי דער אַרבעט איך קיך און סיי אין שטיבל ביי הענעך דעם געלן. איך פלעג זיך כסדר אַרומטראָגן מיט אָט דעם געדאַנק און נישט געזען פאַר זיך קיין אויסוועג ווי אַזוי איך זאָל עס קענען פאַרווירקלעכן. קיין געלט אויף איינצושאַפן זיך געווער האָב איך נישט געהאַט און אָן געווער האָבן די פּאַרטיזאַנער דאַן נאָך נישט צוגענומען. בלויז די ברידער בעלסקי האָבן צוגענומען יעדן איינעם אָן געווער, אָבער דאָס איז געווען אַ ביסל שפּעטער.

איך האָב געהאַט אַ פאַרגעפיל, אַז דאָס פאַרשווינדן פון מענטשן פון געטאָ, וועט לאַנג נישט קענען בלייבן קיין סוד פאַר דער דייטשער מאַכט, ווייל די אַלע פאַרשווּנדענע האָבן דאָך געאַרבעט אין דייטשע איינהייטן און די דייטשן פון יענע איינהייטן וועלן דאָך זיכער מעלדן ווו מ׳דאַרף, אַז זייערע יידישע אַרבעטער זענען נישט געקומען צו דער אַרבעט. דאָס איז פאַר אַלעמען אין געטאָ געווען קלאָר און מען האָט זיך טאַקע זייער געשראָקן פאַר די קאָנסעקווענצן.

איך דערמאָן מיך אויך ווי עס זענען פאָרגעקומען שטאַרקע קריגערייען צווישן די אָפּטימיסטן מיט די, וואָס האָבן זיך געקליבן אַוועקצוגיין אין וואַלד. די אָפּטימיסטן האָבן געשריען, פאָכענדיק מיט די הענט:

— געדענקט — האָבן זיי געטענהט — איר וועט ברענגען אַן אומגליק אויפן געטאָ מיט אייער אַוועקגיין אין וואַלד. מיר בלייבן דאָ איבער. און טאַקע, וואָס קען עס אייך אַרן, וואָס מיט אונדז וועט געשען?

דער צווייטער צד האָט געהאַט פאַר זיי איין ענטפער:

— ווער לאָזט אייך נישט גיין אין וואַלד. טוט נאָך אונדזער ביישפּיל. מיר ווילן נישט, אַז די מערדער זאָלן אונדז אַ צווייט מאָל טרייבן ווי די בהמות צו דער שחיטה.

דאָס זענען די אויטענטישע אויסטויש־ווערטער, וואָס מיר איז אויסגעקומען צו הערן און וואָס זענען איבערגעחזרט געוואָרן יעדן אָוונט אין הענעך דעם געלנס שטיבל פון די אַריינקומענדיקע. איך מוז דאָ אָבער צוגעבן דעם פאַקט, אַז זייער פיל פון די קעגנער האָבן אין האַרצן ביי זיך געוווּסט, אַז די זענען נישט גערעכט מיט זייער טענה. זיי האָבן אַזוי געטענהט פשוט דערפאַר, ווייל זיי האָב זיך נישט געקענט רירן פון געטאָ. טייל צוליב דעם, וואָס מ׳האָט זיך נישט געוואָלט שיידן מיט משפחה און אַלע צוזאַמען האָבן נישט געקענט גיין, אָדער צוליב אַנדערע סיבות.

עס האָט טאַקע לאַנג נישט געדויערט, ווי דאָס, פאַרוואָס מען האָט זיך געשראָקן איז טאַקע געקומען.

אין אַ געוויסן טאָג האָט דער געביטס־קאָמיסאַר, האַנוועג, געשיקט רופן פאָרשטייער פון יודענראַט און האָט זיי געשטעלט די פראַגע, פאַרוואָס עס פאַרשווינדן יידן פון געטאָ און ווו זיי גייען אַוועק?

דער יודענראַט האָט פונקט דאַן געהאַט אויף דער האַנט אַ פּאַסיקן תירוץ. זיי האָבן דערקלערט, אַז „אַלע פאַרשווּנדענע זענען, ווייזט אויס, ווילנער, און אַזוי ווי זיי מיינען, אַז אין ווילנער געטאָ וועט זיין בעסער, זענען זיי מסתמא אַוועק אַהין".

צי דער געביטס־קאָמיסאַר האָט אָנגענומען דעם דאָזיקן תירוץ, איז שווער צו זאָגן. מער וואָרשיינלעך איז, אַז ער מיט זיין נאַצישער קליקע האָבן זיך שוין געהאַט אָנגעשטויסן, ווו די יידן פאַרשווינדן און אין רעזולטאַט דערפון זענען געקומען די קאָנסעקווענצן פאַרן לידער געטאָ.

אין אַ פאָר טעג אַרום איז צום יודענראַט געקומען אַ באַפעל פון דער ס.ס.־זשאַנדאַרמעריע, אַז דער יודענראַט זאָל אין משך פון 24 שעה מעלדן די נעמען פון די פאַרשווּנדענע פון געטאָ.

מען קען זיך פאָרשטעלן, וואָס פאַר אַ מהומה דער באַפעל האָט אַרויסגערופן און וואָס פאַר אַ פחד עס איז אַלעמען באַפאַלן. דער באַפעל האָט תיכף געווירקט אַזוי, אַז נאָך מער מענטשן האָבן אָנגעהויבן אַוועקגיין אין וואַלד און דער יודענראַט האָט נאַטירלעך געמוזט מעלדן וועגן די פאַרשווּנדענע. ער האָט עס אַפילו נישט געקענט אויסבאַהאַלטן מער ווי 24 שעה, ווייל אויך די איינהייטן איז אָנגעזאָגט געוואָרן, אַז זיי מוזן באַלד מעלדן, אויב זייערע יידן זענען נישט געקומען צו דער אַרבעט.

אַז דער געביטס־קאָמיסאַר האָט דערזען, אַז די פאַרשווינדונגען ווערן נישט קלענער האָט ער אָנגענומען ווייטערדיקע מיטלען, ווי אַזוי אָפּצושטעלן דאָס אַנטלויפן פון געטאָ. ער האָט דאַן אַרויסגעגעבן אַ באַפעל דעם יודענראַט, אַז מען זאָל די געטאָ אַרומצוימען מיט אַ דרייפאַכיקן הויכן פּאַרקאַן פון שטעכלדראָט. אין באַפעל איז אויך געזאָגט געוואָרן, אַז די אַרבעט מוז געמאַכט ווערן ווי אַמשנעלסטן. באַלד איז צוגעשטעלט געוואָרן אין געטאָ די שטעכלדראָט מיט די הילצערנע סלופּעס און דער יודענראַט האָט באַשטימט אַ ספּעציעלע בריגאַדע צו אַרבעטן ביי די פאַרצוימונגען. אין די זונטיקן זענען אַוועקגעשטעלט געוואָרן נאָך מער מענטשן, וועלכע זענען געווען פריי פון זייער טאָג־טעגלעכער אַרבעט. די, וואָס האָבן געאַרבעט ביי אָט די פאַרצוימונגען האָבן געפילט, ווי זיי וואָלטן פאַר זיך אַליין געגראָבן אַ גרוב. די ערד איז געווען פאַרפרוירן און יעדע גרוב, וואָס מען האָט געדאַרפט אויסגראָבן אויף אַריינצושטעלן אַ סלופּ איז אָנגעקומען זייער שווער. אָבער נישט געקוקט אויף דעם אַלעם, זענען מיט יעדן טאָג די צאָל אַוועקגעשטעלטע סלופּעס געוואָרן מער און מער און דער דרייפאַכיקער פּאַרקאַן האָט אַרומגענומען אַ וואָס גרעסערן שטח אַרום געטאָ.

דאָס איז אָבער געווען נאָך נישט אַלץ צו וואָס דער געביטס־קאָמיסאַר האָט זיך דערטראַכט.

ביז דעמאָלט איז סיי אין געטאָ און סיי ביים טויער קיין ווייסרוסישע פּאָליציי נישט געשטאַנען. ביים טויער איז בלויז געשטאַנען אַ געטאָ־פּאָליציאַנט; די ווייסרוסישע פּאָליציי האָט זיך באַוויזן נאָר דאַן, ווען די אַרבעטער האָבן זיך צוריקגעקערט פון דער אַרבעט, כדי צו קענען כאַפּן עמעצן, וואָס האָט אַריינגעטראָגן אין געטאָ עסנוואַרג. באַלד אָבער ווי

דער נייער דרייפאַכיקער פּאַרקאַן איז געוואָרן פאַרענדיקט, האָט דער געביטס־קאָמיסאַר אַריינגעשיקט אין געטאָ אַ וואַך, וואָס איז באַשטאַנען פון די מיטגלידער פון דער יוגנטלעכער פאַשיסטישער ווייסרוסישער אָרגאַניזאַציע, וואָס דער געביטס־קאָמיסאַר האָט געשאַפן, אין וועלכער עס האָבן זיך אָנגעשלאָסן די סאַמע פאַרדאָרבנסטע יונגע שקצים פון דער פּוילישער און ווייסרוסישער באַפעלקערונג. זיי האָבן געטראָגן מונדירן פון ווייסן פּויערישן לייוונט מיט היטלען אין דער פאָרם פון אַ גענדזענעם שנאָבל. דערפאַר האָט מען זיי אין געטאָ גערופן „ווייסע גענדז".

אָט די דאָזיקע כוליגאַנעס און דם־שונאים פון יידן, זענען עס באַלד געוואָרן די באַלעבאַטים פון געטאָ. טאָג און נאַכט האָבן זיי געהאַלטן וואַך נישט נאָרביים טויער, נאָר זיי זענען שטענדיק אַרומגעגאַנגען איבערן געטאָ באַוואָפנט מיט רעוואָלווערן און ביקסן. דערמיט איז צוגעקומען נאָך אַ נייע צרה צו די צרות און שרעק, וואָס מען איז אויסגעשטאַנען טאָג־טעגלעך. זיי האָבן אָנגעטאָן געברענטע צרות אין געטאָ און מ'האָט זיך פאַר זיי געמוזט היטן אויף יעדן טריט און שריט.

אין אָנהייב איז מען געווען זייער אומרואיק צוליב פיל סיבות.

ערשטנס, האָט מען פאַרשטאַנען, אַז מען וועט שוין נישט קענען אַריינטראָגן אין געטאָ קיין עסנוואַרג און נישט אַרויס־טראָגן פון געטאָ קיין בגד צו פאַרקויפן. וועגן געווער איז דאָך שוין אָפגערעדט. מען האָט זיך געשראָקן אויך דערפאַר, אַז אויף להבא וועט מען שוין נישט קענען ביינאַכט אַרויסגיין דורך די דראָטן אין וואַלד אַריין. דריי צוימען איז פאָרט נישט איינער.

פון דאַן אָן האָט מען שוין אין געטאָ נישט געהאַט קיין רואיקע מינוט. די „ווייסע" כוליגאַנעס האָבן מיט אַלע מיטלען זיך געפלייסט אָנצוּוואַרפן אַ שרעק אויף די יידן. אָן שום סיבה האָבן זיי גאַנצע נעכט געהאַלטן אין איין שיסן, כדי אָנ־צוּוואַרפן אַ שרעק אויף די שלאָפנדיקע. ס'איז נישט מעגלעך אַלץ אויסצורעכענען, וואָס פאַר אַ שיקאַנעס זיי האָבן אָנגעטאָן די געטאָ־איינוווינער. עס זענען געווען נישט ווייניק פאַלן, ווען עמעצער איז אַרויס פון זיין שטוב אויף באַדערפעניש, און כאָטש עס איז געווען נאָך פאַר צען אַ זייגער, ס'הייסט, ביז וואַנען עס איז געווען דערלויבט זיך צו באַוועגן איבערן געטאָ, איז יענער דערשאָסן געוואָרן אויפן שוועל פון שטוב. דאָס האָט ביי זיי געהייסן, אַז ער איז אַרויס „נאָך דער דער־לויבטער צייט". דערפאַר האָט מען מורא געהאַט אַרויסצו־שטעלן אַ פוס פון שטוב ווי נאָר ס'איז טונקל געוואָרן.

אָבער ווי גייט דאָס ווערטל — מיט אַ צרה דאַרף מען בלויז איבערשלאָפן איין נאַכט, דערנאָך ווערט עס אויס צרה...

אַזוי איז אויך געווען. מען האָט זיך באַלד צוגעוווינט אויך צו דער נייער לאַגע. מיט די „ווייסע גענדז" האָט מען זיך באַלד אויך אַן עצה געגעבן און דאָס אַרויסגיין פון געטאָ אין וואַלד אַריין איז נישט נאָר נישט קלענער געוואָרן, נאָר נאָך גרעסער.

דאָ איז כדאי צו דערמאָנען מיט עטלעכע ווערטער וועגן דער פּאָליציי פון לידער געטאָ. די געטאָ־פּאָליציי האָט נישט געהאַט ביי די לידער יידן אַזאַ פאַרהאַסטן נאָמען ווי, למשל, די ווילנער געטאָ־פּאָליציי, אָדער ווי אין אַנדערע געטאָס.

דער לעצטער קאָמענדאַנט פון דער לידער געטאָ־פּאָליציי האָט געהייסן לייזער סטאָליצקי. אַ ברודער זיינער איז געווען אַלערער אין דער ווילנער יידישער רעאַל־גימנאַזיע. לייזער איז געווען אַן אינטעליגענטער און באַשיידענער מענטש און פיל מאָל האָב איך זיך געוווּנדערט אויף אים, ווי אַזוי האָט אַזאַ מענטש געקענט ביי זיך פועלן אָנצונעמען אַן אַמט אין דער געטאָ־פּאָליציי. ער איז אויך געווען פון די אַריינגייער ביי הענעך דעם געלן.

אָט דער לייזער סטאָליצקי האָט באַלד געפונען אַ מיטל ווי אַזוי די מענטשן, וואָס האָבן געוואָלט אַוועקגיין אין וואַלד, זאָלן קענען אַרויסגיין פון געטאָ. געווען איז עס אַזוי:

ווען אַ גרופּע האָט זיך געקליבן ביי נאַכט אַרויסצוגיין פון געטאָ, האָט דער גרופּן־פירער וועגן דעם באַצייטנס גע־מאָלדן לייזער סטאָליצקין, און ער האָט שוין געטאָן וואָס מען דאַרף. ער פלעגט האָבן צוגעגרייט פלאַשן מיט בראָנפן אין ביוראָ פון יודענראַט. ער פלעגט פאַרבעטן די „ווייסע גענדז" אויף אַ שנאַפּס. נו, אָפּזאָגן זיך פון אַ טרינק בראָנפן האָבן די דאָזיקע כוליגאַנעס ביי זיך נישט געקענט פועלן... פאַרשטייט מען דאָך, אַז לייזער סטאָליצקי האָט זיי שוין קיין איבעריק גלעזל נישט געזשאַלעוועט... אין דער זעלבער צייט, ווען זיי זענען געווען אין ביוראָ און געגאָסן אין זיך דעם בראָנפן, האָט שוין אַ געטאָ־פּאָליציאַנט געהאַט איבערגעגעבן דעם סיגנאַל דער וואַרטנדיקער גרופּע און אין אויגנבליק זענען די חברה אַרויס דורך די הינטערשטע דראָט־פאַרצוימונגען, וואָס מ'האָט באַצייטנס "צורעכט געמאַכט" ווי עס באַדאַרף צו זיין, אַז מען זאָל קענען אַרויסקריכן און ס'זאָל נישט בלייבן קיין סימן (לייזער סטאָליצקי האָט געהאַט בדעה אויך שפּעטער צו קומען אין וואַלד, אָבער ער האָט צו לאַנג געוואַרט, און דערווייל האָט זיך אונטערגערוקט די ליקווידאַציע פון געטאָ און ער האָט געטיילט דעם גורל קיין מיידאַנעק צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע).

ביי אַ האַלבן קילאָמעטער פון געטאָ האָט זיך געפונען אַ גוט וואָס האָט געהייסן „פּיאַרווו". דאָס דאָזיקע גוט האָבן די סאָוויעטן געהאַט נאַציאָנאַליזירט נאָך זייער קומען קיין לידע, און ווען די נאַציס זענען געקומען נאָכדעם, האָט דער געביטס־קאָמיסאַר האַנוועג דאָס גוט באַטראַכט פאַר „זיין" אייגנטום. אין געטאָ האָט מען עס גערופן „דעם געביטס־קאָמיסאַרס מאַיאָנטעק"... דאָרט האָבן אויך געאַרבעט יידן פון געטאָ ביי פאַרשידענע אַרבעטן. אָט אויף דער פאַרם האָבן די פּאַרטיזאַנער געוואָרפן אַן אויג און אין אַ געוויסער נאַכט אָפּגעשטאַט אַ „וויזיט"... זיי האָבן אויסגעקליבן די סאַמע בעסטע פערד און וואָגנס און אָנגעפילט אין זיי, וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזט, פון אַלעם גוטן, און האָבן זיך אָפּגע־טראָגן אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט...

ווען די יידן פון געטאָ זענען פאַרטאָג געקומען צו דער אַרבעט, האָבן זיי געטראָפן דעם עקאָנאָם (פאַרוואַלטער), ווי עס האָט אים נאָך געוואָרפן ווי אין קדחת פון דער אַדורכגע־לעבטער שרעק...

פון דאַן אָן האָט דער געביטס־קאָמיסאַר אַהינגעשיקט אַ וואַך פון באַוואָפנטע ווייסרוסישע פּאָליציי־לייט.

דער איבערפאַל פון די פּאַרטיזאַנער איז פונקט אויס־געפאַלן גינסטיק סיי פאַר די אַרויסגייענדיקע גרופּעס אין וואַלד און סיי פאַרן געטאָ. די גרופּעס איז אויסגעקומען דורכצוגיין דורך די פעלדער פון דער דאָזיקער פאַרם, ווו עס האָט שפּעטער געהאַלטן וואַך די פּאָליציי.

## מיין חלום ווערט פלוצים פאַרווירקלעכט

דאָס איז געווען אין מיטן מערץ 1943. דער שווערער ווינטער איז שוין געווען צו ענדע. אין דרויסן האָט שוין געשמעקט מיט פרילינג. אויף יענער זייט געטאָ־דראָטן האָבן זיך אַרויסגעזען די באַגרינטע פעלדער מיט דער ווינטער־תבואה, וואָס איז אָקאָרשט באַפרייט געוואָרן פון דעם טיפן שניי. אויך אויף די געציילטע ביימער אין געטאָ האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַווייזן קנאָספן און מען האָט שוין געפילט דאָס גלעטן פון אַ וואַרעמען ווינטל. מיט איין וואָרט: אַלע האָט אויסגעזען פרילינגדיק. אָבער אויף דער נשמה און אין האַרצן איז געווען האַרבסטיק...

פלוצים איז פאַר מיר געקומען די ישועה.

געווען איז עס אַזוי:

ווי נאָר ס'איז געוואָרן וואַרעמער אין דרויסן, האָבן זיך אָפטער אָנגעהויבן באַווייזן אין געטאָ מענטשן פון וואַלד, וועלכע זענען געקומען אַרויסנעמען זייערע נאָענטע. אַזוי אַרום איז גאָר גיך אָנגעבונדן געוואָרן אַ קאָנטאַקט צווישן וואָלד און געטאָ.

דאָ וויל איך צוגעבן נאָך אַ מאָמענט.

אין לידע, אין צענטער שטאָט, איז געווען אַ גרויסער גאָרטן פון גרינוואַרג. ער האָט געהערט צום געביטס־קאָמיסאַריאַט. אין דעם דאָזיקן גאָרטן האָבן אויך געאַרבעט פיל יידן, מענער און פרויען, פון געטאָ. דער אויפזעער איבער די אַרבעטער איז געווען אַ לידער ייד, מאָנעס האָט ער געהייסן. אָט דער מאָנעס האָט דאָרט געהאַט פאַר זיך אַ שטיבל, און ער האָט געהאַט אַ דערלויבעניש פון געביטס־קאָמיסאַר דאָרט צו וווינען, ווייל ער איז דאָך געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אַלעם וואָס איז דאָרט פאָרגעקומען. אָט דער דאָזיקער גאָרטן איז עס שפעטער געוואָרן דער פלאַץ, ווו עס האָבן זיך אַריינגעכאַפּט די מערסטע פאַרטיזאַנער, וואָס פלעגן קומען פון וואַלד און האָבן נישט געקענט בייטאָג זיך אַריינבאַקומען אין געטאָ צוליב די „ווייסע גענדז", וואָס האָבן געהאַלטן וואַך. דאָרט האָבן מאָנעסעס באַקאַנטע און פריינד אויך געהאַט באַהאַלטן געווער. אָט דער מאָנעס מיט זיין פרוי זענען שפעטער געקומען צו בעלסקין אין אָטריאַד און זענען דאָרט געווען ביז דער באַפרייאונג.

אַ געוויסן טאָג איז געקומען פון וואַלד אַבראַם פעלדאָן אַרויסצונעמען פון געטאָ זיינע אייגענע מענטשן. ווען איך בין פאַרנאַכט געקומען פון מיין אַרבעט אין קיך, האָב איך געטראָפן אַבראַמען אין אונדזער שטיבל, ביי הענעך דעם געלן. איך בין באַלד צו אים צוגעשטאַנען ער זאָל מיך מיטנעמען אין וואַלד. אין אָנהייב האָט ער זיך געקווענקלט, ווייל איך האָב נישט געהאַט קיין געווער, אָבער אַזוי ווי ער האָט מיך גוט געקענט פון פריער, בעת ער איז געווען שטענדיקער אַריינגייער צו הענעך דעם געלן, האָט ער באַלד מסכים געווען און מיך געהייסן זיך צוגרייטן אַרויסצוגיין אויף צומאָרגנס ביינאַכט. איך האָב באַלד גענומען מאַכן אַ רוקזאַק פון אַלייזונטענעם זאַק, וואָס הענעכס ווייב האָט מיר געגעבן. די שטוב איז פול געוואָרן פון אַריינגעקומענע קיביצער, אָבער איך האָב זיך שוין איצט נישט צוגעהערט צו זייערע שמועסן. איך בין געווען פאַרטאָן מיט נייען דעם רוקזאַק און מיינע געדאַנקען זענען שוין געווען אין אַן אַנדער וועלט. ווען איך האָב זיך שפעט ביינאַכט געלייגט שלאָפן, האָב איך נישט געקענט איינשלאָפן און אַ גאַנצע נאַכט האָב איך געטראַכט פונעם מאָרגנדיקן אַרויסגיין פון געטאָ.

פאַרטאָג, פונקט ווי אַלע טאָג, בין איך אַוועק צו דער אַרבעט. אָבער די אַרבעט איז מיר נישט געגאַנגען. צו וואָס איך האָב זיך צוגערירט איז מיר געפאַלן פון די הענט. די ווייבער, וואָס האָבן געשיילט די קאַרטאָפל, האָבן גלייך באַמערקט, אַז מיט מיר איז עפּעס געשען. האָב איך זיי געזאָגט, אַז איך פיל מיך נישט געזונט. אָבער חיימען, דעם ישיבה־בחור, האָט איך פאַרטרויט מיין סוד. ער האָט מיר צוגעגעבן מוט, איך זאָל נאָר האָבן בטחון אין דעם רבונו־של־עולם, און אַלץ וועט שוין זיין גוט. איך האָב געציילט די מינוטן עס זאָל זיך שוין ענדיקן דער טאָג.

אַריינקומענדיק אין אונדזער שטיבל, האָב איך געטראָפן אַבראַמען און ער האָט מיר איבערגעגעבן, אַז ער האָט שוין אַ גרופּע פון עטלעכע און צוואַנציק מאַן און אַז אַרום צוועלף אַ זייגער ביינאַכט, ווען דער סיגנאַל וועט קומען פון לייזער סטאָליצקין, גייען מיר אַרויס, און איך זאָל זיין גרייט.

איך האָב שוין געהאַט אָנגעגרייט אַ ביסל וועש און אַנדערע נייטיקע זאַכן.

אַבראַם פעלדאָן איז דעם אָוונט געזעסן ביי אונדז אין שטיבל. די איבעריקע מיטגייער האָבן געוואַרט אין די דערבייאיקע שטיבלעך. נאָך 12 אַ זייגער איז אַריינגעלאָפן דער שליח פון לייזער סטאָליצקי מיטן סיגנאַל, אַז מיר זאָלן זיך שנעל אָפּטראָגן...

אין געציילטע סעקונדן זענען אַלע געווען ביים עק געטאָ, ביי די דראָט־פאַרצוימונגען. אין יענער נאַכט איז אַרויס נאָך אַ גרופּע. דער פירער פון דער צווייטער גרופּע, וואָס איז באַשטאַנען פון העכער דרייסיק מאַן, איז געווען אַ לידער יונגערמאַן. ער האָט געהייסן לייבקע אָזשעכאָווסקי. אין געטאָ איז ער געווען באַקאַנט מיט זיין צונאָמען „לייבקע דער קאַצאַפּ". אַ „יאַט מיט ביינער". דאָס איז געווען שוין די צווייטע גרופּע, וואָס ער האָט אַרויסגעפירט פון געטאָ צו די בעלסקיס אין וואַלד אַריין. אַזוי אַרום איז צוזאַמען מיט אַבראַמס גרופּע געווען אַרום 60 מענטשן, וואָס זענען ביז דאַן אַרויסגעגאַנגען אין איין נאַכט.

ווי אויף להכעיס, איז יענע נאַכט געווען אַ לבנהדיקע. ס'איז געווען גאַנץ העל און מ'האָט געקענט זען ווייט אַרום. איך געדענק ווי אַלע זענען דאַן געווען אין כעס אויף דער לבנה...

ווען איך האָב אַ קוק געטאָן אויף די פאַרזאַמלטע מענטשן מיט די רוקזעק אויף די פלייצעס, און אויף די, מיט ביקסן אין די הענט, איז מיר געוואָרן קאַלט אין בויך פון איבעראַשונג. גיט נאָר אַ טראַכט — פון איין זייט געפינען זיך אין געטאָ די „ווייסע גענדז" און פון דער צווייטער זייט, אויף יענער זייט דראָט, איז דעם געביטס־קאָמיסאַרס פאַרם, וואָס איז אינגאַנצן אַ פאָר הונדערט מעטער פון געטאָ, ווו עס האָט געהאַלטן וואַך די ווייסרוסישע פאָליציי, און דאָ שטייען אַזאַ צאָל חברה מיט געווער...

איך האָב נאָך נישט באַוויזן גוט צו באַטראַכטן דאָס דאָזיקע נישט געווינטלעכע בילד, ווי אַבראַם מיט לייבקען דעם קאַצאַפּ האָבן באַלד אַרויסגעצויגן זייערע רעוואָלווערן פון די קעשענעס און איבערגענומען די קאָמאַנדע, מעלדנדיק אונדז, אַז פון איצט אָן מוזן מיר זיך אונטערוואָרפן אַלע זייערע אָנווייזונגען. באַלד נאָכדעם האָבן זיי אונדז געהייסן

דורכקריכן דורך דעם לאָך אין די דראָטן, אויף וועלכע זיי האָבן אָנגעוויזן. ביידע זענען געשטאַנען מיט די רעוואָלווערן אין די הענט ביז אַלע זענען אַרויסגעקראָכן, און נאָכדעם האָבן זיי צוריק „צורעכט" געמאַכט די דראָטן. אויף יענער זייט איז געפלאָסן אַ שמאָל פלאַך וואַסער. מען איז דאָס וואַסער אַריבער און מען האָט זיך גלייך געפונען אויף די פעלדער פון דער פאַרם. און טאַקע באַלד האָט זיך דערהערט אַ שטאַרקע בילעריי פון הינט. אַבראַם און לייבקע האָבן געגעבן אַ זאָג: „חברה, שטעלן פיס!..."

אָט דאָ איז ווערט זיך אומצוקערן צו דער מעשה מיט דעם פאַרטיזאַנישן איבערפאַל אויף דער פאַרם, וואָס איך האָב שוין פריער דערמאָנט. ווען נישט אָט יענער איבערפאַל אויף דער פאַרם, וואָלט די בילעריי פון די הינט געוויס געצויגן די אויפמערקזאַמקייט צום געטאָ. נאָכן איבערפאַל האָבן די פּאָ־ליציאַנטן, וואָס האָבן שוין דאַן געהיט די פאַרם, אַליין אויך געציטערט פאַר זייער פעל, האָבן זיי זיך נישט וויסנדיק געמאַכט פון דער הינטישער בילעריי, אָדער זיי זענען גאָר געשלאָפן.

אַן ערך 3—4 שעה זענען מיר געגאַנגען פון איין פעלד אויפן אַנדערן. איבער בערג און טאָלן ביז מיר זענען אַרויפ־געגאַנגען אויף דעם שליאַך.

אָפּגייענדיק קוים אַ האַלבן קילאָמעטער, האָבן מיר באַגעגנט צוויי פאַרטיזאַנער רייטנדיק אויף פערד. דאָס איז געווען אַ ראַזוויעדקע פון אַ רוסישן אָטריאַד. זיי האָבן אונדז אָפּגעשטעלט, אויסגעפרעגט ווער מיר זענען. די פירער אונ־דזערע האָבן זיי אַלץ אויפגעקלערט. זיי האָבן אונדז צוגע־ווינטשן דערפאָלג און מיר זענען געגאַנגען ווייטער מיטן וועג. פאַר אונדזערע פירער איז עס שוין קיין נייעס נישט געווען צו טרעפן פאַרטיזאַנער, אָבער אויף אונדז, וואָס האָבן ביז איצט פון די פאַרטיזאַנער בלויז געהאַט געהערט, האָט די ערשטע באַגעגעניש מיט זיי געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק. מאַנכע זענען געוואָרן אַזוי אויפגעהייטערט, אַז זיי האָבן זיך אָנגעהויבן חכמהנען, אַז מ'וואָלט גאָר באַדאַרפט מאַכן אַ שהחיינו... איך, למשל, האָב זיך נאָר געוווּנדערט וואָס די פאַרטיזאַנער רייטן דאָ אַרום אַזוי פראַנק און פריי איבער די וועגן, פונקט ווי עס וואָלטן דאָ גאָר קיין דייטשן נישט געבאַלעבאַטעוועט... אַ ביסל ווייטער, ווען מיר האָבן שוין כסדר געהאַלטן אין באַגעגענען פאַרטיזאַנער, האָב איך זיך שוין אויפגעהערט צו וווּנדערן.

די פירער האָבן אונדז געגעבן צו וויסן, אַז פון דער גרעסערער געפאַר זענען מיר דערוויילע אַרויס. אָבער זיי האָבן געזאָגט, אַז מיר זאָלן נישט מיינען, אַז אויף אונדז לויערט נישט די געפאַר צו פאַרלירן די קעפּ אויך דאָ, אויף יעדן שריט און טריט. דער אונטערשייד איז נאָר דער, האָבן זיי אונדז פאַרזיכערט, אַז פונקט ווי מיר ווילן אויסמיידן צו באַ־געגענען זיך מיט די דייטשן, אַזוי ציטערן זיי דאָ פאַר די פאַרטיזאַנער... איבערהויפּט ווען עס פלעגט אויסקומען אַ קליינער גרופּע דייטשן צו פאָרן איבער די וועגן, האָבן זיי גאָר אָן קאַטאָוועס געציטערט פאַר אַ פאַרטיזאַנישן אָנפאַל. זיי זענען דעריבער שטענדיק געפאָרן שטאַרק באַוואָפנט.

ביז אָנקומען אין וואַלד אַריין האָבן מיר אויפן גאַנצן וועג נישט באַגעגנט קיין דייטשן און אויך נישט קיין ווייסרו־סישע פּאָליציאַנטן.

ווען עס האָט אָנגעהויבן שאַריען אויף טאָג, האָבן אונדז די פירער געזאָגט, אַז באַלד וועלן מיר אַריינגיין אין אַ גרויסן דאָרף, ווו מיר וועלן זיך אָפּרוען און קריגן עפּעס צו עסן. זיי האָבן אונדז געגעבן אָנווייזונגען ווי אַזוי מיר זאָלן זיך האַלטן אין די פּויערישע הייזער. דורך דער גאַנצער נאַכט זענען מיר, צוליב די אומוועגן איבער די פעלדער, געהאַט אָפּגעגאַנגען בסך־הכל אַרום 12 קילאָמעטער.

די פירער האָבן אונדז אָנגעזאָגט, אַז מען זאָל זיך צע־שפּרייטן אין וואָס מער הייזער, כדי אַלע זאָלן קענען אָפּעסן צו דער זעט. ווען איך בין מיט נאָך עטלעכע פון אונדזער גרופּע אַריין אין אַ שטוב, האָט די גאַנצע פּויערישע משפּחה אונדז אַקעגנגעטראָגן דעם „גוט־מאָרגן". זיי האָבן זיך לאַנג נישט געלאָזט בעטן און אויפן טיש איז באַלד אַוועקגעלייגט געוואָרן אַ גרויסער לאַבן ראַזעווע ברויט מיט אַ גרויסן קרוג מילך. הונגעריק איז מען געווען, האָט מען זיך אַ נעם געטאָן צום לאַבן ברויט מיט דער מילך און מ'האָט געריבן אויף ביידע באַקן. אין געציילטע מינוטן איז פון דעם ברויט מיט דער מילך קיין סימן נישט געבליבן... דאָס געווער פון די הענט, האָבן די חברה אויף אַ סעקונדע נישט אַרויסגעלאָזט, אַפילו נישט ביים עסן. כ'מוז דאָ זאָגן, אַז ווי הונגעריק איך בין נישט געווען, האָב איך נישט אַזוי הנאה געהאַט פון דעם ברויט מיט דער מילך, ווי פון דעם צוקוקן זיך צום בילד ווי די גאַנצע פּויערישע משפּחה באַדינט אונדז, באַמיענדיק זיך אַרויסצווייזן וואָס מער העפלעכקייט. אַנדערע ווערטער ווי „מילענקי" און „דושענקי" (ליבינקער און האַרציקער) האָבן מיר פון זיי נישט געהערט.

אין דעם דאָרף זענען מיר לאַנג נישט געווען. דאַנקענדיק פאַרן עסן האָבן מיר זיך געלאָזט ווייטער מיט דעם שליאַך אין מיטן העלן טאָג.

היות לייבקע דער „קאַצאַפּ" האָט זיין גאַנצע גרופּע געפירט צו די בעלסקיס אין אָטריאַד, האָב איך און נאָך עטלעכע פון אַבראַמס גרופּע זיך פאַראייניקט מיט לייבקעס גרופּע און פאַרטאָג האָבן מיר זיך געלאָזט אין וועג אַריין.

אין סאַמע פראַנט פון וואַלד זענען מיר באַגעגנט גע־וואָרן פון 2 ראַזוויעדטשיקעס, וועלכע האָבן געריטן אויף פערד, באַוואָפנטע מיט ביקסן און רעוואָלווערן. איינער האָט געהייסן בן־ציון גולקאָוויטש און דער צווייטער, חיים. זיין פאַמיליע־נאָמען געדענק איך נישט. דער ערשטער האָט איצט אַן אייגענע מילך־פאַרם אין די קעטסקיל־בערג, אין וווּדבוירן, ניו־יאָרק.

די באַזע האָט זיך געפונען טיף אין וואַלד. ערשט דאָ האָבן מיר זיך דערפילט אויסגעשעפּט פון די כוחות. מיר האָבן זיך אָבער נישט פאַרגינען אויף אַ ווײלע זיך אָפּצורוען, ווייל מיר האָבן געוואָלט וואָס פריער שוין זיין אויף דער באַזע. די ראַזוויעדטשיקעס האָבן אונדז גלייך געפירט אַהין.

אַרויפקומענדיק אויף דער באַזע, האָבן מיר באַלד דער־זען די פּאַנאָראַמע פון לאַגער — אַ סך ביידלעך זענען גע־שטאַנען צעשפּרייט איבער אַ היפּשן שטח פון אויסגעהאַקטע ביימער. איך האָב דערזען יידן, מענער, פרויען און קינדער, אָן געלע לאַטעס... מונטערע, שמייכלענדיקע, וואָס אין געטאָ האָב איך אַזעלכע נישט געזען. דער ערשטער איינדרוק מיי־נער איז געווען אַ קאָלאָסאַלער. איך שעם זיך נישט צו זאָגן, אַז בעת מעשה האָט זיך ביי מיר אַראָפּגעקייקלט אַ טרער פון פרייד...

עס האָבן זיך אַ שאָט געטאָן צו אונדז מענטשן פון אַלע זייטן: משפחה־מענטשן, באַקאַנטע האָבן זיך געוואָרפן אין די אָרעמס, מען האָט זיך געקושט, געהאַלדזט, מ׳האָט געוויינט פאַר פרייד, וואָס נאָך עטלעכע צענדליק יידן האָבן זיך אַרויסגעריסן פון די מערדערישע הענט.

באַלד זענען צו אונדז צוגעקומען די ברידער בעלסקי — טוביה, עשהאל זיסע און דער יינגסטער, אַרטשיק, ווי אויך די איבעריקע מיטגלידער פון שטאַב.

דער קאָמאַנדיר טוביה בעלסקי האָט זיך אויסגעטיילט פון די אַנדערע מיט זיין הויכער, ברייטפּלייציקער פיגור, וואָס האָט זיך באמת אַריינגעפּאַסט אין דעם טיטל. ער איז גע־גאַנגען אָנגעטאָן אַ לעדערנעם מאַנטל מיט אַ רעוואָלווער ביי דער זייט. מ׳האָט געקענט מערקן אויף זיין פּנים, אַז ער איז צופרידן מיט דער נייער מחנה פּאַרטיזאַנער, וואָס איז איצט צוגעקומען צו זיין אָטריאַד, און דער עיקר, מיט דעם צוגע־קומענעם געווער. באַלד האָט ער גענומען באַקוקן דאָס געווער, אויסגעפּרוווט די שלעסער, צי וועלן זיי טויגן, ווען מען וועט זיי דאַרפן... מ׳האָט אויך ביי איניקע געקענט באַ־מערקן אַ געוויסע אַנטוישונג, וואָס אַ טייל פון אונדז איז געקומען אָן געווער. דער אָטריאַד האָט שוין דאַן געציילט אַן ערך 300 מענטשן און געווער איז געווען זייער קנאַפּ. מען האָט אַרויסגעקוקט אויף יעדן שטיקל געווער, וואָס זאָל צו־קומען. און מיר האָבן טאַקע באַלד דערהערט אויסרופן פון דער זייט: „נאָך אַ פּעקל מלבושים איז געקומען”. אָט די קריטישע באַמערקונג איז געזאָגט געוואָרן אויפן אַדרעס פון די, וואָס זענען געקומען אָן געווער. איך האָב באַלד דערפילט וואָס דאָס מיינט, — די, וואָס האָבן נישט קיין געווער, זענען אַ לאַסט פאַר די, וואָס האָבן יאָ.

דאָס געווער־פּראָבלעם איז באמת געווען זייער אָנגע־ווייטאָגט, איבערהויפּט אין דער ערשטער צייט, ווייל פיל מענטשן זענען געקומען אָן געווער. אָט די אַלע זענען באַ־שאַנקען געוואָרן מיטן נאָמען „מלבושים”, אַזאַ איינעם, וואָס מען דאַרף כלומרשט מיטשלעפּן... עס איז אָבער נישט געווען ריכטיק, ווייל די „מלבושים” האָבן צוגעטראָגן גאָר אַ היפּשן חלק צו דעם אַלגעמיינעם קאַמף מיטן נאַצישן שונא, איבער־הויפּט אין דער לעצטער פאַזע פון בעלסקיס אָטריאַד, ווען ער האָט זיך געפונען אין דער נאַליבאָקער פּושטשע. מען האָט דאַן געזען בולט, אַז נישט נאָר די „מלבושים” זענען נישט געווען קיין לאַסט, נאָר פּונקט פאַרקערט, גאָר אַ גרויסע הילף פאַר דעם גאַנצן אָטריאַד. אָבער דער פאַקט בלייבט, אַז די בעלסקיס האָבן אָנגענומען יידן מיט געווער און אָן געווער, סיי יונג, סיי אַלט, ווער עס האָט זיך נאָר געקענט אַרויסרייסן פון געטאָ און געטראָפן דעם וועג צו זייער אָט־ריאַד, אַפילו אין גאָר שווערע מאָמענטן, אין וועלכע דער אָטריאַד האָט זיך געפונען.

**יעקב דרוק**

# דער קאַמף פון פּאַרטיזאַנער ראובן רובינשטיין ז״ל

געווידמעט דעם אָנדענק פון אונדזער יונג־פאַרשטאָר־בענעם פריינד, חבר און רעטער, אַ דאַנק וועמען מיר זענען לעבן געבליבן.

יעדער ייד, וואָס האָט אַדורכגעמאַכט דאָס נאַצי־גיהנום קען דערציילן וועגן זיינע שרעקלעכע איבערלעבונגען. דאָס זענען דערינערונגען, וואָס מאַטערן ביזן היינטיקן טאָג און וואָס זענען אַזוי משונהדיק, אַז זיי זעען פאַר אונדז אַליין אויס אומגלויבלעך.

ווען אַזעלכע דערמאָנונגען באַהערשן מיין געמיט פּרווו איך, ווי אַ קעגנגעוויכט, אַרויסרופן זכרונות, וועלכע האָבן אין יענער טראַגישער צייט אונדז דערמינטערט, געשטאַרקט אונדזער גייסטיקן כוח אַנצוגייען און איבערלעבן.. עטלעכע אַזעלכע עפּיזאָדן וויל איך באַשרייבן.

זומער 1941.

יעדער טאָג האָט געבראַכט שרעקלעכע נייעס וועגן פרישע אַרעסטן און מאָרדן. מענטשן זיינען אַרויס פון הויז און מען האָט נישט געוווּסט ווו זיי זענען אַהינגעקומען. די לאַגע האָט אויסגעזען האָפנונגסלאָז. אַ געוויסן טאָג האָט די געסטאַפּאָ געמאָלדן: „אַלע יידן אין עלטער פון 16 ביז 60 יאָר, דאַרפן זיך מעלדן אין טורמע לעבן באַן און מיטנעמען אַ דעקע, אַ לעפל און אַנדערע קליינקייטן. פאַר נישט מעלדן זיך דראָט טויט־שטראָף”.

דערהערנדיק די שרעקלעכע נייס און מורא האָבנדיק פאַר דעם וואָרט „טורמע”, באַשליסן מיר צו פאַרלאָזן לידע. איך, מיין פרוי און אונדזער 4־יעריק זונעלע קומען אָן בשלום קיין דיווענישאָק, ווו איך האָב געאַרבעט אַלס פּראָוואַלטער־בוכ־האַלטער אין דער פאָלקס־באַנק. האָבנדיק אַ גרויסע באַקאַנט־שאַפט, סיי צווישן דער יידישער באַפעלקערונג, ווי אויך צווישן קריסטן פון די „פּני העיר”, איז אונדז געלונגען זיך איינצואָרדענען. איך באַקום אַרבעט אין גמינע און דאָס לעבן אונטערן דייטשן שטיוול גייט אָן.

דעצעמבער 1941

אַלע יידן פון דיווענישאָק ווערן דעפּאָרטירט קיין וואָראַ־נאָווע, בתוכם — איך און מיין פאַמיליע. מען באַזאָרגט אַלע־מען מיט צוואַנגס־אַרבעט און מען באַמיט זיך שלום מאַכן מיטן גורל. דאָס לעבן אין וואָראַנאָווע איז נישט אַזוי פויגל־דיק. ס׳געפינען זיך אין שטעטל ס.ס.־לייט און אַנדערע, וועל־כע מאַכן ביטער דאָס לעבן.

8טער מאַי 1942

דאָס שטעטל ווערט אַרומגערינגלט מיט אַ קייט פון דיי־טשן און באַוואָפנטע פּאָליאַקן. יידן דאַרפן נישט גיין צו דער אַרבעט. די פּאַניק צווישן יידן איז גרויס. קיינער ווייסט נישט וואָס ס׳וועט געשען. פאַרנאַכט דערוויסט מען זיך, אַז אין לידע איז פאַרגעקומען אַ שחיטה און העכער 6 טויזנט יידן

זענען אומגעקומען. ס׳ווילט זיך נישט גלייבן. יעדער פֿרעגט — פֿאַרוואָס? דער יודענראַט פֿאַרזיכערט, אַז ס׳איז אַ ליגן. שפּעט ביינאַכט קומען פֿאַר שיסערייען. מען איז אויפֿגעצי־טערט, נאָר מען ווייסט נישט די סיבה. מיטן אָנקומען פֿון טאָג זעט מען דערשאָסענע יידן אויף די פֿעלדער, צווישן זיי מיין חבר ניאָנע גראַדזשענטשיק. וואַרשיינלעך האָבן זיי גע־פּרוּווט דורכרייסן די לעבעדיקע קייט און אַנטלויפֿן אין די וועלדער. יידן אין שטעטל גייען אַרום פֿאַרשמאַכטע, באַזאָרג־טע און האָפֿנונגסלאָזע.

11טער מאַי 1942

באַלד אינדערפֿרי הערט מען געשרייען און גוואַלדן. ס.ס. און זאַנדערקאָמאַנדאָ טרייבן יידן פֿון די הייזער. אַלע מוזן



זיך צונויפֿזאַמלען אויפֿן מאַרק. איך און מיין פֿרוי, און דאָס יינגעלע אויף מיינע הענט, לאָזן זיך אין דער ריכטונג פֿון מאַרק. דאָרט געפֿינען זיך שוין הונדערטער יידן אַרומגערינגלט פֿון ס.ס. מיר פֿאַרשטייען, אַז דאָס שפּיל איז צום טייוול. פֿון אַלע זייטן קומען אָן אומגליקלעכע יידן — ווער ס׳קען נישט דערגיין צום מאַרק ווערט אויפֿן אָרט דערשאָסן. ס׳קומען אָן די „הויכע מחותנים" פֿון אונדזער אומגליק — ווינדיש און ווערנער. זיי באַטראַכטן די יידן, גיבן אַרויס פֿאַראָרדענונגען.

די סעלעקציע הייבט זיך אָן. מען טרייבט די יידן אין דער ריכטונג פֿון לידער שאָסיי. מענטשן געזעגענען זיך. די צוויי וואָראָנאָווער רבנים זאָגן ווידוי. מען הערט שיסערייען פֿון מאַשין־געווער. דורך אַ צופֿאַל, אָדער אַ נס, ווערן מיר געשיקט לינקס (הערמאַנישקער געסל) און אַזוי אַרום לעבן געבליבן. מיין פֿרויס מוטער, ברידער און שוועסטער זענען בעת דער סעלעקציע אומגעקומען. עטלעכע טעג נאָך דער שחיטה ווערן מיר דעפּאָרטירט קיין לידע. דאָרט ווער איך געוואָר, אַז מיין פֿאָטער, שוועסטער און נאָענטסטע משפּחה זענען אומגעקומען. מען אָרדנט אונדז איין אין לידער געטאָ, מען באַזאָרגט אונדז מיט אַן אָרט צום שלאָפֿן און אַן אָרט צו אַרבעטן און דאָס לעבן גייט אָן ווייטער.

ווינטער 1942

יידן אַנטלויפֿן אין די וועלדער. יידן זוכן געווער. אָן גע־ווער האָט קיינער נישט קיין שאַנס אָנגענומען צו ווערן ביי די פּאַרטיזאַנער.

ס׳קומען אָן גרוסן און ווי אויך שליחים פֿון די וועלדער. זיי דערציילן, אַז מיין חבר און אונדזער פֿריינד ראובן רובינשטיין ע״ה געפֿינט זיך שוין אויך ביי די פּאַרטיזאַנער." אויך איך ווער אַריינגעצויגן אין דעם שטראָם. ס׳ווילט זיך בלייבן לעבן, ווען נישט — כאָטש פֿאַלן אין קאַמף ווי אַ מענטש. דורך פֿאַר־שידענע מיטלען געלינגט מיר צו באַקומען אַ ביקס מיט קוילן פֿאַר מיר, אַ נאַגאַן פֿאַר מיין פֿרוי, ווי אויך אַ ביקס מיט קוילן פֿאַר מיין שוואָער און שוויגער.

אין געטאָ טומלט זיך. יעדע נאַכט גייען אַרויס גרופּן יונגוואַרג אין די וועלדער. יעדן טאָג קומען פּאַרטיזאַנער־שליחים, אָרגאַניזירן גרופּן און פֿאַרשווינדן דורך דער נאַכט. אונדז וויל מען נישט נעמען, כאָטש מיר האָבן צוויי ביקסן מיט אַ נאַגאַן. ס׳העלפֿן נישט מיינע געבעטן, כאָטש געוויסע שליחים זענען מיינע שול־חברים און פֿריינד. זייער אויסרייד איז: „קינדער דאַרפֿן נישט זיין אין וואַלד. מען זאָגט מיר: „לאָז איבער דיין קינד אין געטאָ און דו קאָנסט גיין מיט אונדז".

מיר זענען פֿאַרצווייפֿלט און באַזאָרגט. איך פֿאַרליר זיך נישט אַזוי שנעל און גיי אָן מיט מיינע באַמיאונגען. איך דערמאָן זיך אָן אונדזער פֿריינד און חבר ראובן רובינשטיין, וועלכער געפֿינט זיך אין פּאַרטיזאַנער־אָטריאַד „איסקראַ". אפֿשר וועט ער אונדז העלפֿן. ס׳געלינגט מיר זיך צו שטעלן אין קאָנטאַקט מיט ראובקען. ער דערוויסט זיך פֿון די פּאַרטי־זאַנער־שליחים וועגן אונדז, ווי אויך וועגן די באַדינגונגען, וואָס מ׳שטעלט אונדז און וועגן פּרייז וואָס מיר דאַרפֿן צאָלן פֿאַרן אַרויסגיין פֿון געטאָ. אומדערוואַרט — ראובקע איז אין געטאָ. מיר טרעפֿן זיך און אונדזער פֿרייד איז נישט צום באַשרייבן. מען וויינט פֿון שמחה. זיינע ערשטע ווערטער וועלן מיר קיינמאָל נישט פֿאַרגעסן: „יוספּקע וועט אין געטאָ נישט פֿאַרבלייבן". מיר גרייטן זיך אין וועג. נאָך חצות פֿאַרלאָזן מיר דאָס געטאָ. ראובקע מיט אַ נאַגאַן אין האַנט, טראָגט יוספּקען אויף זיינע הענט און מיר גייען אים נאָך. מיר מאַכן דורך די געפֿערלעכע שטרעקע בשלום. ס׳איז שוין טאָג. מיר קומען אָן אין דאַקודאָווע. אומעטום פּאַרטיזאַנער, פּונקט ווי ס׳וואָלט קיינמאָל קיין מלחמה נישט געווען. מען באַוועגט זיך פֿריי און דערצו אָן געלע לאַטעס. מיר קומען אָן אין ביעל־סקיס אָטריאַד וווּ צוזאַמען מיט הונדערטער מענער, פֿרויען און קינדער לעבן מיר דורך אַלץ, וואָס יידן אין די וועלדער האָבן דורכגעמאַכט.

דעם 14טן יולי 1944 ווערן מיר באַפֿרייט און קומען קיין לידע.

ראובקע רובינשטיין האָט נקמה גענומען אָן די היטלע־ריסטישע רוצחים, געקעמפֿט ווי אַ העלד אין יעדער שלאַכט. אויף זיין חשבון האָט ער 17 אויפֿגעריסענע דייטשע באַנען.

נאָך דער באַפֿרייאונג צעשיידן מיר זיך. ראובקע און זיין פֿרוי קומען אָן קיין אַרגענטינע, מיר — קיין קאַנאַדע. די גאַנצע צייט שטייען מיר אין קאָנטאַקט ביז עס קומט אָן אַ שוידערלעכע ידיעה. ראובקע איז געשטאָרבן אין יונגן עלטער פֿון 32 יאָר, איבערלאָזנדיק אַ פֿרוי מיט צוויי זין.

זיין פֿרוי פֿייגעלע און די זין אהרן און ברוך געפֿינען זיך איצט אין ישראל, וווּ זיי האָבן אויפֿגעבויט זייער נייע היים.

זאָלן די ווערטער פֿון דאַנק פֿאַר דיר, ראובקע, פֿון די לעבנגעבליבענע, דינען אַלס אייביקע מצבה פֿאַר דיין רומפֿולן אָנדענק.

מרים יונגמן־סלונימצ׳יק

# דרכי אל היער

כשהתעוררתי בבוקר ה־17 בספטמבר 1943, הרגשתי שזהו הסוף. אף כי בעצם לא הופתעתי הפעם כבפעמים הקודמות, כי האווירה היתה מחושמלת זה כמה שבועות. הכל התלחשו ושוחחו על הקץ המתקרב, ובכל זאת לא פעלו. היו אז בגיטו מספר פרטיזנים שחזרו לא מכבר מהיער אחרי המצוד של הגרמנים והם סחוטים, המומים ועייפים עד מוות — על מנת „להינפש" בגיטו ולחזור לאיתנם. ביניהם היה גם חבר של אחותי ליזקה בשם קובה דנציגר. קובה עתיד היה לקח־תנו אתו חזרה ליער, אך הגרמנים הקדימו אותו. כשנוכחנו ל־דעת שאמנם מוקפים אנחנו, ציווה עלינו אבא להתלבש במיטב הבגדים וחילק בינינו את הכסף שהיה ברשותו (בחלקו של כל אחד נפל סכום של 30 רובל בזהב). לקחנו אתנו דלי למים ותו לא. אבא אסר עלינו לקחת מטלטלים וציווה לעזוב הכל בבית.

יצאנו החוצה, ופתאום הרגשנו בהעדרם של ליזקה וקובה. כעבור זמן מה חזרה ליזקה וסיפרה לנו שקובה מצא מקום מחבוא (מלינה) יוצא מן הכלל ובו מקום גם בשבילנו. היא אמרה שנמצאים כבר שמה כמה אנשים מהמכרים, והפצירה, ממש התחננה בפנינו ללכת אחריה. אולם אבא סירב. הוא אמר שבשום אופן לא יתחבא, ומה שיהיה „עם כל ישראל יהיה עם רב ישראל". אבל לליזקה אמר ללכת וגם לי הציע לעשות כן.

אמא סירבה לעזוב את אבא ואני מיאנתי להפרד מהם, תוך מחשבה ברורה להשפיע על אבא שירצה לעשות משהו למען הצלתו, אף כי בעצמי לא ידעתי באותו רגע מה להציע לו.

ליזקה ירדה למחבוא ואני נשארתי עומדת עם הורי בין המון אנשים שהכינו עצמם לדרך. אנחנו היינו מוכנים. האחרים היו עסוקים באריזת החפצים השונים ונראה היה שכל אנשי הגיטו עומדים להחליף מקום משכנם ולעבור לרחוב אחר. עמדנו זמן מה שקטים ודוממים, שקועים איש־איש במחשבותיו, ופתאום התעורר הגיטו לתחייה. כמה עגלות עמוסות לחם נכנסו לגיטו וזאת היתה הוכחה חותכת, כי אמנם מובילים את היהודים למחנה עבודה ליד לובלין. וכי למה היה לגרמנים לבזבז כל כך הרבה לחם על אנשים המובלים לאבדון? האנשים נתפסו מרצון לכל אשלייה.

אחרי חלוקת הלחם ציוו עלינו להסתדר בשורות, ארבעה אנשים בכל שורה, ובקבוצות של כמאה איש, כששני גרמנים שומרים עליהן מפנים ומאחור.

יצאנו לכיוון תחנת הרכבת. הקבוצה שלנו התמשכה לאורך עשרות מטרים. החבילות והתינוקות שבידי האנשים האיטו את קצב ההליכה. הגרמנים היו אדיבים, לא האיצ, בנו, אף לא ירו. הדרך התמשכה זמן רב. ובדרך שוחחתי עם אבי. פתאום התגלה בי אומץ לדבר אתו גלויות. אני אמרתי לו שברצוני לגמור אחת ולתמיד את החשבון עם הגרמנים. אינני רוצה יותר להיות תלויה בחסדיהם. לפי דעתי אין כל סיכוי, ולו הקל שבקלים להשאר בחיים וכי זאת היא דרכנו האחרונה. אבא הסכים אתי. תוך כדי הליכה ביקשתי ממנו להוריד לי את הטלאי הצהוב. הורדתי גם לאבא וגם לאמא את הטלאי.

כשעברנו בדרך שהיו פזורים בה סלעים, ושם נחנו קמעה, אמרתי לאבא שאולי כדאי לבקש רשות מאחד הגרמנים שירשה לנו לעשות צרכינו, כפי שעשו אחרים (כל אחד בנפרד, כמובן) ובזמן שכולם ימשיכו בדרכם, אנחנו נישאר בין הסלעים וכל אחד לפי ראות עיניו ישתדל להגיע למכרה שלנו, הגרה בקרבת מקום, שם ניפגש ונתכנן את הבריחה הלאה במשותף.

התכנית נראתה לאבי, אך קשה היה להחליט. ועד שגמרנו אומר לגשת לגרמני ציוו עלינו להתקדם. הזדמנות חשובה אחת הוחמצה ואני החלטתי לפעול במהירות. אמרתי לאבא שבסיבוב הקרוב ביותר אני מסתלקת, ומחכה להם אצל היודיצקים (המכרים). אמרתי גם שאני בטוחה שלא ישאירו אותנו, אותי ואת ליזקה אחותי לבדנו, בעולם מלא רשע זה. כוונתי היתה לאלץ את אבא לפעול. ואמנם כך עשיתי. בדרך המובילה לרחוב קושרובה (מסלול השחיטה הראשונה) יצאתי מהשורה, פניתי ימינה והמשכתי בדרכי. אף אחד לא שם לב אלי. רק אמא שהלכה אתנו כל הזמן, ולא שמעה כנראה את שיחתנו מאחר והיתה נתונה להרהורי לבה היא, הרגישה פתאום בהעדרי, ראתה אותי צועדת כמה מטרים ממנה ושמעתיה קוראת: „מיריצקה, לאן את הולכת?" כמו־כן מהדהדת עד היום באזני תשובתו של אבא: „שתקי, תני לה ללכת". זאת היתה הפרידה.

הגעתי למכרים ולא פגשתים בבית. מצאתי רק את בנם בן ה־9. הוא ראה אותי כמה פעמים בביתם, נבהל מאוד, מאחר ודרך חלונם ראו מרחוק את קבוצות היהודים המובלים בכיוון הרכבת. אמרתי לו שאכנס לאסם ואחכה עד שההורים יגיעו. נכנסתי ופרצתי בבכי תמרורים. כעבור שעה קלה (ואולי חצי שעה) חזרו ההורים. לתדהמתם ופחדם לא היה גבול. מיד הרגעתי אותם שאני הולכת, אלא שרציתי שידעו, כי במקרה והורי יבואו, אני נמצאת אצל השמרגלים הגרים במרחק של קילומטר בערך מהם.

בעוד הגירוש בעיצומו, ובעוד מובלים היהודים לרכבות, יצאתי לאור היום בדרכי למכרים האחרים. מסלולי היה מקביל למסלולם, אלא בריחוק כמה עשרות מטרים בלבד. תגובתם של השמרגלים היתה דומה לתגובתם של היודיצקים.

אינני מאשימה אותם. אני הבינותי לרוחם. סיפרתי להם את כל הסיפור מראשיתו. הם האכילו אותי, העלו אותי לעליית הגג, עד ערוב היום. לפנות ערב ירדתי. הם אמרו שהם פוחדים להלין אותי, מחמת קרבת המקום לתחנת הרכבת. הם הציעו להראות לי את הדרך ליער הקרוב, שם אלון. הבת הצעירה הלכה כמה מטרים לפני ואני אחריה. לפני שיצאתי מכרתי להם 5 רובלים זהב תמורת כסף גרמני. זה הציל את חיי.

לפני הגיעי ליער עצר בעדי גוי ואמר אלי: „מה את עושה כאן, יהודיה? הרי מקומך בתחנת הרכבת, שם מחכים לך, הרכבת עדיין לא זזה. בואי נא אתי, אראה לך את הדרך". תחבתי ידי לכיס המעיל, הוצאתי מתוכו את כל הכסף שזה

עתה קיבלתי, ומסרתיו לגוי, בלי אומר ודברים. הוא לקח את הכסף ועזב אותי לנפשי.

הבת של השמרגלים חזרה הביתה. אני המשכתי דרכי ליער, שם התכרבלתי מתחת לשיח והתפללתי ללילה שיבוא. היה זה ליל בלהות. בקרבת מקום ערכו הגרמנים אותו לילה תמרונים, כפי הנראה כדי להפחיד את האוכלוסיה הפולנית, והם ירו בלי הרף. מתי אותו לילה כמה וכמה פעמים. הייתי בודדה, עזובה ואומללה עד מאוד. כשרק האיר השחר, קמתי על רגלי וחזרתי לשמרגלים. הם היו בטוחים שאינני עוד. מסרתי להם את שם המכרים אליהם חשבתי ללכת על מנת שימסרו להורי לכשיופיעו. הלכתי הפעם לחברה של אחותי ליזקה. היא היתה בעבודה והוריה שהיו זקנים ויראי שמיים, העלו אותי מיד לעליית הגג ואמרו שאחכה לבתם ינקה, שעבדה כמזכירה במשטרה הפולנית. בעליית גג זאת לנתי לילה נוסף. הבת ציידה אותי בטופס של המשטרה שמילאתיו במו ידי, המאשר כי הודעתי על אבדן תעודת זהות.

למחרת היום שוב מצאתי עצמי ברחובות לידא, בדרכי ליקוביצים, ידידים של אבי. הם גרו בקצה השני של העיר. והנה שוב הרפתקה. באמצע הדרך ראיתי פולניה צעירה עוצרת גרמני, ובהצביעה עלי אומרת לו: „הסתכל, הנה יהודיה בלי טלאי". הרגשתי שהגרמני הולך אחרי כברת דרך ופתאום הסתובבתי ולא ראיתיו יותר. אני התחלתי בריצה שעלולה היתה להסגירני והגעתי בדרך השדה ליקוביצים. שם פחדו אפילו להכניס אותי. חיכיתי זמן מה מתחת למדרגות מרפסת הכניסה. הוציאו לי סנדוויץ' ונתנו לי כתובת של איכר שלפי דבריהם מכיר את הורי. הוא גר כ־12 קילומטר מהעיר. הם הדגישו שבאם הורי ברחו מהתחנה, הם בוודאי יגיעו לשם.

שמתי פעמי לדרך ובידי הפתק — רישום בעפרון, הדרך ושם האיכר. אסור היה לי להסתכן ולשאול. הייתי צריכה להגיע ולקלוע מיד למטרה. ואמנם הגעתי בשלום. אך את הורי לא מצאתי.

נתמלאתי קנאה איומה על השלווה שאפפה איכרים אלה. לגביהם לא השתנה דבר. הם עבדו בשדות, גידלו ילדים ועסקו בכל הדברים הקטנים, הקרויים חיים. כל היום עזרתי להם בבית בטיפול בילדים וכמעט שכחתי את אסוני האיום. אך המציאות טפחה על פני באכזריות בהגיע הערב.

שוב הסבירו לי שאני יכולה ללון רק בחוץ, מפני שמסתובבים בסביבה גרמנים והם יכולים להיענש על החבאת יהודים, ואילו בחוץ הם אינם אחראים לי. לנתי תחת כיפת השמיים.

אותו לילה ירד גשם זלעפות. חיפשתי לי מחסה תחת גג האסם. שמעתי כל הלילה נביחות כלבים וקריאות בגרמנית. גם הלילה הזה חרות היטב בזכרוני.

למחרת הרשו לי להתייבש. השארתי אצל האיכרים את שעון היד שלי, את המעיל הטוב וקיבלתי תמורתם פרוות כבשים ישנה וקרועה ומין מטפחת איכרים גדולה מעבודה עצמית וחזרתי ללידא כאיכרה. ושוב התחלתי בסיבוב בין המכרים. בימים הייתי משוטטת, ובלילות הייתי ישנה במרתפי הבתים ההרוסים. כך עברו עלי כעשרה ימים, מלאי הרפתקאות אך גם מלווים בתקווה להפגש עם ההורים. תקווה זאת, ככל שהלכו הימים וחלפו, התמעטה ומקומה תפס היאוש.

יום אחד כשהחלטתי לתת למכרים קצת חופש מעצמי, ולהשאר במרתף (היה זה המרתף של משפחת ספושניקוב, חברתי לשעבר) ראיתי בערך בשעה 11 כמה עזים רועות למעלה. התכווצתי בפינה ככל שיכולתי על מנת להסתתר מעיני הרועה הפרחח. אך לא עלה בידי. הוא גילה אותי והתחיל להשליך פנימה אבנים בלוויית קריאות גנאי. פתאום ראיתיו בורח וצועק: „משטרה, משטרה". למזלי לא היה אותו זמן אף שוטר אחד בסביבה ואני, בראותי אותו מתרחק, יצאתי והמשכתי לשוטט בעיר. ואז צץ בי הרעיון לחפש אחרי ליזקה. ידעתי שלקובה חבר שניהל, בתור „פולקסדויטש", את בית־החרושת לצבעים בלידא „קורונה" והלכתי ישר אליו. הוא גר בתוך בית־החרושת. למזלי פתח הוא עצמו את הדלת, מיד זיהה אותי, לא הכניס אותי אלא אמר שידוע לו כי קובה וליזקה נמצאים כבר ביער. הוא גם נתן לי כתובת של גויה רוסיה (שאגב גם היא הכירה את הורי) הגרה בקרבת מקום ואמר שהיא תקשר אותי עם הפרטיזנים.

חיכיתי ליום שוק ואז הגיע אחד הגויים שתמורת תש־לום (שוב 5 רובלים זהב) צריך היה להביא אותי לכפר מגוריו שהיה כפר פרטיזנים. נכנסתי לעגלה, התכרבלתי כגויה ונסענו. אלא שבאמצע הדרך קרתה תקלה: פגשנו בגרמנים שחזרו ממארב ששמו לפרטיזנים, עצרו כל עגלה וביקשו תעודות זיהוי. האיכר קפא תחתיו מרוב פחד, אך לא אמר דבר. אבל אני ירדתי בעצמי מהעגלה והלכתי ישר לקראת הגרמנים המתקרבים. הם עצרו בעדי, בדקו מה שהיה לי בסל. רק מברשת השיניים היתה חשודה בעיניהם. אחד רצה אפילו לקחת ממני את המגפיים שהיו על רגלי, אך השני אמר שהם קטנים מדי. הם שכחו משום מה לשאול לתעודת הזהות שלי והרפו ממני. האיכר חיכה לי במרחק כמה מאות מטרים, והמשכנו דרכנו. בביתו פגשתי עוד לידאים שרצו להצטרף לפרטיזנים. שם גם נודע לי שליזקה נמצאת כבר בדרך ל„פושצ'ה" (יער עבות) ושבדרך שדדו ממנה הפרטיזנים את כספה, הורידו מרגליה את המגפיים, והיא נשארה חסרת כל.

נחתי כמה ימים והחלטתי לחזור העירה, למלא את החסר, להצטייד במצרכים החיוניים כל־כך בחיי יער, כגון: מלח, קפה, סכרין וכו' ולחזור ליער. ואמנם כך עשיתי.

תמורת תשלום, לקח אותי קרובו של אותו איכר עצמו חזרה העירה ביום השוק. הצלחתי לאסוף את כל הדרוש, הלכתי למשפחת גוילו, שהיתה להם אז חנות כל־בו והם סיפקו לי הכל תמורת חלק מהדברים שהיו לנו אצלם. אלא, שבבואי מצויידת בכל טוב למקום, ממנו היה צריך אותו איכר להחזירני לכפר, נוכחתי לדעת שהוא כבר נסע מבלי לחכות לי.

נשארתי המומה ומיואשת והתחלתי ללכת ברגל בכיוון הכפר מרחק 30 קילומטר ויותר מהעיר. במרחק מה מהעיר השיגה אותי עגלה ובה איכר עטור זקן לבן שנסע כנראה מהשוק והציע לי להצטרף ולשבת בעגלתו. קיבלתי הצעתו. אחרי כמה שאלות זיהה אותי, אמר לי שלא אפחד, הוא הכיר היטב את הורי, אף היה קונה אצלם, הוא יביא אותי לביתו, שם אלון, ולמחרת יראה לי את הדרך לדוקודובה, אלא שעלי לא להקים רעש, מפני שאפילו אשתו ובניו אסור להם לדעת על הימצאי בדיר.

לנתי יחד עם החזירים בדיר. באישון לילה הביא לי חלב ותפוחי אדמה ולפנות בוקר, בטרם שחר, ליווה אותי כברת דרך, הסביר לי את הדרך וחזר לביתו. בשעות הצהרים הייתי בכפר ממנו יצאתי יומיים קודם לכן. ואז יחד עם יתר היהודים שנמצאו בכפר חיפשנו קשר עם הפרטיזנים של ביילסקי על מנת להגיע ליערות נאליבוקי.

דוד ליפא ברקוביץ׳

# טלטולי פרטיזן יהודי

כדי לצאת מגיטו לידא ולהצטרף לפארטיזאנים הבטיח לי צעיר פולני להשיג אקדח תמורת עשרים אלף רובל. סמכתי עליו, נתתי לו את הסכום המבוקש ונוסף לכך מעיל־עור, ובד לשתי חליפות. הוא לקח את הכסף והסחורה, פנה לגרמנים והלשין עלי.

הגרמנים חיפשו אותי, ובדרך נס ניצלתי ממוות בטוח. השארתי בגיטו את אשתי קונה ברקוביץ׳ ואת ילדתי בת הארבע מרים והיגעתי במגררה רתומה לסוס לביתו של איכר בכפר סמוך. השארתי שם את הסוס והמגררה והלכתי לאיכר אחר להיסתתר בביתו.

בראות האיכר הראשון שאינני חוזר, הוא גרש את סוסי מהאורווה, כדי לא להאכילו חינם. הסוס הכיר את הדרך לאורווה בגיטו, והלך לשם.

כשהיהודים בגיטו ראו שסוסי חזר לבדו, היו בטוחים שהנאצים הוציאוני להורג ושחררו את סוסי.

בראות אשתי שהסוס חזר לבדו, ספקה כפיה והתעלפה, בהיותה בטוחה שהנאצים רצחו אותי.

אני הסתתרתי כל הלילה בבית האיכר ולפנות בוקר החלטתי למצוא את פלוגת הפארטיזאנים „איסקרה" כדי להצטרף אליהם. בינתיים עבר יום ועוד יום ואני התידדתי עם האיכר, שחקתי תפקיד, כאילו גם אני איכר שבא מכפר אחר, ורכשתי לי אקדח.

האיכר שאצלו התגוררתי מצא את המחבוא של פלוגת הפארטיזאנים „איסקרה" וכמו כן הבטיח לי למסור מכתב לאשתי בגיטו.

כתבתי מכתב לאשתי, וביקשתי ממנה שתעזוב למחרת בלילה את הגיטו, יחד עם הילדה, שתגיע לבית האיכר איבא־נוביץ׳ ושם אחכה לה. הדגשתי שעליה לשמור את הדבר בסודי סודות.

כשקיבלה אשתי את מכתבי היתה סבורה שקיבלה מכתב מעולם־האמת, היא ואנשי הגיטו האחרים היו בטוחים, שכבר אינני בין החיים.

אשתי קוניה קראה את מכתבי פעם ופעמיים ולא האמינה למראה עיניה, שאלה את האיכר פעם ופעמיים וקשה היה לה להאמין למשמע אזניה. כשנוכחה סוף סוף באמיתות הבשורה החלו הדמעות מכסות עיניה ופניה... בלילה עת כל השכנים שקעו בשינה, אספה אי־אלה בגדים, רתמה למגררה את הסוס שהטיל בהלה כה גדולה, והצליחה להגיע בחירוף נפש למקום המיועד בו חכיתי לה. (השומרים ליד שער הגיטו היו יהודים והעלימו עין). התחבקנו ובכינו מרוב שמחה ואשתי החלה לספר לי על כל מעללי הסוס. חיש מהר נפרדנו מהאיכר מיטיבנו ויצאנו אל מעמקי היער.

היתה לי כתובת של איכר ביער שהיה צריך להראות לי את הדרך אל הפארטיזאנים. לאחר מספר שעות של נסיעה ביער הגעתי לביקתה שלפי כל הסימנים היה צריך לדור בה האיכר שאליו הופניתי.

נכנסתי פנימה וביקשתי להראות לי את הדרך אל מחנה הפארטיזאנים. עוד בטרם סיימתי את המשפט קפץ האיכר ממקומו כנשוך נחש וזעק לעברי בקולי קולות:

„עזוב מיד את ביתי, ואם לא, אכפות אותך ואמסור אותך בידי הגרמנים".

נוכחתי מיד שטעיתי בכתובת. עזבתי חיש מהר את הביקתה וכעבור מספר שעות הגעתי לכפר ופניתי לאיכר איבן מאקסימוביץ׳ שקיים קשרים עם הפארטיזאנים.

האיכר נענה לבקשתי ללון בביתו ולפנות בוקר הובילני לבסיס הפארטיזאנים הרוסים, לפלוגת „איסקרה", והציג אותי בפני המפקד סאשא. בקשתי מהמפקד לצרפני לפלוגתו ומסרתי לו שיש בידי אקדח. המפקד הסכים לקבלני, בתנאי שאעביר כעבור זמן את אישתי וילדתי לבסיס אחר.

בפברואר 1943 קרא לי המפקד והודיעני, שהואיל וביער ישנה „עיירה ביילסקי" בה מרוכזים נשים וילדים, הוא מבקש ממני להעביר גם את אשתי וילדתי לשם.

בלית ברירה לקחתי את אשתי וילדתי ונסעתי למחנה הפארטיזאנים היהודי במעמקי היער שהיה מכונה בפי היהודים בשם: „ירושלים שביער".

פניתי למפקד הבסיס טוביה ביילסקי והוא הסכים לקבלני יחד עם אשתי וילדתי. ניצלנו שלשתנו מהגיהינום הנאצי והיגענו כעבור זמן לאחר פגעים וטלטולים רבים לבסיסנו הלאומי הסופי — ישראל.

בנימין באראן

# אין די פּאַרטיזאַנער־רייען

דעם 22־טן יוני 1941 פאַרטאָג, האָב איך דערהערט אויפרייסן פון באָמבעס. כ'האָב געמיינט אַז ס'זענען מאַנעווער־רעס. איך האָב דאַן געאַרבעט אין דער דרוקעריי לעבן דעם בנין פון דער אַלטער פּאָסט. איך בין גלייך אַוועקגעלאָפן אין דער דרוקעריי. דאָרט איז קיינער נישט געווען. בין איך צוגעלאָפן צו דער באַן, ווו די דייטשן האָבן אַראָפּגעוואָרפן אַ באָמבע אויף אַ צוג, וועלכער איז געפאָרן קיין מינסק. דאָרט זענען געפאָרן לידער פוטבאָל־שפּילער אויף אַ מעטש. נאָר זיי זענען נישט דערפאָרן, איין שפּילער איז דערהרגעט געוואָרן. דאָס איז געווען סטאַשעק אורבאַנאָוויטש און אַ סך שפּילער זענען פאַרוואונדעט געוואָרן. דעם זעלבן טאָג אין דער פרי, זונטיק, איז אָנגעלאָפן אַן עסקאַדרע אַעראָפּלאַנען און זיי האָבן באָמבאַרדירט פון אַלע פיר זייטן. די ערשטע באָמבע האָט געטראָפן אין יידישן שפּיטאָל, ווו עס זענען געלעגן שוואַנגערע פרויען. זיי אַלע זענען דאָרט פאַרברענט געוואָרן. איך האָב געהאָלפן אַרויספירן פון שפּיטאָל פאַר־וואונדעטע און האַלב־פאַרברענטע. דערווייל האָט לידע גע־ברענט ווי אַ ליכט. איך האָב כמעט פאַרגעסן, אַז איך האָב אויך אַ הויז און מען דאַרף גיין ראַטעווען מיין טאַטן מיט דער מאַמען. איך בין גלייך געלאָפן צו זיך אין שטוב, נאָר מיין שטוב איז שוין געווען פאַרברענט. איך האָב געטראָפן מיין מאַמען מיטן טאַטן און דעם ברודער און שוועסטער און פרעג ביי מיין מאַמען וואָס זאָל איך טאָן. זאָגט זי צו אונדז: „גייט, קינדערלעך, ראַטעוועט זיך, מיר זענען שוין אַלטע לייט, איר זענט נאָך יונג, איר דאַרפט זיך ראַטעווען". מיין ברודער און שוועסטער זענען געווען קליינע קינדער, זענען זיי געבליבן מיט די עלטערן. דער טאַטע האָט געזאָגט צו מיר: „אויב דו וועסט בלייבן לעבן, זאָלסטו נעמען נקמה".

פאַרשטייט זיך, אַז דאָס געזעגענען זיך מיט מיינע על־טערן איז געווען טרויעריק. גלייך מאַנטיק ביינאַכט בין איך אַוועקגעגאַנגען מיטן וועג, וואָס פירט קיין מינסק. אין עטלעכע טעג אַרום בין איך שוין געווען נעבן מינסק. דאָרט האָב איך זיך אָפּגעשטעלט אין אַ קאָלכאָז. די פיס זענען מיר געווען געשוואָלן פון וועג. הונגעריק און שמוציק, האָב איך באַמערקט, אַז פיל מענטשן שטייען אין אַ ראָד. איך בין צוגעלאָפן און דערזען, אַז אויף דער ערד ליגט אַ דערהרגעט פערד און מען שניידט פון אים שטיקער. האָב איך אויך אָפּ־געשניטן אַ שטיק פלייש און אין אַ קאָנסערוון־פּושקע צוגע־שטעלט קאָכן. אַז ס'פלעגט זיך אויפקאָכן דאָס וואַסער מיטן פערדישן פלייש, פלעג איך שוין די זופּ אויסזופּן, ווייל ס'איז געווען זיסלעך. ס'פלייש איז געווען האַרט ווי שטיין, האָב איך גענומען אַ מעסער און געשניטן שטיקלעך און דאָס געגעסן. אַזוי בין איך דאָרט אָפּגעווען עטלעכע טעג. ווייטער גיין אין רוסלאַנד איז געווען אוממעגלעך, ווייל די דייטשן זענען געווען עטלעכע קילאָמעטער נאָך מינסק. האָב איך באַשלאָסן זיך אומקערן צוריק. איך האָב געטראָפן נאָך עט־לעכע מענטשן און מיר זענען אַוועק צוריק. אָפּגייענדיק אַ 20 קילאָמעטער, האָט מען אונדז געכאַפּט און צוגעפירט צו אַ גרופּע געפאַנגענע. אַזוי בין איך געווען איין חודש אין געפאַנגענשאַפט. דערנאָך בין איך אַנטלאָפן און אָנגעקומען אין אַ קליין שטעטל, באַקשט. נעבן דעם דאָזיקן שטעטל האָט זיך געפונען דאָס דאָרף באַריסאָווקע. דאָרט האָבן געוווינט יידישע פּויערים. איך האָב דאָרט געהאַט קרובים און בין ביי זיי געווען.

אין אַ פּאָר חדשים שפּעטער האָט מען אונדז איבער־געפירט קיין איוויע. איך האָב דאָרט געוווינט אויף בערנאַר־דינער גאַס ביי אַ סטאָליער, וועלכער האָט אַ ביסל אונטער־געהינקט אויף אַ פוס.



בנימין באראן („לאמאי פאסודו" כפארטיזאן).

דער איוויער יודענראַט האָט מיך באַשטימט צו גיין אַרבעטן אויף דער באַן־סטאַציע יוראַצישקי. דאָרטן האָב איך איבערגעקליבן קאַרטאָפל. צופעליק בין איך געשטאַ־נען אויף דער באַן־סטאַציע ווען עס איז אָנגעקומען אַ צוג פון לידע. דאָס איז געווען דעם 8־טן מאַי 1942. פון צוג איז אַראָפּגעגאַנגען אַ פּויער. האָב איך אים געפרעגט, וואָס הערט זיך אין לידע, האָט ער מיר דערציילט, אַז מען האָט אין לידע אויסגעהרגעט אַלע יידן און ער האָט מיר געראַטן איך זאָל אַנטלויפן.

איוויע איז דערווייל אַרומגערינגלט געוואָרן דורך פּאָ־ליציי. מיט אַ שעה שפּעטער זענען צו אונדזער גרופּע גע־קומען יוראַצישקער פּאָליציי און מען האָט אונדז אַריינגע־זעצט אין אַ מאַשין און געבראַכט קיין איוויע.

איוויע איז געווען אָפּגעשטאַרבן. מען האָט קיין איינציקן מענטשן אין גאַס נישט געזען. איך בין אַריין אין שטוב, האָט מען מיך אַרומגערינגלט און געפרעגט וואָס צו טאָן. האָב איך

געענטפערט, אַז מען דאַרף אַנטלויפן, און אַלע האָבן מיט מיר מסכים געווען.

צומאָרגנס האָט דער יודענראַט צוזאַמענגערופן 200 פערזאָן און זיי געהייסן ברענגען רידלען און גראָבן גריבער. פאַרשטייט זיך, אַז די גריבער זענען געווען באַשטימט פאַר די ייִדן פון איוויע. שפּעטער זענען די 200 ייִדן געקומען צוריק און דערציילט, אַז זיי האָבן אויסגעגראָבן צוויי גאָר גרויסע גריבער.

דער ערשטער קרבן איז דאָרט געווען דער זון פון רב. צומאָרגנס, 5 אַ זייגער פאַרנאַכט, זענען געקומען די מערדער, גערופן דעם יודענראַט און זיי געזאָגט, אַז די איוויער ייִדן וועט גאָרנישט געשען און זיי קענען זיין רואיק.

אין אַ טאָג אַרום, באַלד אין דער פרי, האָט מען אָנגעהויבן אַרויסטרייבן אַלעמען אויפן מאַרק. דאָרט איז איינער אַרומגעגאַנגען און געשריען, אַז די אויסווייזן זאָל מען האַלטן אין די הענט.

אַלע זענען געזעסן אויף די קני מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ. אַזוי איז געווען דער באַפעל פון די דייטשן. גרופּנווייז האָט מען געטריבן אויף בערנאַרדינער גאַס. דאָרט האָט מען סאָרטירט — רעכטס, לינקס, גלייך. גלייך איז געווען צום טויט.

מיך האָט מען אָפּגעטיילט אויף לינקס. פון וויטן האָט זיך שוין געהערט אַ שיסעריי.

נאָך דער שחיטה האָט מען אונדז אויפגעקליבן אויפן מאַרק און מען האָט פאַר אונדז געהאַלטן אַ רעדע. אויף וויפל איך געדענק האָט די רעדע געהאַלטן ווינדיש פון לידע. ער האָט געזאָגט: „איר בלייבט פאַרלויפיק לעבן".

די פּאָר ווערטער זענען מיר געבליבן אין געדאַנק. אין יודענראַט איז אָנגעקומען אַ באַפעל, אַז אין לידע פאָדערט מען 160 מאַן צו באַן־אַרבעט. צווישן זיי בין איך געווען. מיינע עלטערן זענען אומגעקומען דעם 8־טן מאַי 1942 בעת דער שחיטה. איך האָב שוין אין לידער געטאָ קיינעם נישט געהאַט און געוווינט אין באַן־מייסטעריי צוזאַמען מיט די איוויער. איך בין עטלעכע מאָל געווען אין געטאָ. מיין טרוים איז געווען צו אַנטלויפן אין וואַלד. נאָר פון די באַן־וואַרשטאַטן האָב איך נישט געקענט אַנטלויפן, ווייל די, וועלכע זענען געווען מיט מיר אין די באַן־וואַרשטאַטן האָבן נאָך געהאַט אַ פאַמיליע אין געטאָ. האָב איך געמוזט קומען אין געטאָ און געפינען אַרבעט און פון געטאָ אַנטלויפן.

דער יודענראַט האָט מיך איינגעאָרדנט ביי מיין פאַך אַלס מאָלער. איך האָב געאַרבעט אין די קאַשאַרן מיט אַלטער מיקוליצקי דעם מאָלער, אסתר איצקאָוויטשס פאָטער. אַזוי האָב איך געאַרבעט עטלעכע וואָכן. דאָרט האָט אויך געאַרבעט שבתאי גאידא און חיים וויניאַצקי. איך האָב אָנגעהויבן זוכן אַ רעטונג.

אין אַ געוויסן טאָג האָב איך זיך באַקענט מיט אַ זשאַלודאָקער, ברוך לעווין. איך האָב אים דערציילט, אַז איך וועל אינגיכן אַוועקגיין אין וואַלד. האָט ער מיך געבעטן וואַרטן נאָך עטלעכע טעג.

אין אַ געוויסן טאָג איז צו מיר צוגעגאַנגען ברוך לעווין און געזאָגט איך זאָל וואַרטן נעבן דעם הויז פון פּופּקאָ דעם קצב. איך בין געקומען אויפן באַשטימטן פּלאַץ און דאָרט געטראָפן נאָך ייִדן. איך האָב מיטגענומען מיט זיך אַ נאַגאַן און מיר זענען אַרויס פון געטאָ מיט צוויי וועגווייזער: נתן פונט און יצחק מאַנסקי, וועלכע זענען געקומען פון וואַלד ברענגען אַ דאָקטאָר אין אָטריאַד.

מיר זענען אַרויס דורך דעם בית־עולם צו דער לידזייקע, דורכגעגאַנגען דעם טייך און אָנגעקומען אין ראשליאקי. מיט אונדז זענען אויך מיטגעגאַנגען ד"ר מיאַסניק מיט זיין פרוי און קינד, יצחק מאַנסקי און אַנדערע.

מיר האָבן געטראָגן 13 ביקסן, איין פּולעמיאָט, איין אויטאָמאַט און האַנט־גראַנאַטן. פאַרטאָג זענען מיר שוין געווען לעבן ניעמאַן, איבערגעגאַנגען דעם ניעמאַן און אָנגעקומען אין אָטריאַד. דאָרט האָב איך געטראָפן פיל באַקאַנטע פון זשעטל. זיי האָבן אונדז זייער שיין אויפגענומען. מען האָט מיר געגעבן אַ ביידל ביזאַמען מיט נאָך 4 פאַרטיזאַנער.

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום איז אַ גרופּע אַוועקגעגאַנגען מיט דער אויפגאַבע אויפצורייסן אַ צוג. איך האָב אויך געוואָלט גיין, נאָר זיי האָבן מיר נישט דערלויבט, ווייל איך בין נאָך געווען אַ פרישער. זיי זענען צוריק געקומען און מיט זיך געבראַכט צוויי ביקסן, צוויי מאַנטלען און צוויי פּאָר שיך.

צומאָרגנס איז געווען אַן אַבלאַווע. מען האָט אַרומגערינגלט די גאַנצע פּושטשע. די דייטשן האָבן אַראָפּגעבראַכט פון פראָנט עטלעכע דיוויזיעס, אַן ערך 35 טויזנט זעלנער. זיי האָבן באַזעצט אַלע דערפער און אַלע קליינע שטעטלעך. אונדז איז געבליבן נאָר איין וועג — צו גיין אין אַ צווייטער פּושטשע. די פּושטשע האָט געהייסן „וואָלטשע נאָרי", אין דער ריכטונג פון סלאָנים. אונדז האָט געפירט דער קאַפּיטאַן סעניצקי און בולאַק. מיר זענען געווען 2000 פאַרטיזאַנער, געגאַנגען דורך טייכן און בלאָטעס און אָנגעקומען נעבן סלאָנים. דאָרט האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט אין אַ וואַלד אָפּרוען זיך. דערווייל האָט די אַבלאַווע זיך געענדיקט און מען האָט אָנגעהויבן קלערן וועגן גיין צוריק. די איבעריקע פאַרטיזאַנער מיטן קאַפּיטאַן סעניצקי האָבן געוואָלט גיין אין „וואָלטשע נאָרי", נאָר די ייִדן האָבן נישט מסכים געווען. האָבן זיך געשאַפן גרופּעס. איך, צוזאַמען מיט אַ גרופּע פון אַכט מאַן זענען אַוועק אין אָרליאַנסקן אָטריאַד אין אַלטן לאַגער.

אויך דאָרט איז מיר נישט געפעלן געווען, האָב איך צוזאַמען מיט איינעם פון לידע, פליישער, מיט זיין ווייב, אַוועק אין די בעליצער „סעמיינע" גרופּעס. דאָרט האָב איך געטראָפן ברוך לעווין, נתן פונט און יצחק מאַנסקי. זיי האָבן מיך זייער פריינדלעך אויפגענומען אין זייער זיעמליאַנקע און געבעטן איך זאָל מיט זיי בלייבן. איך האָב זיי נישט געגעבן קיין קלאָרן ענטפער.

ווען איך האָב זיך דערוויסט עטלעכע קילאָמעטער, האָב איך געטראָפן פאַרטיזאַנער פון אָרליאַנסקיס אָטריאַד. זיי האָבן געהאַט די אויפגאַבע צונויפצוקלייבן אַלע פאַרטיזאַנער, וועלכע די דייטשן האָבן צעטריבן. צווישן די פאַרטיזאַנער מיט וועלכע איך האָב זיך געטראָפן זענען געווען: שלום גערלינג און ישראל בוסעל. זיי האָבן מיר פאַרגעלייגט זיך אָנשליסן אין זייער אָטריאַד. איך האָב נישט מסכים געווען און זיי דערקלערט, אַז איך פאַרבלייב דאָ מיט די לידער, מיט וועלכע איך בין צוזאַמען אַרויסגעגאַנגען פון געטאָ. ישראל בוסעל איז געווען איינשטימיק מיט מיר, נאָר שלום גערלינג האָט זיך איינגעעקשנט, אַז איך זאָל אָפּגעבן מיין געווער. איך האָב נישט געוואָלט אָפּגעבן דאָס געווער, נאָר איך האָב געזען, אַז איך קען מיט זיי גאָרנישט מאַכן, ווייל

זיי זענען געווען עטלעכע און איך איינער, האָב איך זיי אָפּגעגעבן און געבליבן אָן געווער.

ביי אַ פּייערל זענען געזעסן עטלעכע בעליצער. איך בין צו זיי צוגעגאַנגען און געפרעגט זיי צי איז דער ניעמאַן פאַרפרוירן. האָבן זיי מיר אָפּגעענטפערט, אַז אין מאַנכע ערטער איז ער פאַרפרוירן און אין מאַנכע ניט. איינער אַ בעליצער, איסער בערל סטאָצקי, האָט זיך זייער פאַראינטערעסירט פאַרוואָס איך פרעג, האָט ער מיך געפרעגט וואָס איך קלער צו טאָן. האָב איך אים געענטפערט, אַז איך וויל גיין צוריק אין געטאָ, דאָרטן האָב איך נאָך אַ סך חברים, וואָס האָבן געווער; מיר וועלן נאָך צונויפשטעלן אַן אייגענעם אָטריאַד. ער האָט מיך אָפּגערעדט פון דעם פּלאַן. ער האָט גאָרנישט געקענט אויפטאָן. איך האָב אים געזאָגט, אַז דאָס איז מיין באַשלוס. אַז ער האָט געזען אַז ער קען גאָרנישט מאַכן, האָט ער אַרויסגענומען הונדערט רובל און מיר דערלאַנגט, זאָגנדיק דערביי צו איינעם, יאָסעלעוויטש, ער זאָל מיר העלפן איבערגיין דעם ניעמאַן. משה יאָסעלעוויטש איז מיט מיר אַוועקגעגאַנגען און ער האָט מיך אַריבערגעפירט דורך דעם ניעמאַן. איך בין אַוועק גלייך מיטן שאָסיי קיין לידע. איך בין אָנגעקומען קיין לידע זעקס אַזייגער אינדערפרי.

קיין לידע בין איך אָנגעקומען זעקס אַ זייגער אין דערפרי. ס'איז געווען נאָך פינצטער. ווען איך האָב זיך דערנענטערט צו די פּוילישע מאַגילקעס האָט צו מיר דערלאַנגט אַ געשריי אַ דייטש: „האַלט!".

איך בין צוגעגאַנגען לאַנגזאַם צו אים, און ער האָט מיך באַטראַכט. איך בין געווען אָנגעטאָן אין אַ לאַנגן פּעלץ, אין קעשענע האָב איך געהאַט אַ גראַנאַט, וואָס איך האָב באַקומען פון יצחק מאַנסקי. איך האָב געגלייבט, אַז דער גראַנאַט וועט נישט פונקציאָנירן. נאָר איידער דער דייטש האָט אָנגעהויבן צו מיר צו רעדן, האָב איך אַ וואָרף געטאָן דעם גראַנאַט און דער גראַנאַט האָט אויפגעריסן.

איך בין געלאָפן און געהערט אַ שיסעריי, נאָר איך בין שוין געווען ווייט. געקומען קיין ראַשליאָקי צו מיינעם אַ פּויער. ווען ער האָט מיך דערזען איז ער געוואָרן דערשטוינט. איך האָב געוואָלט אַריינגיין אין געטאָ, נאָר ער האָט מיר געזאָגט, אַז נעכטן האָט מען אַרומגערינגלט דעם געטאָ און מען האָט אַרויסגעפירט אַ סך יידן, וווּ ווייסט מען נישט. מ'האָט געזאָגט אויף אַרבעט. דער פּויער האָט מיר געראָטן, איך זאָל בלייבן ביי אים אין דאָרף ,זי דאָויסרוען און נאָכהער וועט מען זען וואָס ס'איז דאָ צו טאָן. אַזוי איז טאַקע געווען. איך בין אַוועק אין זיין דאָרף יאַשקאָווצי. איך בין צו אים אַריין אין שטוב. מיך האָט באַגעגנט זיין מוטער, זי האָט מיך זייער שיין אויפגענומען, געגעבן עסן און האָט זיך פאַר מיר פאַרטרויט, אַז ביי איר געפינען זיך נאָך לידער יידן, נאָר זיי זענען באַהאַלטן, ווייל יעדע מינוט גייען אַריין צו איר פאַרטיזאַנער פון אָטריאַד „איסקראַ", וועלכע זענען גרויסע אַנטיסעמיטן. זי האָט מיך אַריינגעפירט אין אַ צווייטן צימער און איך האָב דאָרט דערזען צוויי מענער און צוויי פרויען. דאָס זענען געווען: אידל נאַרקאָנסקי מיט זיין פרוי און ברוך זשערמונסקי ז"ל מיט זיין פרוי.

דער פּויער האָט מיר דערציילט, אַז אין אָטריאַד „איסקראַ" נעמען זיי נישט אַריין קיין יידן, ווייל זיי זענען אַנטיסעמיטן. אויף מיין פראַגע וואָס זאָלן מיר טאָן, האָט מיר דער פּויער געענטפערט, אַז אין אָטריאַד געפינט זיך אַ קאַפּיטאַן, זייער אַן אָרנטלעכער מענטש און עס איז כדאַי מיר זאָלן מיט אים ריידן.

ביינאַכט איז געקומען דער קאַפּיטאַן און מיר האָבן זיך מיט אים געטראָפן. ער האָט אונדז געזאָגט, אַז ביי זיי אין אָטריאַד וועט מען אונדז נישט צונעמען, ווייל דאָרט הערשט אַ שטאַרקער אַנטיסעמיטיזם. ער האָט אונדז פאָרגעלייגט, אַז מיר זאָלן גרינדן אַ יידישן אָטריאַד. האָבן מיר באַשטימט, אַז איך זאָל גיין אין לידער געטאָ, כדי צו אָרגאַניזירן אַ גרופּע פון יידישע פאַרטיזאַנער.

איך בין אַריין אין געטאָ און דערציילט וואָס דער קאַפּיטאַן פון די פאַרטיזאַנער האָט אונדז געראָטן. ס'האָבן זיך געמאָלדן אַ סך, נאָר אויף צומאָרגנס, ווען מיר האָבן באַשלאָסן אַרויסצוגיין פון געטאָ, זענען געקומען בלויז זעקס מאַן. צווישן זיי זענען געווען: פּאָליאַטשעק, טיגער ז"ל און מייקע פון זשאָלודאָק.

מיר זענען אַרויס פון געטאָ און אָנגעקומען קיין יאַשקאָווצי. דאָרט האָט שוין אידל נאַרקאָנסקי געוואַרט אויף אונדז.

ביינאַכט איז צו אונדז געקומען דער קאַפּיטאַן, און זעענדיק, אַז אונדזער צאָל איז זייער קליין, האָט ער אונדז געהייסן קומען אין אָטריאַד, אפשר וועט ער אונדז קענען העלפן.

מען האָט אונדז אַוועקגעשטעלט אָן אַ זייט און איינער האָט באַטראַכט יעדן פון אונדז באַזונדער. דאָס איז געווען פּיעטקע. זיין אָטריאַד איז געקומען אין דעם ראַיאָן אַראָפּוואַרפן אַ צוג פון די רעלסן. ער האָט צום סוף געזאָגט, אַז מיר זענען נישט קיין קעמפער. אָבער אויף מיר האָט ער געוואָרפן אַן אויג און געפרעגט, צי איך בין אַ דאָקטאָר. איך האָב אינעווייניק געלאַכט און געענטפערט: „ניין, איך בין אַ מאַלער, אַ זון פון אַ שוסטער. אויב ער דאַרף האָבן אַ דאָקטאָר, קען איך ברענגען אַ דאָקטאָר פון געטאָ.

ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער דאַרף האָבן אַ צאָן־אַרצט.

ער האָט מיר געגעבן צוויי פאַרטיזאַנער און איך בין אַוועק צוריק אין געטאָ.

דאָס געטאָ איז געווען שטרענג באַוואַכט און מ'האָט נישט געקענט אַריינגיין.

מיר האָבן זיך צוריק אומגעקערט און געמאָלדן דעם קאָמאַנדיר. דערווייל איז דער אָטריאַד „איסקראַ" אַוועק פון דעם פּלאַץ און איך האָב קיינעם פון מיינע באַקאַנטע שוין נישט געטראָפן.

פרעגט מיך פּיעטקע דער אַנטיסעמיט, צי איך וויל גיין מיט זיי. איך האָב נישט געהאַט קיין אַנדער ברירה און אַוועק מיט זיי. מיר זענען געפאָרן איבער פעלדער און וועלדער ביז מיר זענען אָנגעקומען אויף אַ פּלאַץ. פון דעם פּלאַץ האָט פּיעטקע אַלעמען צעשיקט און איך בין געבליבן מיט אַ פּולעמיאָטשיק. מיר האָבן זיך געלייגט אין וואַלד אויף דער ערד אָפּרוען. איך מיטן פּולעמיאָטשיק האָבן זיך געריפן דער לינקער פליגל, אַלע זענען מיר געווען אָנגעטאָן אין ווייסע קיטלען, כדי זיך נישט אָפּשיידן פון שניי.

מיט אַמאָל האָט זיך דערהערט אַ פייף און דער צוג איז אַרויס פון דער סטאַנציע. אין עטלעכע מינוט אַרום איז דער צוג געווען נעבן אונדז און עס האָט זיך דערהערט אַן אויפרייס, אַז די ערד האָט אַ ציטער געטאָן און עס איז געוואָרן ליכטיק אין וואַלד. פּיעטקע האָט געגעבן אַ באַפעל: „שיסן!"

און עס האָבן זיך באַוויזן קוילן גרינע, רויטע און בלויע. עס האָט געדונערט אַ 10 מינוט און ס׳איז געוואָרן שטיל. יעדער האָט זיך גענומען אויפהייבן פון אָרט. איך בין צוגעגאַנגען נענטער צום צוג און געזען ווי די וואַגאָנען ליגן אין ראָוו.

אַריינקוקנדיק אין איין וואַגאָן, האָב איך דערזען אַן אויסגעפּאַשעטן דייטש ליגנדיק באַהאַלטן הינטער אַ באַנק. כ׳האָב נישט געוואַרט ער זאָל אויף מיר שיסן. איך האָב געהאַט ביי זיך אַ באַגנעט.

דער וואַגאָן איז געווען פול מכל טוב. כ׳האָב אַ כאַפּ געטאָן וויפיל כ׳האָב געקענט פּאַפּיראָסן און שנאַפּס און לויף צו דער גרופּע. געבראַכט זיי דאָס „רויב" און דערציילט ,אַז כ׳האָב פאַרענדיקט אַ דייטש. מיר זענען צוזאַמען נאָכאַמאָל צוגעגאַנגען צום צוג, אויף שנעל געכאַפּט וואָס ס׳האָט זיך געלאָזט, דער עיקר פּאַפּיראָסן, שנאַפּס, מאַרמעלאַדע, וכדומה.

פאַרן אָפּטרעטן, האָב איך אַ געשריי געטאָן צו די חברים: „לאָמאי פּאסודו" (אויף רוסיש: ברעך די געשיר), כדי נישט איבערלאָזן קיין גאַנצע זאַך פאַר די דייטשן. — פון דעמאָלט אָן איז מיר צווישן די חברים געבליבן דער צונאָמען „לאָמאַי פּאסודו".

**פישל ביאלוברודה**

# „ונקם ישיב לצריו" (דברים לב, מג)

לאחר שנתקבלתי לפלוגת הפארטיזאנים „איסקרה", עבדתי תחילה כספר לרגל מצב בריאותי המעורער. עם שיפור מצב בריאותי ביקשתי מהמפקד לשתפני בפעולות חבלה.

במאי 1943 יצאתי בקבוצה שמנתה 7 איש לקוו מסילת הברזל לידא—גאביה. ששת חברי נשאו נשק ולי לא ניתן נשק בגלל בריאותי הרופפת, והוטלה עלי פעולת בילוש.

עברתי את הנהר שהפריד בין היער לבין מסילת הברזל. כשנוכחתי לדעת שאפשר להתחיל בפעולה אותתי לחברי. הם התקרבו מסרו לידי את חומר־הנפץ והתקרבנו למסילה. באותו רגע הבחנו מרחוק בקבוצה של 17 חיילים גרמנים. הסתתרנו מיד בין השיחים. הגרמנים עברו על ידינו מבלי להרגיש בנו. ואחד מהם נעמד בסמוך אלי והרטיב אותי במי־ההפרשה מגופו.

לאחר שהתרחקו, שמענו מתחנת הרכבת בגאבייה את הצפצוף שבישר את יציאת הרכבת. חפרתי מתחת למסילה, השני הכניס את חומר הנפץ, אני קשרתי אותו אל הפתיל וחבר שלישי משך את החוט כ־150 מטר. לאחר מכן עברתי את הנהר והחזקתי את החוט.

בהגיע הרכבת קיבלתי פקודה לאפשר לעבור לקטר ולשני קרונות שהיו עמוסים חול, ולאחר מכן משכתי בחוט. נשמעה התפוצצות ושמונה קרונות שהכילו למעלה משמונים גרמנים פצועים הועפו באוויר.

המשמר הגרמני פתח עלינו באש, ענינו ביריות ונכנסנו בשלום היערה. בדרך היה עלינו לחצות את הניימאן. מצאנו סירה סדוקה וחמישה אנשים מאתנו נכנסו לתוכה. הרגשתי מיד שהסירה לא תגיע לחוף, קפצתי מתוכה והמשכתי דרכי בשחיה וארבעת חברי הנותרים טבעו. בשובנו לבסיס דיווחתי על פעולתנו וזכיתי לתודה פומבית מפי המפקד.

בשנת 1943 לפני הקציר החלו הגרמנים במצוד גדול על בסיסי הפארטיזאנים. לצורך זה הוציאו מהחזית עשרות אלפים חיילים חמושים בכל סוגי הנשק הכבד והקל.

זמן קצר לפני שהחל המצוד חליתי במחלת עור, קיבלתי חופשה לחמישה ימים וגרתי בכפר אולבובקי. לפתע הגיעה בריצה בעלת־הבית והודיעה לי כי הגרמנים מתקרבים. יצאתי בחופזה מן הבית ופגשתי את הפוליט־קומיסאר פדיאן ואת הפארטיזאנית וואַלייה. פלוגת הפארטיזאנים שכנה בכפר הקטנטן כיטראיי, והכפר בו נמצאתי כבר היה מוקף כולו.

התחלנו לפרוץ את טבעת המצור. הגרמנים ירו בנו מנשק אוטומאטי וזרקו רימונים לעברנו. באפיסת כוחות הגענו בריצה לכפר הזעיר (חוטור) כיטראיי. מצאנו במקום את איש המשמר בלבד, הוא מסר לנו שהפלוגה פנתה לעבר היער העבות (פושצ׳ה) נאליבוקי והראה לנו את הדרך המובילה לשם.

אך ככל שהתקדמנו אגב חיפושים איבדנו את הכיוון הנכון. בדרך פגשנו במשפחת גינזבורג: האב, האם, שתי בנות ובן; הם ידעו את הדרך והדריכו אותנו נכונה.

בשארית כוחותי נגררתי אחרי כולם, רגלי כבר סירבו להישמע לי. בכפר מיקולאייה ליד הניימאן אפסו כוחותי כליל, נשארתי בכפר וחברי המשיכו דרכם. לפתע ניגלתה לנגד עיני פלוגתי בעוברה את נהר הניימאן. הצטרפתי לפלוגה והמפקד הושיבני בעגלה שהובילה מצרכי מזון.

ביער העבות של נאליבוקי פגשנו פלוגות נוספות. לאחר לינת לילה, למחרת בבוקר, הודיע מפקדנו סאשקא קאנגאוו שהואיל ובמקום בו אנו חונים נהייה צפויים למחסור במזון, החליט לפרוץ את קווי הגרמנים ולהתקדם לצד ליטא, לעבר ווילנה.

בלילה שלחנו חוליית־בילוש בכיוון מסילת הברזל יוראצישקי. החולייה חזרה ומסרה שאת מסילת הברזל ניתן יהיה לעבור רק בתנאי קרב.

בלית ברירה נערכה פלוגתנו לקרב. אני נקבעתי כתותחן.

התמקמתי 20 מטר מקו מסילת הברזל. במרחק של מחצית קילומטר משם עמד משמר גרמני. זיקוקיות (רקטות) הועפו בלי הרף, אך הגרמנים לא גילו אותנו.

אנו עמדנו ליד התותחים עד שהפלוגה כולה עברה ללא תקלות. לאחר מכן עברנו גם אנחנו.

כשהגענו לכפרים הזעירים (חוטורים) הראשונים מאחורי

ז׳מיסלובה, החלו הליטאים להמטיר אש עלינו. לא ענינו כדי שלא יתגלו עקבותינו. התקדמנו מרחק של קילומטר אחד מז׳מיסלובה והיה בדעתנו ללון ביער. הגשם והקור חדרו לעצמותינו. כשהתכוננו למנוחת לילה הוקפנו לפתע ע״י הגרמנים ומטר יריות ניתך עלינו מכל עבר מתותחים ומכונות־יריה.

המפקד ציווה לפרוץ את טבעת הכיתור. מאיתנו נפלו שני קורבנות: ראש המחלקה המיוחדת ולאה גרודז׳ינסקי, מהגרמנים נפל חייל אחד.

לאחר שפרצנו את השרשרת הגרמנית שנתהדקה סביבנו, החלטנו לנקום בליטאים שהלשינו עלינו. המפקד שלח אותי ועוד שלושה פארטיזאנים לשרוף 3 חוטורים, הואיל ואחד הרועים סיפר לנו שמהם יצאו המלשינים. לא מצאנו בחוטורים נפש חיה ושילחנו אש בביקתות.

התקדמנו בעומקה של ליטא, אך לא יכולנו להחזיק שם מעמד, הואיל והאוכלוסיה היתה נגדנו. יחד עם זאת הודיעה לנו חוליית הבילוש שהגיעה מהמזרח שהמצוד שם הגיע לקיצו והכוחות הגרמניים פונים עכשיו לעבר ליטא.

המפקד הראשי מסר את הפיקוד לוואסילייב כדי שיעביר אותנו קבוצות קבוצות חזרה למקומות שבהם שהינו תחילה, ו־28 איש בראשותו של הקומיסאר גרישקו נשארו כדי לנקום בכפר ז׳מיסלאבה. בקרב פלוגת הנקמה היו שני יהודים, אני והיהודי פוזריצקי שכונה בשם־לווי צ׳אפאיעוו הואיל ובזמן מצוד הציל את החטיבה כולה.

תפקידנו היה למצוא את המלשינים ולנקום בהם ולארגן שנית חטיבת פארטיזאנים נוספת.

תחילה נכנסנו לעיירה ז׳ירמון לקבל בגדים. הגענו בשמונה עגלות. במרחק של קילומטר מהעיירה נשארתי לשמור על 8 העגלות ועל האיכרים בעלי העגלות. כל יתר חברי הפלוגה נכנסו לעיירה. אך לא חלפו כ־10 דקות ולאוזני הגיע זימזום של מכונות ירייה וקולות נפץ של תותחים. לפתע הגיע אלי אחד הפארטיזאנים וציווה להחזיר את העגלות ולהתרחק. ציוויתי לאיכרים להחזיר את העגלות. אחד לא אבה להאזין לפקודתי, אזי יריתי ברגלו, יתרם התרחקו מחצית קילומטר מהמקום. כאן נתעכבתי לחכות לאנשי הפלוגה שחזרו כעבור זמן קצר.

החלטנו לחזור למקומותינו הישנים. בדרך עברנו בחו־טורים שבסביבת העיירה ז׳ירמון. עלי ועל פארטיזאן נוסף הוטל לגייס שבע עגלות. אזי פנינו לעבר החוטורים. כשרק נכנסנו לכפר הראשון, נפתח חלון ומכונת־יריה פתחה עלינו ביריות. חברי נהרג מיד ואני מיהרתי להודיע לפלוגה שעמדה במרחק $1\frac{1}{2}$ ק״מ מהכפר על „קבלת הפנים״ שנערכה לנו.

המפקד ציווה על כל 27 אנשיו לחזור ולהקיף את הכפרים. לאחר הכיתור הוצאנו את כל האיכרים מהבקתות ושאלנו מי היו היורים. הם ענו שבאותו זמן הגיעו גם גרמנים וליטאים לשדוד עגלות וכעת ברחו.

לקחנו איתנו 10 איכרים, הובלנו אותם היערה והודענו להם, שאם לא יגלו לנו מי היו היורים — נירה בהם. הם בכו וזעקו שאינם אשמים ושרק הגרמנים והליטאים ירו. המפקד שלנו נוכח לדעת כי אמת בפיהם, אזי שיחרר אותם וציווה עליהם לקבור את חברנו שנורה. לאחר שחזרנו לבסיסנו הקודם היה מצב בריאותי מעורער ואזי עבדתי באופן זמני שוב כספר.

ביום בהיר אחד נכנס אלי אחד המפקדים. דיאַמושקין והתנפל עלי בחרפות ובזילזולים:

„ללחום אינך רוצה, אף יהודי אינו רוצה ללחום, משום כך הייתי יורה בכולכם״.

התאוננתי בפני המפקד הראשי והוא הוריד אותו לדרגת חייל פשוט וגזר־הדין הוקרא באוזני כל הפלוגה. לאחר מכן יצאתי לפעולות חבלה. באוגוסט 1943 יצאתי עם עוד 5 אנשים ביניהם שני יהודים — אַרליוק ווילנסקי — בכיוון ללידא. בלילה הראשון לא יכולנו להתקרב למטרה בגלל השמירה הקפדנית.

בלילה השני נשארנו ללון בכפר בארקי. ארליוק ווי־לנסקי שמו את המוקש תחת פסי הרכבת, התרחקו 500 מטר מהמקום וחיכו. כעבור שעה הגיעה הרכבת וארבע קרונות עמוסים מצרכי מזון הועפו באוויר.

התחלנו לסגת במהירות. סביבנו היו מארבים ומטר כדורים ניתך עלינו מכל עבר. רצנו 10 ק״מ ובאפיסת כוחות היגענו לכפר בארקי. מצאנו שם חברים והרימונו כוסות להצלחת המבצע.

באחד הימים בשובי מפעולת חבלה ליד לידא פגשתי את הנוצריה יוז׳קה שהלשינה עלי בשעה שהסתתרתי במרתף בלידא. היא רצתה לברוח, אך אני עצרתיה והבאתי אותה למחננו. היא נשאה אתה 30 כדורים וטענה שהיא מספקת כדורים לפארטיזאנים. שלחנו חוליית חקירה שאישרה את הודעתי, שהיא מרגלת. החזיקו אותה במעצר חודש ימים ולאחר מכן הוציאוה להורג.

במשך הזמן הורגש במחננו מחסור בנשק הואיל וגייסנו פארטיזאנים חדשים. כדי להשיג נשק השתמש המפקד הראשי שלנו בתחבולה זו: הוא שלח לכפר פודזין ליד שקלאנה הוטה 6 פארטיזאנים יהודים בלבוש דל ובנשק קלוקל. הם נכנסו לכפר וביקשו להוציא את כל הפרות. הם העמידו פני שיכורים, ביקשו לחמם למענם את בית־המרחץ ולהמציא להם 10 ליטר יי״ש. הכוונה היתה לגרום לכך שאוהדי הגרמנים בכפר ירוצו להלשין עליהם.

באותו זמן הושם מארב ליד הכפר. אנשי המארב הבחינו שארבעה איכרים ממהרים העירה למסור על הנעשה בכפר לגרמנים. והנה הגיעו מהעיר שתי מכוניות משא ושמונה עגלות עם מפקד המשטרה בראש כדי לאסור את היהודים.

כשהתקרבו לכפר פתחו אנשי המארב באש משני הצדדים והרגו 7 גרמנים ולמעלה מחמישים שוטרים. בין ההרוגים היו גם ארבעת המלשינים. אנו זכינו לשלל רב.

הנשק שנפל לידינו הספיק בשביל 68 פארטיזאנים.

5 שוטרים לקחנו בשבי. שניים מהם היו רוצחים ותיקים ששפכו דמם של יהודים רבים בלידא. אחד נורה במקום. 4 הובלנו למחנה. שניים מהם הרגנו אני והפוליטרוק טארוטקין.

שניים השארנו בחיים לשם תעמולה בקרב השוטרים. לאחר שבועיים עלה בידם לברוח. אזי העברנו מכתב בשביל שני השוטרים הללו שבו אנו מודים להם על הנשק שהם סיפקו לנו. המכתב גרם לידי כך ששניהם ניתלו ע״י הגרמנים.

לאחר מכן נודע לנו ש„הפולנים הלבנים״ משתפי הפעולה עם הגרמנים, היושבים בכפר דאקודובו, זוממים להתנפל עלינו. כדי לקדם פעולה זו העמדנו משמרות לאורך 50 ק״מ על גדות הניימאן. מעברו השני של הנהר עמדו משמרות של „פולנים לבנים״.

ביום בהיר אחד בעת קציר חטים קלטה אזני רחש־רעש

במחנה. חוליית־הבילוש הודיעה ש„הפולנים הלבנים" עברו את הניימאן בששה מקומות והם מתקרבים למחננו.

מפקדנו פנה מיד בבקשת עזרה למפקד הבריגדה וואסי־לייב. הואיל ורובה של הבריגדה נשלח למלא תפקידים שונים, לא קיבלנו עזרה ונאלצנו ללחום בכוחות עצמנו. באותו זמן הגיעו אלינו חוליות הבילוש של וואסילייב והודיעו שהפולנים מתקדמים מארבעה צדדים. במחנה קמה בהלה. אזי ריכז המפקד את כל מחנהו במקום אחד.

בידעי שהמשפחה היהודית באקשט: אב ואם, בן ובת נמצאים בכפר סמוך — אלטבקי, ביקשתי רשות מהמפקד ללכת להצילם. המפקד יעץ לי לא ללכת הואיל והכפר מוקף. מבלי להתחשב בכך יצאתי לדרך.

כחץ מקשת הגעתי ברכיבה למשפחת באקשט וביקשתי מהם לברוח יחד אתי. אך באקשט לא רצה להאמין, כי הסכנה קרובה. נכנסתי לכפר פנימה כדי לראות את הקומנדאנט של אלטבקי, אזי נתקלתי במטר יריות. רכבתי חיש מהר חזרה למשפחה היהודית ויחד ברחנו ליערות קראביץ'.

לאחר מכן חזרתי שוב לאלטבקי להיוודע על גורל פלוגת הפרטיזאנים שלנו. מפי אחד האיכרים נודע לי שהם יצאו למארב ביערות קראביץ'. תפסתי סוס ונכנסתי לכפר פנימה. לרוע מזלי נתקלתי בקבוצת תותחנים פולנית שפתחה עלי באש. הסוס נפגע ונפל ואני נשארתי שוכב על הארץ. בהיותם סבורים שנהרגתי חדלו הפולנים לירות עלי. ניצלתי הפוגה זו והתחלתי לברוח לעבר היער. בדרך פגשתי את פלוגת הפרטיזאנים שלנו שהתקדמה לעבר הכפר. הפולנים לא נכנסו לקרב אלא זרקו נשקם וברחו. אני זרקתי על הבורחים רימון גרמני.

הפולנים ברחו לכפרים: וואסילייביץ' וקריביצ'י. בקרי־ביצ'י עדיין נשארה פלוגה פולנית. הם ירו לעברנו בתותחים. אזי כיתרנו אותם והרגנו 13 מהם. אחד מהם שהיה פצוע זעק שהוא פרטיזאן מפלוגת „איסקרה". ניגשתי אליו, בדקתי את ניירותיו, והתברר שהוא מרגל פולני. לקחנו אותו אתנו והוצאנו אותו להורג. „הפולנים הלבנים" נסוגו והשאירו 88 הרוגים.

השלל שנפל בידינו היה: 2 תותחים, 88 מכונות יריה ושמונה רובים. הרוגים רבים לקחו הפולנים אתם. אנו רדפנו אחריהם עד לכפר וואסילייביץ'.

מצד וואסילייביץ' חזרה בינתיים קבוצת פרטיזאנים שלנו מפעולות חבלה, והם הצליחו לקחת מהפולנים 26 סוסים ולהעבירם היערה. 3 ימים שהינו ביערות קראביץ' ולאחר מכן חזרנו לבסיסים שלנו.

ביוני 1944 החלו הגרמנים במצוד גדול על פלוגת הפר־טיזאנים. אווירונים גרמניים עקבו אחרינו ושרפו את הכפרים: דאקודובה, פודזין, נארקי ואחרים.

מפקדנו הראשי ציווה לחפור שוחות עמוקות, ובבתי־אדמה אלה שכבנו 8 ימים.

פעם הבעירו הגרמנים את הכפר אולחובקי. יצאנו לכבות את השריפה וכשהינו בכפר הפציצו אותו הגרמנים ובקושי נמלטנו היערה.

כשחזרנו נודע לנו שהצבא הרוסי נמצא כבר בנובוגרודק. כל הבריגדה שלנו קיבלה פקודה להתקדם לעבר לידא. הפלוגה שלנו היתה הראשונה. חיל־החלוץ הודיע שהרוסים מתקדמים לעבר לידא מצד אחד והגרמנים בורחים מן הצד השני. בדרך, ביערות, תפסנו 18 גרמנים. אני ויאשקה גרנבל הובלנו אותם. לאחר מכן ציווה המפקד גלאכאוו להוציא אותם להורג. לקחתי מכונת ירייה ומלאתי את הפקודה.

בכניסתנו ללידא תפסנו איש ס.ס. שהבעיר את הבתים בבנזין. אני תפסתי אותו, שפכתי עליו בנזין, הדלקתי גפרור ונתתי לו לרוץ עד שנפל.

בלידא תפסתי את זאייאץ, איש גסטאפו ומלשין והבאתי אותו בפני מפקד העיר. המפקד שיחרר אותו כדי לא לגרום בהלה בעיר, אך לאחר מכן הוא נשפט לעשר שנות מאסר ועבודת פרך.

אַנגעשיכורט, ווען זיי האָבן זיך אין לאַגער צוריקגעקערט, איז זי אַריין אין שטאַל, אַראָפּגעטריבן די קי, אַראָפּגענומען דאָס שטרוי און די ברעטער, אַ האַלב־טויטע מיך אַרויסגענומען פון גרוב, אַריינגענומען אין שטוב און אַ ביסל אַרומגעוואַשן, געגעבן עסן און אַרויפגעשטופּט אויף דער פּריזבע און צוגעדעקט מיט שמאַטעס. אַזוי איז אַדורך דער ערשטער מעת־לעת.

פאַרן זון־אויפגאַנג, ווען נאַכט און פרימאָרגן האָבן זיך נאָך געראַנגלט, האָט זי מיך פון שטוב אַרויסגעפירט טיפער אין וואַלד און מיטגעגעבן עסן אויפן גאַנצן טאָג. אין אָוונט פלעג איך מיך אומקערן צוריק.

איינמאָל ביינאַכט בין איך אַריין אין שייער דורך אַ הינטערשטער טיר. זייענדיק אין שייער בין איך צוגעקראָכן צו אַ קו און מיטן מויל געזויגן די מילך ווי אַ קאַלב. אָט ווי אַ מענטש קען טיילמאָל פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ חיה.

דערנאָך בין איך אַרויפגעקראָכן אויבן אויף דער סטאַדאָלע אין היי און איינגעדעקט זיך מיט די שמעקנדיקע גראָזן. אַזוי האָב איך געטראַכט דאָרט צו שלאָפן ביז פאַרטאָג. ליידער, ווען איך בין איינגעשלאָפן האָט מיך אויפגעוועקט אַ געשפּרעך פון צוויי פּויערים, וועלכע האָבן געדראָשן אין שייער. איינער האָט געזאָגט: „צו וואָס שפּילט מען זיך נאָך מיט די לעצטע יידן? אַז מען וועט זיי פאַרניכטן וועט אַ סך גרינגער זיין דאָס לעבן", און נאָך אַזעלכע רייד.

מיר האָט זיך געדוכט ביי יעדן שאָרך, אַז דאָס גייט דער טייוול אין געשטאַלט פון מענטשן צו מיר. און אין אַזאַ מין פיינלעכער לאַגע האָט זיך דער טאָג געצויגן ווי אַ יאָר. ווען איך האָב שוין דערלעבט די נאַכט בין איך שטיל פון שייער אַרויס אַ הונגעריקע.

אָט איז נאָך אַן עפּיזאָד, וואָס איך וויל דאָ דערציילן. ביי דער זעלבער סאָניע לעבן שייער איז געווען אַ בודע מיט אַ הונט — אַ חיה! ווען ער פלעגט דערזען אַ פרעמדן מענטשן איז געווען אַ שרעק זיין רייסן זיך אויף דער קייט, און זיין בילן האָט מען געקענט הערן אויף קילאָמעטערס. אָט צו דעם הונט פלעג איך כמעט יעדע נאַכט קומען, גלעטן אים און טיילן זיך מיט זיין עסן, וואָס מען פלעגט אים אַרויסטראָגן. אויב ביי די דייטשן איז אַ ייד ביליקער געווען פון אַ הונט, האָט דער שלעכטער הונט דאָך אָנערקענט מיך אַלס חבר און מיך צוגעלאָזט צו זיך און אויך געלעקט מיך מיט דער צונג.

ווען איך וואָלט געקענט דער שטומער חיה דערציילן מיינע וויטיקן, און אפשר האָט ער עס אינסטינקטיוו געפילט?

— — אַזוי זענען פאַרגאַנגען און געצויגן זיך מיינע טעג און נעכט. בייטאָג אין די וועלדער און ביינאַכט אויף פעלדער; געשפּייזט זיך פון רויע קאַרטאָפל, תבואה־זאַנגען א.ד.גל.

שפּאַצירנדיק אַזוי איינמאָל אין וואַלד בייטאָג, האָט זיך פאַר מיר ווי עפּעס אַ שאָטן באַוויזן צווישן די ביימער. איך האָב אָנגעהויבן נאָכגיין נאָכן שאָטן ביז אין אַ געוויסן פלאַץ האָט זיך פאַר מיר אַנטפּלעקט דאָס געשטאַלט פונעם שאָטן: אַ יידיש מיידל, וואָס האָט פּונקט ווי איך, געפירט דעם קאַמף פאַרן לעבן. גאָר אַ יונגע איז זי געווען; אירע עלטערן וואָס האָבן געוווינט אין דער געגנט, זענען דערמאָרדעט געוואָרן דורך די ליטווינער. ביז אַ קורצער צייט צוריק האָט זי זיך אויפגעהאַלטן ביי פּויערים. ווען די לאַגע איז געוואָרן ערנסטער, האָבן איר די פּויערים געראָטן, פאַר איר טובה־וועגן, זי זאָל זיין אין וואַלד און נישט אין דאָרף. מיר האָבן זיך אַרומגענומען ביידע, געדריקט זיך איינע צו דער אַנדערער און געוויינט. איך — אַ מאַמע פון פאַרלוירענע קינדער; זי — אַ קינד פון פאַרלוירענע עלטערן, וואָס דער גורל האָט אונדז צוזאַמענגעבראַכט. ווי שווער ס'איז נישט געווען דאָס לעבן, האָט דאָך די באַגעגעניש אַריינגעטראָגן אַ ביסל מונטערקייט, ס'איז דאָך געווען מיט וועמען אַ וואָרט צו רעדן, פאַר וועמען וויינען און ווער ס'זאָל טרייסטן.

אונדזערע שותפותדיקע חלומות זענען געווען: זוכן אַ וועג צו קענען זיך דערשלאָגן צו אַ פּאַרטיזאַנער־איינהייט מיט דער הילף פון איינעם אַ פּויער פון דאָרף, וועלכער איז געווען אַ פאַרבינדעטער פון די פּאַרטיזאַנער־גרופּן און דורך מיין רעטער, סאָניעס פאָטער.

איך בין געווען זיכער, אַז נישט ווייט פון דער געגנט געפינט זיך די דאָזיקע איינהייט צוזאַמען מיט מיין מאַן.

ווי אַנטוישט בין איך אָבער געוואָרן, ווען איך האָב באַקומען אינפאָרמאַציעס, אַז אַ טייל פון דער איינהייט איז צעקלאַפּט געוואָרן, און אַ טייל איז אַוועק אין אַ ווייטערדיקער געגנט.

די צייט טוט ס'איריקע, דער זומער גייט צו ענדע, די נעכט ברענגען מיט זיך קעלט, און דערווייל זעט מען נאָך נישט קיין שום ענדע און וועלכע ס'איז דערנענטערונג אויסגעלייזט צו ווערן.

אַ געוויסן אָוונט, ווען מיר זענען אַריין אין דאָרף, האָב איך זיך דערוווּסט פון אַ פּויער וועגן אַ געוויסער „מאַלינע", ווו ס'זענען באַהאַלטן יידן. מיט דער הילף פון פּויער זענען מיר צוגעקומען צום פלאַץ און געטראָפן דאָרט באַקאַנטע יידן, וואָס אַ טייל פון אונדזערע לײַדן האָבן מיר דורכגעמאַכט צוזאַמען מיט זיי אין לאַגער. צווישן זיי איז אויך געווען די פאַמיליע פון דאָקטאָר, וואָס איך בין געווען דער גורם אַרויסצופירן זיי פון ווילנער געטאָ.

ס'האָט נישט געהאָלפן דאָס בעטן פון פּויער און מיינע טרערן, מען האָט געדראָט מיך צו דערמאָרדן, אויב איך וועל נישט פאַרלאָזן דעם פלאַץ.

גייענדיק צוריק אין וואַלד האָב איך צו מיין מיטבאַגלייטערין געזאָגט: „זעסט, גאָלדקע, די ביימער זענען פריינדלעכער פון מענטשן, זיי באַהאַלטן אונדז, שיצן פון רעגן, זיי וועלן אונדז אויך העלפן קעמפן פאַרן לעבן".

מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער זענען מיר געוויר געוואָרן, אַז ווייסע פּאָליאַקן מיטן נאָמען „א.ק." האָבן אַנטדעקט דעם בונקער ווו ס'האָבן זיך אויסבאַהאַלטן די יידן און האָבן אַלעמען אויסגעמאָרדעט.

מיט דער הילף און פאַרמיטלונג פון באַקאַנטע פּויערים, זענען צו אונדז דערגאַנגען ידיעות וועגן מפּלות פון דער דייטשער אַרמיי אויפן רוסישן פראָנט (סטאַלינגראַד). דאָס איז געווען דער הויפּט־גורם, וואָס האָט דערנענטערט די ליקווידאַציע פון די געטאָס. דאָס האָט אָבער אויך פאַרגרעסערט און דערמוטיקט די פּאַרטיזאַנער־גרופּן אין רוקן פונעם שונא.

די באַוועגונגען פון די פּאַרטיזאַנער, גרופּן פאַר דיווערסיע נאַכט און נאַכט, וועמענס אויפרייסן האָבן זיך געהערט איבערן וואַלד אין דער ווייט פון קילאָמעטערס, גרופּן, וועלכע האָבן אַריינגעדרונגען אין די דערפער, וואָס זענען געווען

נענטער צו די שטעט, אויף צו נעמען באשפייזונג פאר די קאמפס־אטריאדן און גייענדיק צוריק, אויספירנדיק זייער ארבעט, זייענדיק שוין אין וואלד, געשיצט פון וואלד, האבן זיי זיך דערלויבט צו זינגען. זייערע קולות, וועלכע האבן זיך אפגעשלאגן אין עכא פון וואלד, זענען דערגאנגען צו אונדזערע אויערן, האבן אונדז דערמוטיקט און אויך געוויזן דעם וועג אויף דערנענטערן און באגעגענען זיך, כדי אנצושליסן זיך אין זייערע רייען.

אין א געוויסן אוונט, הערנדיק די קלאנגען, איז פאר מיר קלאר געווארן, אז איינע פון די פארטיזאנער־גרופן דערנענטערט זיך צו דעם דארף. ס׳איז נישט געווען אזוי לייכט זיך צו טרעפן ביינאכט מיט אט די מענטשן, בפרט פאר א פרוי.

כ׳האב זיך אוועקגעשטעלט אין שוץ פון א בוים, כדי צו אבסערווירן ווער זענען די מענטשן, וועלכע פארטיזאנער, און וווהין גייען זיי.

דער גורל האט מיר אויך צוגעשפילט. איינער א פארויסגייער פון דער גרופע האט באמערקט מיין שאטן אונטערן בוים, און האט אויסגעשריען: „די הענט אין דער הייך!"

מיין בלוט איז ווי געווארן פארגליווערט אין די אדערן און איך בין שטיק געבליבן מיט אויפגעהויבענע הענט.

ס׳האט זיך דערנענטערט דער קאמאנדיר אין באגלייטונג פון עטלעכע פארטיזאנער מיט רעוואלווערן און לייכט מאשין־געווער אין די הענט.

דערזעענדיק א פרוי האבן זיי זיך ווי פאר זיך אליין פארשעמט און באזייטיקט דאס געווער.

פלוצלינג האט זיך ביי איינעם פון זיי ארויסגעריסן א געשריי. אין עכא פונעם געשריי איז געווען מיין נאמען. דאס איז געווען א רוסישער געפאנגענער, וועלכער האט געארבעט פריער אין דארף נאענט פון לאגער, ווו מיר האבן זיך געפונען. איך פלעג מיט אים אפט פירן געשפרעכן וועגן גיין אין וואלד. ער איז איצט געווען פון די קאמאנדירן פון דער גרופע. ער האט זיך צו מיר באצויגן פריינדלעך.

נאכן אויסהערן מיינע איבערלעבונגען אין וואלד און די אומשטענדן, וואס האבן מיך געבראכט אהערצו, האט ער מיר געזאגט: „ביי אונדז אין אטריאד זענען נישטא קיין פרויען", אבער ער וועט מיך מיטנעמען און וועט מיך ברענגען צו א יידישער פארטיזאנער־איינהייט, וואס געפינט זיך נישט ווייט פון זיי. „מוזט אבער שטיין דא אוןווארטן אויפן זעלבן פלאץ ביז מיר וועלן צוריקגיין און וועלן דיך נעמען".

ס׳פארשטייט זיך, אז איך האב דעם פארשלאג אנגענומען; ס׳איז דאך מיין ציל געווען. נאכדעם ווי זיי האבן דעם פלאץ פארלאזט, האבן מיר בשותפות מיט דער חברטע אנגעהויבן אויסצואַרבעטן א פלאן, וואס זאל דערמעגלעכן צו קענען איר נעמען מיטן צווייטן טראנספארט.

מיר זענען געקומען צו דער איבערצייגונג, אז פארלויפיק זאל זי זיך געפינען אין דער געגנט און מיט דער ערשטער גרופע וועט מען זיך באמיען זי איבערצונעמען צו די פארטיזאנער.

פארן אויפגיין פון מארגנשטערן האט זיך דערטראגן דאס הילכן פון מענטשלעכע טריט און דער גאנג פון פערד און וועגענער אין וואלד, אונטער דער באגלייטונג פון בילנדיקע הינט.

ס׳איז נישט לייכט געווען זיך צו שיידן צייטווייליק מיט מיך באגלייטערין און פריינדין גאלדקע, און דאס הארץ האט מיר שטארק פארקלעמט.

פון דעם מאמענט האט זיך אנגעהויבן א נייע עפאכע אין מיין לעבן.

מיט די ערשטע שטראלן פון דער אויפגייענדיקער זון האבן מיר זיך דערנענטערט צו דער באזע. נאכדעם האבן זיי מיך אפגעפירט אין דער געגנט, ווו ס׳האט זיך געפונען די יידישע איינהייט אונטער דער אנפירונג פון א געוויסער קאמיסארין — א מידל פון א ווילנער יידישער משפחה — חיענע באראווסקי.

מיינע באגלייטער האבן מיך איבערגעלאזט ביי דער ערשטער פאסט זייערער און זענען אוועק. דאס האט זיך אפגעשפילט אין רודניקער וועלדער. אין זעלבן וואלד ווו געהאפט האב איך טרעפן מיין מאן.

מיינע ליידן אבער האבן זיך דערמיט נישט געענדיקט. נאכדעם ווי דער פאסט האט צו וויסן געגעבן אין שטאב וועגן מיין אנקומען, האט זיך אנגעהויבן אן אויספארשונג פון די קאמאנדירן איבער מיר, ווי אזוי בין איך לעבן געבליבן און אנטלאפן פון די דייטשן און ווי אזוי בין איך אהער געקומען.

נאך א קורצער אויספארשונג, האט די אטריאד־קאמיסארין באשלאסן מיך נישט אריינצולאזן אין אטריאד. אויף אלע אינטערווענצן פון באקאנטע פארטיזאנער, וועלכע האבן זיך געפונען דא, און מיין אייגענעם בעטן, איז עס נישט געלונגען איינצוברעכן איר באשלוס. איר באפעל איז געווען אוועקצופירן מיך טיף אין וואלד און איבערלאזן דארט. ווען איך האב זיך צו איר געווענדעט און געזאגט: איז עס נישט פיל לייכטער צו באפעלן מיך צו דערשיסן אידער בלאנדזשען און אריינפאלן צו די דייטשן לעבעדיקערהייט? — אויף דעם האט זי קיין תשובה נישט געגעבן. איר באפעל איז אויסגעפירט געווארן.

אונטער דער באגלייטונג פון צוויי פארטיזאנער, איינער אלטמאן, (געפינט זיך אין ישראל און ארבעט אין ועד הפועל פון דער הסתדרות), דער צווייטער מאטקע (זיין פאמיליע געדענק איך נישט, ער איז דערהרגעט געווארן נאך דער באפרייאונג) בין איך אריינגעפירט געווארן אין מיטן נאכט אין טיפן וואלד. מיינע באגלייטער זענען געגאנגען הינטער מיר שטום אן ווערטער און האבן געוויינט. זיכער איז עס געווען קעגן זייער ווילן און איבערצייגונג.

נאכדעם ווי זיי האבן אויסגעפירט דעם באפעל, האבן זיי זיך חבריש מיט מיר געזעגנט און האבן מיט טרערן פארלאזט דאס פלאץ.

כ׳ווייס נישט ווי לאנג דאס האט געדויערט; אפשר האבן די פינקלדיקע שטערן אויפגעוועקט מיך און געשטויסן צו גיין צוריק. ווי די יידן ארויס פון מצרים געשיצט פון א וואלקן און געפירט פון פייער־זייל, האב איך אנגעהויבן גיין צוריק באגלייט פון דער לבנה און געפירט פון די שטערן און געטריבן דורך אן אינערלעכן כוח. ווי לאנג כ׳בין אזוי געגאנגען ווייס איך נישט. פארשווונדן זענען הינטער מיר ביימער נאך ביימער, און ווען די נאכט האט גענומען פארשווינדן און אויפן ווייטן האריזאנט האבן זיך אנגעהויבן ווייזן ליכט־סימנים פון טאג, האב איך מיך פלוצים צוריקגעפונען ביים זעלבן פאסט און זעלבן פלאץ פון וואנען כ׳בין אוועקגעפירט געווארן. ביז היינט פארשטיי איך נישט ווי אזוי כ׳בין דער־

גאַנגען. אַ וואַלד — וואָס נישט נאָר איך, אפשר אויך מיין עלטער־זיידע איז דאָרט נישט געווען — ווו חיות טוען צייטווייליק בלאָנדזשען אָדער קומען צו זייער ציל נאָר אַ דאַנק זייער אינסטינקט, שטאַרקן אוֹיג און שטאַרקן חוש־הריח. און אפשר בין איך שוין אויך פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ חיה?

ווען די פּאָסט האָט מיך באַמערקט, זענען זיי דערשיטערט געוואָרן פון מיין דערשיינונג. ווידער איז געמאָלדן געוואָרן אין שטאַב וועגן מיין צוריקקומען. ווען די קאָמיסאַרין אין באַגלייטונג פון אירע חברים זענען געקומען אויפן פּלאַץ און אויפגעצווונגען מיך צו פאַרלאָזן דאָס אָרט, האָב איך מיין גילטיקן באַשלוס געלאָזן וויסן. „כ׳גייט נישט מער אַוועק פונעם פּלאַץ. אָדער נעמט מיך אַריין, אָדער שיסט מיך!”

מיין אַנטשלאָסנקייט צוזאַמען מיט דער אינטערווענץ פונעם אָטריאַד־דאָקטאָר און נאָך חברים, האָבן ווייכער געמאַכט דאָס האַרץ פון דער קאָמיסאַרין, און זי האָט צוגעשטימט מיך אַריינצונעמען. דאָס איז געווען אין אויגוסט 1943. פון דער צייט זענען אַריינגעקומען ענדערונגען אין וויטערדיקן גאַנג פון מיין לעבן.

אין אַ קורצער צייט אַרום האָב איך אויך מיטגעווירקט, ס׳זאָל געבראַכט ווערן אין אָטריאַד מיין געוועזענע מיטליידנדיקע פון דער פריערדיקער תקופה.

דער פּאַרטיזאַנער־אָטריאַד האָט זיך געפונען ביי דער ליטוויש־רוסישער גרענעץ. אין די דאָזיקע וועלדער זענען אויך געווען נאָך אָטריאַדן ריין־אַרישע, געמישטע. אונדזער אָטריאַד איז נאָך אין יענער צייט געווען אַ ריין יידישער. און אין גרעסטן טייל געראַטעוועטע פון ווילנער געטאָ.

די ליידן און קאַמף קעגן בעסטיאַלישן היטלעריזם האָבן סוף כל סוף אַלעמען געאייניקט. די קויל פון שונא, שוועבנדיק אין דער לופט, האָט קיין חשבון נישט געמאַכט וועמען צו טרעפן. די אָפּטע פּאַרטיזאַנער־נצחונות און די מפּלות פון די דייטשן אויף אַלע פראָנטן, האָבן פאַרהיילט די אינערלעכע ווונדן און געאייניקט אַלע ריכטונגען.

אויך אין מיין פּערזענלעכן לעבן זענען פאָרגעקומען ענדערונגען. אַזוי ווי ביים אָנקומען איז מיר געווען שווער און ביטער דאָס אַריינבאַקומען זיך אין די פּאַרטיזאַנעררייען, אַזוי האָבן זיך איצט געריסן איבער מיר צוויי אָטריאַדן. פילייכט אַ דאַנק מיין וואַכזאַמקייט און איבערגעגעבנקייט צו חברים, פאַר נישט פוילן זיך אין מיין גוטער ווירטשאַפטלעכער פירונג, פאַר מוטיקער באַגלייטונג פון פּאַרטיזאַנער צו זייערע קאַמפס־אויפגאַבן און דאָס אויפנעמען זיי ווי אַ מאַמע צוריקקומענדיק אין אַ געזונטן צושטאַנד, און ווי אַ קראַנקן־שוועסטער — אין פאַרוווּנדעטן צושטאַנד. ס׳איז קיינמאָל נישט שווער געווען פאַר מיר, סיי בייטאָג און סיי ביינאַכט רייניקן זייערע ווונדן, היילן זיי מיט מיינע טרערן און שטילן זייער ווייטיק מיט קושן...

ערשט דאַן, ווען ס׳האָט זיך נאָרמאַליזירט מיין פּאַרטיזאַנער־לעבן, האָט זיך אָנגעהויבן אַ בענקשאַפט צו מיין משפחה. דורך פאַרשידענע וועגן האָב איך געזוכט צו געפינען אַ קאָנטאַקט מיט מיין מאַן. יעדעס מאָל האָט זיך מיר געדאַכט, אַז ס׳איז נאָענט דער וועג. ווירקלעך אָבער איז עס געווען זייער ווייט. כ׳פלעג באַקומען געוויסע גרוסן; אָבער אין יענע לעבנס־באַדינגונגען האָבן אַזעלכע גרוסן געקענט נאָר זיין אין דער טעאָריע. די ווירקלעכקייט האָט געוויזן, אַז 5 מינוט נאָכן רעדן מיט אַ מענטשן, האָט ער זיך שוין געקענט געפינען צווישן די, וועלכע האָבן זייער לעבנסקאַריערע געענדיקט. דאָך האָט יעדער גרוס אוֹן יעדעס וואָרט געלאָזט אַ פונק פון האָפענונג: אפשר! אפשר וועלן מיר זיך נאָך טרעפן?...

אַ סך פון די חברים, וועלכע זענען געקומען פון יענע געגנטן און האָבן מיר געבראַכט גרוסן, זענען אין אונדזערע רייען געפאַלן; אַסך פון די חברים מיט וועלכע כ׳האָב איבערגעשיקט מיינע גרוסן, האָבן זיי אין די וועלדער פאַלנדיק, מיטזיך מיטגענומען! און דאָס לעבן איז זיך געגאַנגען ווייטער...

אַ געוויסן טאָג בין איך גערופן געוואָרן אין שטאַב. צו מיין איבעראַשונג האָב איך דאָרט געטראָפן איינעם פון די האָלענדער, וועלכע זענען געווען די וועכטער פון וואקער אַרבעטס־לאַגער צוזאַמען מיטן זון פון פוילישן קאָמענדאַנט, וועלכער האָט נישט אין יידיש לעבן געהאַט אויף זיין געוויסן. נישט מיט זייער גוטן ווילן זענען זיי אין וואַלד געקומען. זיי זענען געגאַנגען אויף מענטשן־יאַגד און זענען לעבעדיקערהייט אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די פּאַרטיזאַנער.

ווען כ׳האָב אים דערזען, האָט זיך מיין בלוט אָנגעצונדן אין מיר. אָט דער מערדער, וועלכער האָט אין מיין קעגנוואַרט דערשאָסן אַ יידיש מיידל אין לאַגער; דער מערדער, וועלכער האָט מיט שפּאָט פון מיר געלאַכט ווען איך בין אַרעסטירט געוואָרן דורך דער ליטווישער פּאָליציי און געבראַכט געוואָרן צוריק אין לאַגער. נישט איין מערדערלעכן קלאַפּ פון זיינע פיס האָב איך געפילט אויף מיין קערפּער.

„קאַזשיק, דו דערקענסט מיך? ווייסטו ווער ס׳רעדט צו דיר? געדענקסטו נאָך, ווי דו האָסט געפירט די ליטווינער מיך זוכן אין וואַלד?”

אויף זיין ענטפער „ניין” — האָב איך זיך צו אים געווענדט „אויף פּאַרטיזאַניש” — צוויי קלעפּ, וועלכע האָבן גלייך געגעבן זייערע סימנים פון די ציין און פון נאָז, און זיין מויל געעפנט.

„רעזניקאָוואַ, פאַרוואָס שלאָגסטו מיך?”. „כ׳שלאָג דיך פאַר מיר, פאַר מיינע באַקאַנטע, פאַר אַלע, וואָס דו האָסט מערדערלעך געשלאָגן און געמאָרדעט, און זיי האָבן זיך נישט געקענט אַנטקעגנשטעלן”. כ׳האָב פאַרלוירן מיין מענטשלעך געוויסן און פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ חיה. כ׳וואָלט אים מיט די ציין צעריסן אויף שטיקער. כ׳בין אָבער באַהערשט געוואָרן פון מיינע חברים, וועלכע האָבן מיך צוריקגעהאַלטן און האָבן געזאָגט: „מיר וועלן דיר צוטיילן דעם כבוד נאָך דער אויספאָרשונג”.

די אויספאָרשונג איז געגאַנגען אין דער ריכטונג: וואָס האָט אים געטריבן אין וואַלד? אין וועמענס שליחות און ווי זעט אויס די דייטשע באַוועגונג אין ווילנע. וועגן לאַגער און געטאָ איז שוין קיין רייד נישט געווען. זיי זענען שוין ליקווידירט געוואָרן.

נאָך דער אויספאָרשונג האָב איך דעם כבוד צוריקבאַקומען, מיט אַ פּאָר קלעפּ אַרויסגעפירט אים אין וואַלד, ווו ס׳האָבן שוין געוואַרט אויף אים אונדזערע חברים פּאַרטיזאַנער ביים אָפענעם גרוב. ס׳האָבן זיך דערהערט צוויי זאַלפּן, וואָס האָבן פאַרענדיקט זיין קאַריערע. ווען זיין קערפּער איז אַריינגעפאַלן אין גרוב, האָט איך געפילט, אַז אַ שווערע לאַסט האָט באַפרייט מיין אָנגעווייטיקט האַרץ און געזעטיקט אַ טייל פון מיין נקמה־דורשט.

**מנחם רעזניק**

# קאַמף און נקמה

יולי—אויגוסט 1943

אונדזער פּאַרטיזאַנער־גרופּע האָט געציילט עטלעכע און אַכציק מאַן, מערסטנס אָן געווער. מיר האָבן זיך געקענט באַוועגן נאָר ביינאַכט. האָבן מיר זיך באַמיט, מיטן אָנקומען פון מאָרגן, צו דערגיין צו אַ פּלאַץ ווו מיר זאָלן באַשיצט זיין נישט נאָר פון דייטשן, נאָר אויך פון פּויערים, וואָס זענען אין גרעסטן טייל ווייט געווען צו זיין אונדזערע פריינד. מיר האָבן אונדזער ציל דערגרייכט. נאָכן פּרישטיק זענען מיר מידע אַוועקגעפאַלן רוען, איבערלאָזנדיק אַ וואַך, וואָס האָט זיך יעדע צוויי שעה געטוישט. אַזוי ביז צום זון־אונטערגאַנג, ווען מיר האָבן דעם גאַנג פאָרגעזעצט אין דער ריכטונג צום ניעמאַן.

שפּעט ביינאַכט זענען מיר פאַרביי פון איין זייט נישט ווייט פון לידע, פון דער צווייטער זייט 3—4 קילאָמעטער פון וואַסילישאָק. מיטן מאָרגנשטערן זענען מיר דערגאַנגען צום ניעמאַן אין דער געגנט פון זשעטל—איוויע.

מיט דער הילף פון פּויערים, וועלכע האָבן געוווינט ביים ניעמאַן, צי דאָס איז געווען פון זייער גוטן ווילן אָדער פון פּחד, איז אונדז געלונגען מיט זייערע שיפלעך אַריבער דעם ניעמאַן. ערשט דאָרט, אויף יענער זייט, האָבן מיר זיך געפונען אינגאַנצן אויף אַן אַנדער וועלט. אויך בייטאָג איז די באַוועגונג געווען אַ פרייע. מיר האָבן פאָרגעזעצט אין דער ריכטונג פון סלאָנים.

צוקומענדיק צו אַ געוויסן פּונקט האָט אונדז איבערגענומען איינער אַ קאָמיסאָר פון בולאַטס בריגאַדע, וועלכער האָט אונדז צעטיילט אין פאַרשידענע אָטריאַדן. דאָס איז געווען יולי־אויגוסט 1943. פון דער צייט הייבט זיך אָן פאַר אונדז אַ ניי לעבן.

דאָס פּאַרטיזאַנער־לעבן אין דער געגנט איז געווען פריי. די באַזעס זענען געווען אין די וועלדער און אין גרעסטן טייל האָבן די פּאַרטיזאַנער זיך קאָנצענטרירט אין די דערפער סיי בייטאָג און סיי ביינאַכט. יעדער אָטריאַד איז געווען צוגעטיילט צו זיין ראַיאָן, וועלכער האָט אים אויך געדאַרפט באַשפּייזן. אין אויסנאַם־פאַלן, מיט דער דערלויבעניש פון קאָמאַנדיר, האָבן אויך אַנדערע אָטריאַדן געקענט זיך באַשפּייזן. קריגס־אָפּעראַציעס זענען אויסגעפירט געוואָרן דורך אַלע אָטריאַדן, פאַרשטייט זיך, נאָך אַ פאַרשטענדיקונג מיט דער העכערער מאַכט.

דער אָטריאַד, וואָס האָט געהערשט אין ראַיאָן, האָט געהאַט זיינע קאָמענדאַנטן, וועלכע האָבן אויך ווירטשאַפטלעך אָרגאַניזירט די דערפער.

די פּויערים פלעגן אויספירן די באַפעלן פון קאָמענדאַנט. די קאָמענדאַנטן האָבן געהאַט די קאָנטראָל אויך איבער דורכמאַרשירנדיקע פּאַרטיזאַנער־גרופּן, רעווידירנדיק זייער פּאַראָל און געבנדיק צייטווייליקע אָנווייזונגען פאַר ווירטשאַפטלעכע ווי אויך קריגס־אָפּעראַציעס. ס׳פלעגן אויך דורכגעפירט ווערן דורך די פּויערים געוויסע אויסשפּירונגטעטיקייטן אויף די דייטשע באַוועגונגען.

נאָך אַ קורצער צייט, זייענדיק אָנגעשלאָסן אין איינעם פון די אָטריאַדן פון בולאַטס בריגאַדע, בין איך נאָמינירט געוואָרן אַלס קאָמענדאַנט איבער די דערפער — לענגאויס דער שטשאַרע — וועלכע האָבן געהערט צו דעם אָטריאַד.

נישט שווער איז מיר אָנגעקומען זיך צו אַקלימאַטיזירן, סיי אַלס פּאַרטיזאַן פון וואַלד און סיי אַלס קאָמענדאַנט איבער די פּויערים. ס׳איז מיר צוגעטיילט געוואָרן אַ געהילף — אַ ראַדונער בחור מיטן נאָמען קאַפּלאַן.

רייטנדיק אַמאָל ביי איינעם פון די דערפער, האָב איך מיך אָנגעטראָפן אויף עטלעכע יידישע בחורים אָן געווער. נאָכדעם ווי כ׳האָב זיך מיט זיי פאַרשטענדיקט איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז זיי קומען פון דער ווילנער ריכטונג. קיין פרייערלעכן גרוס פון די דאָרט איבערגעבליבענע יידן האָבן איך פון זיי נישט באַקומען. די בחורים זענען געווען פון גראָדנע. צוויי ברידער מיטן נאָמען פּאַווע און איינער קאַמינסקי, וועלכע זענען אַ דאַנק מיר אָנגענומען געוואָרן אַין אָטריאַד. ס׳איז מיר אומבאַקאַנט דער גורל פון די ברידער פּאַווע, קאַמינסקי דאַקעגן געפינט זיך היינט אין ישראל.

מיט מיין ווירטשאַפטלעכער אָנפירונג אין די דערפער און אויך מיט דער ברייטער אויסשפּיר־אַרבעט, בין איך באַליבט געוואָרן ביי מיינע קאָמאַנדירן און אַפילו אויך ביים קאַפּיטאַן סיעניצקי, וועלכער איז ווייט געווען פון צו זיין אַ יידן־פריינט.

אויף אַ צוזאַמענפאָר פון אַלע קאָמאַנדירן אין ליפּיטשאַנער פּושטשע, האָט מיין קאָמאַנדיר מיך עפנטלעך געלויבט דערמאָנענדיק מיין נאָמען, רעזניק. צופעליק האָט זיך דאָרט אויך געפונען דוד באַיאַרסקי, מיין פרויס אַ פּלימעניק, וועלכער איז געווען איינער פון די היטער פון דעם באַפּולמעכטיקטן. הערנדיק מיין נאָמען, האָט ער זיך צו אים געווענדעט און געבעטן אינפאָרמאַציעס וועגן מיר, אויפקלערנדיק אים דערביי, אַז רעזניק פון לידע איז זיין פעטער. באַקומענדיק דעם ענטפער, וועלכער האָט באַשטעטיקט, אַז דאָס בין איך, האָט ער דורך זיין פאַרמיטלונג געשיקט מיר אַ בריוו, וועלכער האָט מיך איבערראַשט. ערשטנס, האָב איך זיך דערוווסט, אַז אַ פּלימעניק פון מיין פרוי איז לעבן געבליבן און דער עיקר בין איך געוווּיר געוואָרן, אַז מיין פרוי לעבט און געפינט זיך אין רודניצקער פּושטשע. די אינפאָרמאַציעס האָט ער באַקומען פון יידן, וועלכע האָבן איבערגעוואַנדערט אין יענער געגנט און האָבן זיך געפונען אין דער סביבה.

פון דעם מאָמענט אָן האָב איך גענומען זוכן מעגלעכקייטן ווי אַזוי זיך צו פאַרבינדן מיט מיין פּלימעניק דוד. סוף־כל־סוף איז מיר געלונגען. אָבער ליידער ווען איך בין געקומען צו אים איז ער קראַנק געווען אויף אַ לונגען־אָנצינדונג.

קיין סך האָב איך מיט אים נישט געקענט רעדן. ער האָט מיר דערציילט, אַז ער האָט באַקומען די אינפאָרמאַציעס פון איינעם, וואָס געפינט זיך ביי דער פאַמיליע־גרופּע פון זשעטל.

אויך צו זיי בין איך דערגאַנגען. און שרעקלעך איז געווען דער גרוס: אַ בלאָנדזשענדיקע אַליין אין וואַלד האָבן זיי

זי געטראָפן, אַרומגעבונדן די פיס מיט שמאַטעס. דאָס איז געווען איין גרוס. אַ צווייטן האָב איך ווייטער באַקומען פון פאַרטיזאַנער, וועלכע זענען דורכגעגאַנגען מיין געגנט. זיי האָבן מיר איבערגעגעבן מער אויספירלעכע אינפאָרמאַציעס, אַז זי געפינט זיך אין אַ פאַרטיזאַנער־אָטריאַד אין דער רודניצקער פּושטשע, און דאָס האָט לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן, געשטימט מיט דערווירקלעכקייט.

איך האָב מיך גענומען באַמיען דורך מיינע העכסטע אינסטאַנצן צו קענען ברענגען זי אין מיין אָטריאַד. די דערלויבעניש איז מיר געגעבן געוואָרן מיט געוויסע דיווערסיע־באַדינגונגען, וואָס איך האָב מיך פאַרפליכטעט זיי אויסצופירן.

ס׳זענען מיר צוגעטיילט געוואָרן דריי ווילנער יידישע בחורים: מאיר דרויאַק (געפינט זיך היינט אין אַמעריקע); צדוק פּאָסטאָמסקי (געווען אין דער רויטער אַרמיי, אומגעקומען אויפן פראָנט נאָך דער באַפרייאונג); דער דריטער (זיין נאָמען געדענק איך שוין נישט) איז געפאַלן אין דער פאַרטיזאַנקע דריי חדשים פאַר דער באַפרייאונג. אויך זענען געווען צוויי רוסן.

ביינאַכט זענען מיר אַדורך דעם ניעמאַן. אויף דער צווייטער זייט האָבן שוין געהערשט די ווייסע פּאָליאַקן־באַנדעס.

אין דעם נאָענטסטן דאָרף האָבן מיר גענומען אַ פּויער אַלס וועגווייזער. ער האָט אונדז געדאַרפט פירן צו אַ געוויסער וואַלד־קאָלאָניע, וואָס איז לויט אונדזערע אינפאָרמאַציעס געווען אַ פאַרבינדעטע פון לענינסקן קאָמסאָמאָל־אָטריאַד, וועלכער האָט זיך געפונען אין דער נאַטשער פּושטשע. שפּעט ביינאַכט זענען מיר אָנגעקומען אין דער קאָלאָניע. מיר האָבן גענעכטיקט אין אַ שייער, און מיטן אָנקומען פון דער צווייטער נאַכט האָבן מיר געדאַרפט דורכגיין די באַן־ליניע.

מיטן אָנקומען פון דער נאַכט, האָט אונדז דער פּויער, אונדזער וועגווייזער, באַגלייט ביזן דורכגיין די באַן־רעלסן, וואָס זענען געהיט געוואָרן פון דייטשע דאָרפישע וועכטער.

כ׳וויל דאָ באַמערקן, אַז אויף דעם פּלאַץ זענען געשפּרונגען פון באַן די לעצטע יידן פון לידער געטאָ, וועלכע זענען אַרויסגעפירט געוואָרן קיין מיידאַנעק: די ברידער סיאַמע און מיטקע פּופּקאָ, מאָלטשאַדסקי, וואָס איך האָב צוריקוועגס פון מיין מיסיע זיך מיט זיי געטראָפן.

אָפּגייענדיק אַ פּאָר קילאָמעטער זענען מיר אָנגעקומען אויף איינער פון די ווייטערדיקע קאָלאָניעס, וואָס זענען געווען אָנגעצייכנט אין פּלאַן פון אונדזער מאַרשרוט.

אַריינגייענדיק אין הויז, נאָכן אָנקלאַפּן אין טיר און פאַרלאַנגענדיק עסן, האָבן מיר באַקומען אָן שוועריקייטן. געפינענדיק אַ פּאָר שטיוול, וואָס זענען געשטאַנען לעבן אַ בעט — אָן זייער אייגנטימער — איז עס מיר עפּעס פאַרדעכטיק געוואָרן. אויף מיינע פראַגן ווו ס׳געפינט זיך דער באַלעבאָס פון הויז, האָב איך קיין ענטפער גלייך נישט באַקומען. ערשט דאַן ווען איך האָב זיי אָנגעצויגן אויף מיינע פיס און די פרוי האָט פון איינעם פון מיינע באַגלייטער באַקומען אַ פּאַטש, איז אויף איר אויסגעשריי דער מאַן אַראָפּגעקומען פון בוידעם. זיין ווענדונג איז געווען גלייך צו מיר. ער האָט מיך אָנגערופן ביי מיין פאַמיליע־נאָמען, וואָס איך האָב געלייקנט. ער האָט געעפנט די שאַנק, אַרויסגענומען פון דאָרט אַ שוואַרץ פוטער מיט אַ ווידרע־קראַגן און געזאָגט צו מיר:

— טו עס אָן, דאָס געהערט דיין שוואָגער שמעון באַיאַרקי.

דאָס פוטער האָב איך גלייך דערקענט. איך האָב זיך אָנגעשטרענגט נישט איינצוברעכן זיך.

ער האָט אַרויסגענומען אַ פלאַש בראָנפן, זיך געזעצט מיט מיר ביים טיש און איבערגעגעבן פּרטים ווי אַזוי מיין שוואָגער האָט אים די זאַכן איבערגעלאָזט. די זאַכן זענען געבליבן, דער שוואָגער אָבער איז שוין לאַנג נישט געווען צווישן די לעבעדיקע.

נאָכדעם ווי מיר האָבן אָפּגעמאַרשירט עטלעכע קילאָמעטער האָב איך זיך אָנגעהויבן שלעכט פילן און באַקומען הויכע טעמפּעראַטור — מעגלעך פון דער גרויסער אויפרעגונג, וואָס איך האָב איבערגעלעבט טרעפנדיק מיין שוואָגערס זאַכן. כאָטש מיין פאַרלאַנג איז געווען, אַז מיינע באַגלייטער זאָלן מיך איבערלאָזן אין וואַלד אַליין און פאָרזעצן זייער וועג, האָבן זיי נישט מסכים געווען. זיי האָבן מיך געטראָגן עטלעכע קילאָמעטער ביז צו דער נאָענטסטער קאָלאָניע. נאָך אַ קורצער אונטערזוכונג דאָרט, אין פאַרשטענדיקונג מיטן פּויער, האָבן זיי מיך אַריינגעטראָגן אין שייער, איינגעדעקט און אַליין אַוועק אין וואַלד.

ביינאַכט האָבן מיך מיינע חברים אַרויסגענומען און מיר האָבן דעם וועג פאָרגעזעצט, דערנענטערנדיק זיך צו דער נאַטשער פּושטשע. אין איינעם פון די קליינע הייזלעך, וואָס האָבן זיך געפונען אין וואַלד האָבן מיר זיך פאַרהאַלטן, כדי צו באַקומען אינפאָרמאַציעס וועגן לענינסקן קאָמסאָמאָל־אָטריאַד און דער אַלגעמיינער לאַגע.

אין דער הייזקע האָבן זיך געפונען צוויי יונגע שיקסעס; דער פאָטער זייערער האָט מיטגעאַרבעט אין דער דייטשער פּאָליציי, אָבער אויך געווען אַ פאַרבינדונגס־מענטש פון פאַרטיזאַנער־אָטריאַד. אַ דאַנק אים פלעגט מען באַקומען געוויסע אינפאָרמאַציעס. איבערהויפּט זענען פּויערים פון דער געגנט געווען טעטיק אין די פאַרטיזאַנער־רייען. דורך דער עלטערער שיקסע, מאַריאַ, האָבן מיר באַקומען אַן אינפאָרמאַציע, אַז דער לענינסקער אָטריאַד איז צעקלאַפּט געוואָרן אין אַן אָבלאַווע מצד די דייטשן און די ווייסרוסן. ער האָט זיך עוואַקואירט אין אַן אַנדער געגנט און ס׳איז נאָך נישט באַקאַנט אויף וועלכן פּלאַץ ער געפינט זיך. קליינע גרופּן געפינען זיך נאָך אין דער פּושטשע, די לאַגע אין דער געגנט איז זייער אָנגעשטרענגט; זיי ראָטן אונדז פאָרזיכטיק צו זיין און נישט לאַנג זיך אויפהאַלטן דאָ. מיר האָבן באַשלאָסן איבערצונעכטיקן.

מיטן אָנקומען פון פרימאָרגן בין איך אַריין אין שייער. ווי דערשטוינט בין איך געוואָרן, אַז צווישן די גראַטעוועטע אין שייער איז געווען איינער אַ לידער, אַן איידעם פון יעקב קאָשטשאַנסקי, דער קצב פון קאַמינקע און צוויי מיידלעך פון ווילנער געגנט. פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב זיי גענומען מיט אונדז און אַוועק טיפער אין וואַלד.

אַ ביסל ווייטער אין וואַלד האָב איך געטראָפן אַ פאַרוווּנדעטן ייד פון לענינסקן קאָמסאָמאָל־אָטריאַד. דורך אים איז מיר נאָך מער באַקאַנט געוואָרן די לאַגע. כ׳האָב זיך גלייך פאַרבונדן מיט אַ פּויער, וואָס האָט זיך פאַרפליכטעט אַריבערפירן דעם פאַרוווּנדעטן אין רודניצקער פּושטשע, וווּ ס׳איז געווען די נאָענטסטע באַזע. דער פּויער האָט זיין

צוזאָג אויסגעפירט נישט פאַר געלט, נאָר אַלס פאַרבינדעטער פון די פאַרטיזאַנער. אַ דאַנק דעם פאַרטיזאַן, וועלכער איז מיר באַקאַנט געווען און אויך מיין פרוי, זייענדיק נאָך אין ווילנער געטאָ, איז טאַקע מיין פרוי געוויר געוואָרן, אַז איך לעב.

מיט אַ פאָר טעג שפּעטער האָב איך באַשלאָסן פאַרצוזעצן מיין וועג אין דער זעלבער ריכטונג פון דער רודניצקער פּושטשע. נאָך צוויי נעכט גיין זענען מיר אָנגעקומען אין אַ קאָלאָניע נישט ווייט פון יענער באַזע. ווי דערשטוינט זענען מיר אָבער געוואָרן מיטן פרימאָרגן, נישט קוקנדיק, וואָס די געגנט איז מיר גוט באַקאַנט געווען און וויסנדיק, אַז דאָס זענען קרייצוועגן פון פאַרטיזאַנער, האָבן מיר זיך אָנגעטראָפן אויף פּוילישע א.ק.־פאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן אונדז „אויפגענומען" מיט אַ שיסעריי.

נאָך אַ קורצן פייער־אויסטויש האָבן מיר איינעם פון אונדזערע חברים פאַרלוירן,ביידע האָבן זיך צוריקגעצויגן און געלאָזן פאַרלוסטן. פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב מיין ציל נישט דערגרייכט און מיר האָבן גענומען גיין אויף צוריק, אין דער ריכטונג פון וואַנען מיר זענען געקומען.

אין דער זעלבער נאַכט זענען מיר דערגאַנגען נאָענט צו איינער פון אונדזערע קאָלאָניעס אין וואַסילישקער געגנט. דאָ האָבן מיר געטאָגט און מיטן אָנקומען פון דער צווייטער נאַכט האָבן מיר זיך דערנענטערט צום זעלבן פלאַץ נישט ווייט פון דער באַן־ליניע רוזשאַנקע. עס איז אונדז נאָך געלונגען דורכצושניידן דעם שאָסיי און באַן־ליניע און אַריין אין יענע וועלדער. דער צוריקמאַרש איז לייכטער געווען ווי דאָס גיין אַהין.

מיר האָבן ווידער געטאָגט און די ווייטערדיקע נאַכט האָט אונדז געגעבן די מעגלעכקייט אַריבערצוגיין דעם ניעמאַן. דאָרט איז שוין די געגנט געווען אַ היימישע. אָבער דאָ האָב איך מיך געמוזט צעשיידן מיט די, וועלכע איך האָב מיט זיך מיטגענומען, און איך האָב זיך צוריקגעקערט צו מיין באַזע.

יאַנואַר־יולי 1944

די לאַגע אויף די פראָנטן האָט זיך כסדר געענדערט. טאָגטעגלעך האָבן מיר געהערט וועגן מפּלות פון די דייטשן.

יעדע נאַכט פלעגן מיר הערן די רוסישע באָמבאַרדירונגען אויף דייטשע מיליטערישע אָביעקטן און באַזעס. אָבער מיט יעדער אויסבעסערונג אויף די פראָנטן איז די לאַגע אין וואַלד מיט יעדן טאָג אַלץ ערגער געוואָרן.

דער גרעסטער טייל פון די אָטריאַדן אין יענער געגנט, ווי, למשל דער אָרלאַנסקי־אָטריאַד פון ליפּיטשאַנער וואַלד, די לענינסקי־בריגאַדע, זענען געשטויסן געוואָרן אין דער ריכטונג פון סלאָנים, דאָרט, ווו ס'איז געווען בולאַטס בריגאַדע. נאָך אַ קאַמף פון צוויי טעג ביי דער שטשאַרע, האָבן מיר באַשלאָסן זיך צוריקצוציען. צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע זענען מיר אויך אָפּגעשטויסן געוואָרן אין דער ריכטונג פון סלאָנים־באַראַנאָוויטשער שאָסיי, ווו מיר זענען אַרומגערינגלט געוואָרן פון אַלע זייטן. דאָ האָב איך אויך געטראָפן צום צווייטן מאָל דוד באַיאַרסקין מיט זיין אָטריאַד.

נאָך אַ קאַמף, וואָס האָט געקאָסט צענדליקער קרבנות, האָבן זיך אַלע צוריק קאָנצענטרירט און מיר האָבן דעם מאַרש ווייטער פאָרגעזעצט אין דער זעלבער ריכטונג. נאָך אַ צוויי מעת־לעת זענען מיר אַריין אין דער געגנט פון „פּערוואָ־מאַיסקאַיאַ בריגאַדאַ". זיי האָבן אונדז אויפגענומען, צוגעטיילט דערפער פאַרן צייטווייליקן אויפהאַלט. די צוגעטיילטע דערפער צו אונדזער דיספּאָזיציע זענען באַזעצט געוואָרן פון אונדזערע גרופּן. די אָרדענונג און וואַך אין די דערפער זענען אויסגעפירט געוואָרן פון אונדזער איינהייט. ווייטערדיקע פּאָסטנס זענען געלעגן אונטער דער אויפזיכט פון דער ערשטער־מאַי־בריגאַדע. איך באַטאָן דאָס ספּעציעל, כדי צו באַווייזן אויף וויפל דער אַנטיסעמיטיזם האָט געהערשט אין די פאַרטיזאַנער־רייען.

אין אַ דאָרף, נעבן אַ וואַלד, ווו אונדזער שטאַב האָט זיך אויפגעהאַלטן, זענען אַוועקגעשטעלט געוואָרן אויף דער וואַך יידן אין צוויי ריכטונגען. אין איין ריכטונג איז געשטאַנען אַ בחור פון דערעטשין. צוויי ברידער זענען זיי געווען, ביידע אין מיין ראָטע. איך בין דאַן געווען אין דינסט פון קאָנטראָלירן די וואַך־פּאָסטנס. 12 אַ זייגער ביינאַכט, ווען איך מיט מיין קאָמיסאַר האָבן באַזוכט דעם פּאָסטן איז אַלץ געווען אין אָרדענונג. אַריינקומענדיק אין שטוב, ווען מיר האָבן נאָך נישט באַוויזן צו פאַרענדיקן אונדזער געשפּרעך, זענען אַריין אין הויז דער נאַטשאַלניק פון דער אויסשפּיר־איינהייט און נאָך איינען מיט אַ ביקס אין האַנט און געמאָלדן אונדז, אַז דאָס איז אַ צוגענומענע ביקס פון אונדזער שלאָפנדיקן פּאַטרול, וואָס זיי האָבן געלאָזט אויפן פלאַץ מיט זייער אַ פּאַטרול. כ'האָב די ביקס גלייך דערקענט, וואָס איך האָב געזען אין די הענט פון דערעטשינער בחור. מיר זענען ווידער אַרויס צום פלאַץ, אַוועקגעשטעלט אַ צווייטן אויף זיין פלאַץ און געבראַנגט דעם בחור אין דאָרף.

נאָך אַ קורצער באַראַטונג אין אונדזער שטאַב איז זיין גורל געחתמעט געוואָרן אָן שום אויספאָרשונג: — שיסן! דעם בחור האָט מען פאַרשפּאַרט אי אַ שייער אויף וועלכן ס'איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַ וואַך. קיינער האָט וועגן דעם אורטייל נישט געוווּסט און ס'האָט זיך קיינער נישט פאָרגעשטעלט אַזאַ שווערן אורטייל. ווען איך האָב דעם בחור געפרעגט ווי אַזוי האָט עס געקענט געשען, האָט ער מיר איבערגעגעבן; ער האָט געהערט ווי ס'דערנענטערן זיך טריט פון רייטער. ער האָט אַראָפּגענומען די ביקס פון פּלייצע און געהאַלטן גרייט אין האַנט. אָנשטרענגענדיק זיך צו הערן דעם נאַכט־עכאָ, האָט ער געהערט ווי דער פּאָסטן, וואָס איז געשטאַנען פאַר אים, האָט פאַרהאַלטן די רייטער, זיי געפרעגט דעם פּאַראָל. ער האָט דייטלעך געהערט זייער ענטפער, ווייל ס'איז געווען נישט ווייט. מיט צוויי מינוט שפּעטער זענען די זעלבע געשטאַנען נעבן אים. נאָכן קאָנטראָלירן זיי האָט איינער פון זיי זיך צו אים געווענדעט מיט דער פראַגע, פון וועלכע פירמע שטאַמט די ביקס? אויף זיין פאַרלאַנג צו ווייזן אים די ביקס, האָט ער אָן שום חשד געגעבן אים די ביקס, און ער האָט זי שוין מער נישט צוריקבאַקומען. כ'האָב אים געזאָגט: ס'קען דיר דראָען אַ שווערע שטראָף לויט מיין מיינונג דאַרפסטו אַנטלויפן, ווי לאַנג קיינער ווייסט נישט פון דעם פּסק־דין. נישט ווייט געפינט זיך דער יידישער בעלסקי־אָטריאַד. דאָרט וועסטו זיין זיכער מיטן לעבן. ווייזט אויס, אַז דער גורל פון ברודער, פאַר וועלכן ער האָט מורא געהאַט, האָט אים אָפּגעהאַלטן פון דעם שריט.

צוויי מאָל האָבן מיר געפּרוּווט, מיט דער הילף פון באַקאַנטע, ווירקן אויפן קאָמאַנדיר שענקען אים דאָס לעבן. ער

האָט עס אונדז נישט אָפּגעזאָגט ביים טרינקען דעם „סאַמאָ־גאָן". און מיר האָבן געגלייבט זיינע הבטחות.

צומאָרגנס גאַנץ פרי האָבן מיר גענומען מאַרשירן צוריק צו אונדזערע אַלטע באַזעס. אָפּמאַרשירנדיק נישט ווייט פון אַ דאָרף, איז אונדז אַנטקעגן געקומען אַ פויער, וועלכער האָט געהאַט אַ קורצן געשפּרעך מיט אונדזער קאָמאַנדיר. גלייך נאָכדעם איז געקומען דער באַפעל: „שטיין בלייבן!".

דער גאַנצער אָטריאַד האָט זיך אָפּגעשטעלט. דער קאָ־מיסאַר איז צוגעריטן צום בחור, אַרויסגענומען אים פון דער ריי, אָפּגעפירט אַ ביסל אויפן פעלד, און באַפוילן זיך אויס־דרייען צו אים מיטן פּנים. דער קאָמיסאַר האָט זיך צום בחור געווענדעט און געזאָגט.

„געזעגן זיך מיט דיין ברודער און חברים; האָסט פאַראַטן דיין איינהייט מיט דעם, וואָס דו האָסט אָוועקגעגעבן דיין ביקס. דער אורטייל איז דיר צו דערשיסן!".

ער האָט קאַלטבלוטיק אַרויסגענומען זיין רעוואָלווער.

ס'האָט זיך דערהערט אַ קנאַל און אַ רויטער פלעק איז אַרויס אויפן האַלדז. דער בחור איז אָפּגעלאָפן אַ צוואַנציק מעטער, האָט זיך צוריקגעקערט און אויסגעשריען:

— ליגנער, שיס!

דער בחור האָט באַקומען נאָך צוויי קוילן אין קאָפּ און איז אומגעפאַלן.

אַ היסטערישער אויסגעשריי האָט זיך אַרויסגעריסן פון זיין ברודערס מויל:

— כ'גלייב נישט, אַז ס'זענען דאָ הימלען, ווען אַזעלכע וואָלטן געווען, וואָלטן זיי זיך געעפנט פון ווייטיקלעכן גע־שריי.

קיינער האָט נישט געוואַגט צוצוגיין צום טויטן, אַראָפּ־ציען די זאַכן און שטיוול, כאָטש דאָס איז געווען דער פאַר־לאַנג פון קאָמאַנדיר. דער איינציקער, וואָס איז געבליבן מיטן טויטן, איז געווען דער גוי, וואָס האָט געהאַט די אויפגאַבע אים צו באַגראָבן. מיר האָבן ווייטער מאַרשירט, מיטטראָגנ־דיק דעם פּיין און צער פון טאָג. פאַרנאַכט האָבן מיר זיך אָפּ־געשטעלט אין אַ דאָרף. אויך דאָ זענען אויסגעשטעלט געוואָרן וואַך־פּאָסטנס, נאָענטע און ווייטע פון אונדזער פּאַרטיזאַנער־גרופּע. ווידער בין איך ביינאַכט אַרויס מיטן זעלבן קאָמיסאַר צו קאָנטראָלירן די פּאָסטנס. כ'האָב מיך אָנגעטראָפן אויף די פערד וואָס האָבן רואיק געקייעט דאָס גראָז. נישט ווייט זענען געלעגן צוויי פּאַרטיזאַנער און זענען זייער געשמאַק גע־שלאָפן... זיי זענען נישט געווען קיין יידן. פּאַרזיכטיק האָבן מיר זיך צו זיי דערנענטערט. מיט פאָרזיכטיקע מיטלען האָבן מיר זיך באַמיט אַרויסצונעמען די אויטאָמאַטן, וועלכע זענען מיט זייערע רימענס געווען פאַרוויקלט אַרום די הענט. איי־נער האָט זיך אויפגעכאַפּט און דורכדעם אונדז געשטערט. מיין קאָמיסאַר האָט זיי אָנגעזידלט פאַר זייער נישט־פאַרזיכ־טיקייט און זיי אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז אַזאַ פאַל קען ברענגען שאָדן דעם אָטריאַד. כ'בין געווען זיכער, אַז די ביידע וועלן זיכער אַרעסטירט ווערן און זייער משפּט וועט זיין אַ פאַטאַלער. אָבער ווען ס'זענען אַדורך צוויי טעג האָב איך מיך געווענדעט צום קאָמיסאַר מיט דער פראַגע: פאַר־וואָס איז אַ יידישער בחור דערשאָסן געוואָרן אָן אַ גרינט־לעכער אויספאָרשונג און דאָ, אין דעם פאַל, איז אַפילו קיין לייכטע שטראָף נישט געגעבן געוואָרן? מיט דער פראַגע בין איך גערופן געוואָרן גלייך צום קאָמאַנדיר, וועלכער האָט פאַרלאַנגט אַ באַשטעטיקונג. ווען איך האָב דאָס באַשטע־טיקט, האָט ער אַ זאָג געטאָן: „דו וואַרפסט מיר פאָר ראַסן־דיסקרימינאַציע". אַלס באַלוינונג דערפאַר האָב איך באַקו־מען אַלס שטראָף 12 שעה שטיין אונטער אַ בוים — אָן עסן און אָן וואַסער. כ'האָב עס אָנגענומען און אויסגעהאַלטן.

אַזוי האָט אויסגעזען דאָס יידישע פּאַרטיזאַנער־לעבן אין די רוסישע רייען. ס'איז נאָך דאָ אַ סך וועגן דעם צו שרייבן. כ'גלייב, אַז די היסטאָריקער וועלן דעם אמת אויפדעקן, אַז געפאַלן אין העלדישקייט זענען יידן, און אויסצייכענונגען אויף זייער חשבון האָבן באַקומען אונדזערע כלומרשטע חברים, נישט־יידן.

אויף אָפּצוווישן עדות אַלס פּחד פאַר נקמה, ווען די באַ־פרייונג איז שוין געשטאַנען ביי די טויערן פון וואַלד, איז אָן שום סיבה דערשאָסן געוואָרן דער ברודער פון דערעטשינער בחור.

אין אַ געוויסן טאָג, זוכנדיק אַ וועג אַריבערצוגיין אין אַ צווייטער געגנט, האָבן מיר באַמערקט טאַנקען נאָענט פון וואַלד. מיר האָבן זיך שוין געגרייט אויפצונעמען זיי מיט אַ פייער, אָבער נאָך אַ ווייטערדיקער אָבסערווירונג האָבן מיר באַמערקט די פענער מיטן האַמער און סערפּ. מיר האָבן זיך איינער אויפן אַנדערן געוואָרפן קושן, וויינענדיק פון פרייד, און נישט מאַכנדיק קיין חשבון וואָס ס'דערוואַרט אונדז ווייטער.

די טאַנקיסטן זענען אַראָפּגעשפּרונגען און אויסגעמישט זיך מיט אונדז צוזאַמען. דאָס איז געשען נאָענט פון קאָז־לאָווטשינע (סלאָנימער געגנט), דעם 13־טן יולי 1944.

## אין דער סאָוועטישער אַרמיי

איך בין פרייוויליק אַריינגעטראָטן אין דער סאָוועטי־שער אַרמיי און צוגעטיילט געוואָרן צו דער 22־טער רויטער גוואַרדייאישער דיוויזיע וואָס האָט געטראָגן מיט זיך די פאָן פון נצחון איבער סטאַלינגראַד און פון אַ ריי העלדישע קאַמפן.

כ'וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן יענע טעג מיט מיין דורכמאַרש איבער יידישע שטעטלעך. מיין ערשטער אַריינקום אין זשעטל ווו מיר האָבן נאָך געטראָפן טויטע, וואַרעמע יידי־שע קערפּערס, וואָס זענען די לעצטע מינוטן פאַרן אָפּטרעטן פון אָרט דערשאָסן געוואָרן אין טורמע.

לידע! — די שטאָט, וואָס אַ פערטל פון מיין לעבן האָב איך דאָרט פאַרבראַכט, האָב איך נישט דערקענט.

אמת, די חורבות, צעשאָסענע און פאַרברענטע, זענען גע־ווען אָפּגערוימט. קיין מענטשן האָט מען נישט געזען. אויף דריטער מאַי־גאַס, נישט ווייט פון אונדזער הויז, איז מיר געלונגען איבערצוגעבן אַ צעטעלע יאַקובאָווסקין, אַ שכן פון ריבאַצקיס בעקעריי און געבעטן אים, כאָטש כ'בין געווען זי־כער, אַז מיין ביטע איז נישט־אויספירבאַר, איבערגעבן די לעבנגעבליבענע לידער יידן, אַז איך לעב.

דער מאַרש איז פאַרגעזעצט געוואָרן ווייטער אין דער ריכטונג פון ביאַליסטאָק־וואָלקאָוויסק. די שטאָט וואָלקאָוויסק זענען מיר דורכגעגאַנגען ביי טאָג. אַ יידישע שטאָט אָן יידן! ווו־נישט־ווו איז נאָך געבליבן ווי אַ מצבה אַ שילד מיט אַ יידישן נאָמען אויף איינציקע הייזער. דאָ האָבן מיר זיך אָפּ־געשטעלט. די דייטשן האָבן זיך נאָך איינגעגראָבן אין ביאַ־

ליסטאָק. עטלעכע מעסערשמיטן פלעגן זיך באַווייזן איבער אונדז און וואַרפן באָמבעס, כדי שטערן אונדזער מאַרש און דערמעגלעכן דעם צוריקטריט פון די דייטשן.

איך דערמאָן זיך אַ בילד, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט דער רוסישער קריגס־פּראָפּאַגאַנדע.

ס'איז פאַר אונדז געגעבן געוואָרן אַ פילם ווו מיר האָבן געזען דערפער נאָך וואָלקאָוויסק, וועלכע ווערן פאַרלאָזן דורך די דייטשן.

אַ דייטש רייסט זיך אַריין אין אַ פּויערישער שטוב, זוכט עסן או ווערט געשטערט פון געוויין פון אַ קליין קינד, וואָס ליגט אין אַ הענגענדיק וויגעלע. מען זעט ווי דער דייטש שטעכט אַדורך דאָס קינד מיטן באַגנעט. בלוט רינט אויף דער ערד.

נאָך דעם בילד זענען באַוויזן געוואָרן פאַרברענטע שטעט: קיעוו, כאַרקאָוו און זשיטאָמיר, ווי אַזוי די דייטשן פאַרלאָזנדיק די שטעט האָבן געשאָסן און פאַרברענט טויזנטער מענטשן, וועמענס קערפּערס מען זעט ליגן אויף די גאַסן.

צווישן אָט די צוויי אויבנדערמאָנטע בילדער, באַווייזט זיך סטאַלין מיט אויסגעשפּרייטע הענט, איינע צו מערב און די צווייטע צו מזרח, מיט דער לאָזונג: „זעט, וואָס דער שונא האָט געמאַכט פון מזרח און וואָס ער מאַכט פון מערב! אַ טויט די דייטשן! שלאָגט דעם שונא!״.

14טער יולי 1943.

מיר זענען נאָענט פון ביאַליסטאָק, ביי סוויסלאָטש. די אָפּטרעטנדיקע דייטשן האָבן אויפגעריסן די בריק אויפן טייך און מיר זענען געצוווּנגען געווען זיך צו פאַרהאַלטן. נאָענט פון שטעטל איז געשטאַנען אַן אַלטע וואַסערמיל, די בריק אויפגעריסן. די וועגן — פאַרזייט מיט טויטע קערפּערס, פאַרוווּנדעטע דייטשן ,וולאַסאָוועצעס, אוקראַינער און אויך ציווילע באַפעלקערונג.

מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט נישט ווייט פון ביאַליסטאָק. 6 מאָן זענען מיר געלעגן אויף אַ פּוילישן בית־הקברות און געזען פון דערווייטנס אַ מאַשין מיט דייטשן, וועלכע לייגן מינעס. זיי האָבן זיך נישט פאַרגעשטעלט, אַז אַזוי נאָענט פון זיי לויערן שוין אויסשפּירער פון דער רוסישער אַרמיי.

אויף אונדזער געשריי: „הוראַ!״ מיט אַ שיסעריי, האָבן זיי אָנגעהויבן אַנטלויפן און אַרויף אויף זייערע אייגענע מינעס.

ווען מיר זענען צוגעקומען נענטער, האָב איך צווישן די טויטע און פאַרוווּנדעטע געפונען אַ פאַרוווּנדעטן, וואָס זיין פּנים און קליידונג האָבן עדות געזאָגט, אַז ער איז פון הויכן מיליטערישן ראַנג.

קודם־כל האָב איך אַוועקגענומען ביי אים זיין „מאַוזער״. אָט דאָס דאָזיקע קורצע געווער איז זייער באַליבט געווען ביי די דייטשע אָפיצירן. אָפּשפּיליענדיק אים דעם פּאַס האָט ער זיך אַ כאַפּ געטאָן מיט דער האַנט צו דער הויזן־טאַש, וואָס איז מיר געווען פאַרדעכטיק, נאָכזוכנדיק אין טאַש האָב איך געפונען אַ פאַרמאַכטן טאַשן־זייגער, האַלטנדיק אים אין האַנט האָב איך אַ ווייטיק און שרעק געלייענט אין זיינע אויגן, און דאָס איז נאָך מיר פיל מער פאַרדעכטיק געוואָרן. איך האָב דאַן דעם זייגער געעפנט פון ביידע זייטן. אויף איין זייט איז געווען אויסגראַווירט אַ האַקנקרייץ מיטן אויפשריפט: „הייל היטלער. בלוט און ערע״. אויף דער צווייטער זייט איז איינגעפאַסט געווען זיין בילד מיט דער פרוי און צוויי קינדער. צוויי מאָל האָט ער אויסגעשטרעקט די האַנט און געבעטן צוריק דעם זייגער. איך בין געשטאַנען האַרט נעבן אים און נישט געקוקט אויף אים. מיינע אויגן זענען געווען אַריינגעגאָסן אין בילד פון דער פרוי מיט די קינדער.

מיין חבר, אַ באַראַנאָוויטשער בחור, האָט אָבער לאַנג נישט געקלערט און זיין פיניש־דייטשער מעסער האָט דורכגעשטאָכן דעם ברוסטקאַסטן פון דייטש.

אונדזער דיוויזיע איז גרייט געווען צום אַריינמאַרש אין ביאַליסטאָק. פּלוצים האָט זיך נאָענט פון אונדזערע רייען דערהערט אַ שטאַרקער אויפרייס. אַ רויך־וואָלקן מיט אויפגעהויבענער ערד האָט זיך אויסגעמישט אין דער לופט. ווען די לופט איז אַ ביסל קלאָרער געוואָרן, האָב איך מיך געפונען אויף דר'ערד צווישן אַ פּאָר דערהרגעטע און פאַרוווּנדעטע. כ'האָב געפּרוּווט אויפשטיין און געבן זיי הילף, אָבער ערשט איצט האָב איך באַמערקט, אַז כ'קען נישט אויפשטיין. מיינע ביידע פיס זענען געווען דורכגעשאָסן, שפּליטערן האָבן זיך איינגעזעצט אין מיין קערפּער. דייטשע פליער האָבן באַשאָסן די געגנט און עס האָט זיך אַנטוויקלט אַ קאַמף צווישן הימל און ערד.

פאַרנאַכט איז די שיסעריי איבערגעריסן געוואָרן. סאַניטאַרן האָבן זיך באַוויזן און אָפּגערייניקט דעם פּלאַץ: טויטע באַזונדער און פאַרוווּנדעטע באַזונדער, וועלכע זענען אָפּגעפירט געוואָרן אויף סאַניטאַרע קעטשלעך אין שייער און אין פּויערישע הייזקעס נישט ווייט פון פּלאַץ. אין איינער פון די הייזקעס, אויף דרערד, אונטערגעלייגט מיט שטרוי, בין איך געלעגן. ערשט דאָרט האָב איך געזען, אַז נעבן מיר געפינט זיך מיין ראָטנער קאָמאַנדיר, אויך שווער פאַרוווּנדעט.

מיט מאָרפיום־איינשפּריצונגען האָט מען אונדז געשטילט די ווייטיקן און עוואַקוּאירט ווייטער.

אין אַ דאָרף, 15 קילאָמעטער פון פּלאַץ, אין אַ וואַלד, זענען סאָרטירט געוואָרן די שווער־פאַרוווּנדעטע צו דער ווייטערדיקער עוואַקואַציע און די לייכט־פאַרוווּנדעטע זענען פאַרבליבן אויפן אָרט.

די טראַנספּאָרט־באַוועגונג איז געווען זייער אַ שווערע. קיין באַן־באַוועגונג איז נאָך נישט טעטיק געווען. מען האָט אונדז געפירט אויף פּויערישע וועגעלעך אין אַ שפּיטאָל צו אָפּערירן.

נאָך דער אָפּעראַציע, האָב איך קודם־כל מיך אונטערזוכט צי כ'בין נישט געבליבן אַ קריפּל פון דער מלחמה. ווען איך האָב געזען, אַז איך האָב מיינע אייגענע פיס, האָב איך פון גרויס פרייד פאַרגעסן אָן די ווייטיקן.

## אין שפּיטאָל

דאָס לעבן אין שפּיטאָל איז געווען מאָנאָטאָן. יעדן טאָג זענען געבראַכט געוואָרן פאַרוווּנדעטע און יעדן טאָג זענען טויטע אַרויסגעפירט געוואָרן.

נעבן מיר איז געלעגן מיין קאָמאַנדיר, אַ סיביריאַק פון נאָוואָראָסייסק. זיין לעצטער געשפּרעך איז מיר געבליבן ווי אַ ווּנד אין האַרצן. ווען ער האָט זיך שלעכט געפילט האָט ער מיר געזאָגט:

„מאַקס, ווען איך וועל שטאַרבן, שרייב מיין פרוי און

קינד ביי וועלכע אומשטענדן איך בין געשטאָרבן פאַרן פאָטערלאַנד און פרייהייט. שרייב ווו איך בין באַערדיקט".

ער האָט פאַרלאַנגט פון מיר מיין האַנט, אַז איך וועל זיין ווילן אויספירן. איך האָב אים דאָס צוגעזאָגט, געגעבן די האַנט, און גלייכצייטיק צוגעגעבן: „סערגיי, וועגן דיר איז דאָ צו וועמען צו שרייבן, אָבער וועגן מיר? אויב ס'איז דאָ אַ גאָט אין הימל, איז נאָר צו אים!".

אויף צומאָרגנס איז שוין אויף זיין בעט געלעגן אַ צווייטער. ער האָט זיין ליבע און ווייטיק מיטגענומען אין קבר.

די מעדיצינישע שפּיטאָל־מאַנשאַפט איז געווען אַממייסטן יידן. די אַלגעמיינע באַציונג איז געווען גוט. די דאָקטוירים האָבן זיך אינטערעסירט מיט מיין פאַרגאַנגענהייט. שעהנווייז זענען זיי געזעסן ביי מיין בעט און אויסגעהערט די געשיכטע וועגן דעם אומקום פון יידן דורך די דייטשן אויף די פאַרנורמענע געביטן. דעם צער און ווייטיק האָבן זיי פאַרשטיקט אין זיך, אַראָפּגעשלונגען די טרערן אפשר מיט בלוט צוזאַמען, ווייל פאַר דער אויסערלעכקייט האָבן זיי עס נישט געטאָרט ווייזן.

אין אַ געוויסן טאָג זענען דערגאַנגען קלאַנגען, אַז אַלע שווער־פאַרוווּנדעטע וועלן עוואַקואירט ווערן אין טיף רוסלאַנד. עס האָבן זיך אָנגעהויבן מעדיצינישע אונטערזוכונגען צווישן די קראַנקע און פאַרוווּנדעטע. אין געשפּרעך מיט חברים, וועלכע האָבן געוווּסט, אַז כ'געפין זיך 30 ק"מ פון מיין שטאָט, האָבן זיי נישט געקענט פאַרשטיין מיין גלייכגילטיקייט.

נאָך אַזעלכע געשפּרעכן האָט זיך אין מיר דערוועקט אַ בענקשאַפט. גאַנצע נעכט האָב איך געקלערט מיט וואָס פאַר אַ מיטלען זיך קענען דערשלאָגן, אַ קוק געבן אויפן חורבן פון דער פאַרברענטער שטאָט, אויפן בית־הקברות אָן די מצבות.

צומאָרגנס האָב איך זיך באַמיט וועגן אַ געשפּרעך מיטן שפּיטאָל־לייטער, אַ ייד. כ'האָב אים דערציילט מיין גאַנצע פאַרגאַנגענהייט. כ'האָב אים געשילדערט די שטאָט אין איר גלאַנץ פאַר דער דייטשער אָקופּאַציע, און איצט אַ שטאָט, וואָס האָט איינגעשלונגען טויזנטער קרבנות. כ'האָב אים געבעטן ער זאָל מיר העלפן געפינען אַ מעגלעכקייט צו באַזוכן לידע, אפשר וועל איך צווישן די טויטע פון מיין משפּחה אַ לעבעדיקן געפינען.

ער האָט מיך באַרואיקט: „קודם־כל מוזטו טראַכטן וועגן דיין געזונט־צושטאַנד, וואָס דו מוזט אָפּהיטן. ביי דער ערשטער געלעגנהייט, ווען איך וועל איינזען, אַז דיין געזונט־צושטאַנד איז אַ צופרידנשטעלנדיקער, וועל איך מיך באַמיען צו דערפילן דיין ביטע. דאָס ערשטע וואָס איך מוז טאָן איז, אויסשליסן דיך פון דער קאַנדידאַטן־ליסטע אויף עוואַקואַציע. דאָס זאָג איך דיר צו".

מיין פאַרלאַנג איז דערפילט געוואָרן. איך בין געבליבן ווייטער אין זעלבן שפּיטאָל. נאָך אַ פּאָר טעג פון מעדיצינישער באַהאַנדלונג, האָב איך באַקומען מיינע צוויי געהילפספּיס (קוליעס), און אַ קראַנקן־שוועסטער האָט מיך געלערנט גייך צו ביסלעך.

פון דעם מאָמענט אָן האָב איך געפילט, אַז איך ווער צוריק אַ מענטש מיט לייטן גלייך. איינמאָל אין אַ שיינעם זומער־טאָג, האָט מען מיך אַראָפּגעטראָגן אין שפּיטאָל־גאָרטן און אַוועקגעלייגט צווישן די קראַנקע אויפן גראָז. פלוצים האָבן זיך מיינע אויגן אָנגעטראָפן אויף אַ לידער, וואָס איז נישט ווייט געשטאַנען. אונדזערע אויגן האָבן זיך געטראָפן און פון מיר האָט זיך אַרויסגעריסן אַ ווילד געשריי: „יעזיערסקי!". מיין קערפּער איז געוואָרן אויפגעציטערט ווי אַן עלעקטרישער שטראָם וואָלט דורך אים דורכגעגאַנגען. פון גרויס אויפרעגונג בין איך אַנידערגעפאַלן.

לאַנגזאַם איז ער צו מיר צוגעגאַנגען, טיף אַריינגעקוקט מיר אין די אויגן, ווייזט אויס, אַז איך האָב זיך אַזוי שטאַרק געענדערט, אַז ער האָט מיך נישט דערקענט.

מיטאַמאָל האָט ער זיך אַראָפּגעזעצט אויף דער ערד און מיט ביידע הענט אַרומגענומען זיין קאָפּ. הייסע טרערן האָבן באַנעצט מיין געזיכט. אַזאַ צאַרטקייט האָב איך שוין לאַנג נישט געפילט. מיט אַ פאַרשטיקט קול האָבן זיינע ליפּן געשעפּטשעט, קוים הערנדיק, דאָס וואָרט „רעזניק".

דעם זעלבן יעזיערסקי (דעם קאָוואַלס זון, געוווינט אויף קאָלעיאָוואַ־גאַס, אַ געוועזענער שכן אונדזערער, האָב איך נישט איין מאָל באַגעגנט פאַר דער מלחמה, אין אַ פּשוטן וואָכנטאָג ביי דער אַרבעט, שבת־יומטובדיק געקליידעט, גייענדיק אין קלייזל אויף קאַמינקע, באַגלייט פון זיין פאָטער און אַנדערע משפּחה־מיטגלידער.

דאָס צווייטע מאָל, אין ברען פון חורבן און פון דער יידישער אויסראָטונג דורך דער היטלער־בעסטיע, האָב איך אים צופעליק געטראָפן אין די וועלדער, נישט ווייט פון סלאָנים. פון אים האָב איך דאָס באַקומען אַ גרוס פון לידע, פון די לעצטע געבליבענע ביים לעבן, וועלכע ער האָט געדענקט.

איצט —אונדזער דריטע באַגעגעניש.

ווען מיר האָבן ביידע זיך אַ ביסל באַרואיקט, איז מיין ערשטע פראַגע געווען: פון וואַנען ער קומט און וווהין ער גייט? ער האָט מיר דערציילט בקיצור ווי אַזוי ער איז לעבן געבליבן, זיין צוריקקומען קיין לידע, זיין באַגעגעניש מיט די לעבנגעבליבענע און איצט — די אַרבעט אַלס פּאָליציאַנט אין דער סאָוויעטישער פּאָליציי אין לידע.

איך האָב זיך פון אים דערוווּסט, אַז פון דער גאַנצער לידער יידישער קהלה, געפינט זיך איצט אין שטאָט עטלעכע און זיבעציק לעבן געבליבענע, צווישן זיי איז אויך געווען מיין פרוי.

דער טאָג איז אַוועק, די קראַנקע זענען אַרויפגעטראָגן געוואָרן, — און איך צווישן זיי — צוריק אויף דער זעלבער נאַרע. און ווען דאָס ליכט איז אויסגעלאָשן געוואָרן, זענען נישט אויסגעלאָשן געוואָרן מיינע געדאַנקען. ווי אויף אַן עקראַן זענען דורכגעגאַנגען אין מיין זכרון די בילדער פון לידע און איר גלאַנץ פאַר דער מלחמה. איך האָב געזען די זעלבע שטאָט אין פלאַמען און אין פּאַניק לויפנדיקע מענטשן זוכן אַ רעטונג. ס'זענען מיר אַדורכגעגאַנגען בילדער פון דייטשן אַריינמאַרש, פון דער שחיטה, און צווישן די מוראדיקע בילדער האָבן אָפּגעהילכט די לעצטע ווערטער פון יעזיערסקין: „בערך זיבעציק לעבנגעבליבענע".

איך האָב מיך אָנגעשטרענגט אין דער פינצטער צו זען זייערע פּנימער, יועלכע זענען מיר באַקאַנט געווען פון פאַר דער מלחמה, און אין מיינע אויערן האָט אָפּגעקלונגען דער טרויער־ניגון פון „איכה", „איכה" — „ווי אַזוי" איז חרוב געוואָרן אַזאַ פּרעכטיקע יידישע קהילה?!...

**יצחק רובינוביץ**

# אויפן פראנט

אָנהייב יולי 1944, נאָך דער באַפרייאונג, בין איך געקומען צוזאַמען מיט מיין פאַרטיזאַנער־איינהייט קיין נאָוואָגרודעק. פון דאָרט בין איך געקומען קיין לידע, אָפּגעגעבן די ביקס אין וואָיענקאָמאַט, און מיט צוויי וואָכן שפּעטער זיך מאָביליזירט אין דער סאָוויעטישער אַרמיי. פון לידע האָט מען אונדז געבראַכט קיין באַראַנאָוויטש און פון דאָרט קיין באָברויסק. דאָרט האָט מען אונדז אויסגעשולט און אָפּגעשיקט אויפן פראָנט, הינטער וואַרשע, ווו ס'האָבן אָנגעהאַלטן שווערע קאַמפן.

איך בין אַריינגעפאַלן אויפן ערשטן ווייסרוסישן פראָנט און אויף דער ליניע פון דעם הויפּט־מאַרשרוט פון דער סאָוויעטישער אָפענסיווע : וואַרשע—בערלין.

אין איינעם פון די קאַמפן בין איך שווער פאַרוווּנדעט געוואָרן. אָן באַוווּסטזיין האָט מען מיך געבראַכט אין שפּיטאָל, ווו איך בין געלעגן עטלעכע חדשים. יאַנואַר 1945, פאַרן אָנהייב פון דער גרויסער סאָוויעטישער אָפענסיווע אויף וואַרשע, לענגויס דער ווייסל, האָט מען מיך אויסגעשריבן פון שפּיטאָל. איך האָב זיך צוריקגעקערט אין מיין איינהייט, ווו ס'האָבן זיך שוין אָנגעהויבן די צוגרייטונגען צום אָנגריף. עס איז געקומען אַ נייע פאַרשטאַרקונג. דעם 13־טן יאַנואַר 1945, ווען ס'איז נאָך געווען פינצטער, האָט זיך אָנגעהויבן די אָפענסיווע אויף וואַרשע, מיט אַ שטאַרקע אַרטילערישע צוגרייטונג. מיין אָפּטיילונג האָט זיך געפונען אויפן בריקןקאָפּ דרום־צו פון וואַרשע.

מיר האָבן אָנגעהויבן אַרומרינגלען וואַרשע. אין רעזולטאַט פון דעם מאַנעוור האָבן די דייטשן פאַרלאָזן וואַרשע. איך בין געוואָרן אויסגעצייכנט מיטן מעדאַל „פאַר באַפרייען וואַרשע”.

נאָך שווערע קאַמפן האָבן מיר פאַרנומען די פוילישע שטעט : קאָנין, קאָלאָ, און געלאָזן הינטער זיך פויזן, ווו די דייטשן זענען געוואָרן אַרומגערינגלט. נאָך אַ בלוטיקן קאַמף זענען מיר אַריין אין דער פוילישער גרויסער שטאָט קאַליש, און נעבן זבאָנשין זענען מיר אַריבער די אַלטע פויליש־דייטשע גרענעץ און אַריינגעדרונגען אין דער פאַרשאָלטענער דייטשער ערד. ווייטער, נאָך אַ שטורעם, זענען מיר אַריין אין דער דייטשער שטאָט לאַנדסבערג. דערגרייכט דעם טייך אָדער, איבערן אייז אַדורך דעם טייך און פאַרנומען אַ בריקןקאָפּ אויף זיין מערב־ברעג, צפונדיק פון דער שטאָט און פעסטונג קיסטרין.

אין חודש מערץ האָב איך אָנטיילגענומען אין די גאַסןקאַמפן פאַר דער דעראָבערונג פון דער שטאָט און פעסטונג קיסטרין. דאָרט פאַלט אַריין דער טייך וואַרטע אין דער אָדער און דאָרט זענען געווען פיל מיליטערישע אונטערערדישע פאַבריקן. איך בין אויסגעצייכנט געוואָרן מיטן מעדאַל „פאַר העלדישקייט”.

דעם 16־טן אַפּריל 1945, איז פאָרגעקומען דער אַנטשיידנדיקער אָנגריף אויף בערלין. נאָך שווערע און בלוטיקע קאַמפן האָבן מיר דעם 22־טן אַפּריל דערגרייכט די פאָרשטאָט פון בערלין. עס האָבן זיך אָנגעהויבן די אומאויפהערלעכע גאַסן־קאַמפן. מען האָט שווער געקעמפט פאַר יעדן הויז מיט די אָפּטיילונגען פון ס. ס. דעם 2טן מאַי האָט בערלין קאַפּיטולירט. צומאַרגנס איז אונדזער אָפּטיילונג געווען זען דעם רייכסטאַג. מיר האָבן זיך באַוועגט ווייטער אויף מערב. דעם לעצטן קאַמף האָבן מיר געפירט נעבן דעם דייטשן דאָרף פאַרכען, נעבן שטעטל גענטין ביי דעם טייך עלבע. דאָרט האָבן מיר זיך געטראָפן מיט די אַליאירטע מיליטערישע כוחות.

דעם 9־טן מאַי, אין אַ וועלדל, האָבן מיר געפייערט דעם טאָג פון נצחון איבער נאַצי־דייטשלאַנד.

איך בין אויסגעצייכנט געוואָרן מיטן „אָרדן פון פאָטערלענדישן קריג”, מיטן 2־טן ראַנג מעדאַל „פאַר דעראָבערן בערלין” און מיטן מעדאַל „פאַרן זיג איבער דייטשלאַנד 1941־45”.

אין מיטן יוני 1945 האָבן די אַמעריקאַנישע אָפּטיילונגען פאַרלאָזט די געביטן פון סאַקסאָניע־טירינגען און מיר זענען דאָרט אַריין. מיר זענען אָנגעקומען אין דער שטאָט נאַומבורג. אין יענער צייט האָבן די סאָוויעטישע מאַכט־אָרגאַנען אָנגעהויבן דעם פּראָצעס פון דענאַציפיקאַציע פון דער סאָוויעטישער זאָנע. מיר, אַלס קרבן פון דער נאַצישער בעסטיע, האָט מען צוגעטיילט צו די אָרגאַנען, וועלכע האָבן זיך מיט דעם פאַרנומען. איך בין זייער שטאָלץ געווען מיט דעם, און מיטן גאַנצן האַרצן זיך איבערגעגעבן דער דאָזיקער אַרבעט.

מיר פלעגן אַרעסטירן געוועזענע ס.ס.־מענער, געסטאַפּאָ־לייט און געוועזענע מיליטער־לייט פון הויכן ראַנג און שטעלן זיי פאַרן געריכט. ס'האָט זיך פּשוט נישט געגלייבט, אַז פאַר מיר, אַ ייד, וואָס אין דער אָקופּאַציע־צייט איז אין די אויגן פון די דייטשן געווען פיל ערגער ווי אַ הונט, פלעגן די פריערדיקע אויבער־מענטשן אַראָפּנעמען די היט.

עס האָבן פּאַסירט אויך פאַלן, ווען די געוועזענע פאַרברעכער, בעת דעם אַרעסטירן, פלעגן עפענען אַ פייער פון רעוואָלווערן. איך געדענק, אַז ענדע 1945, אין דער שטאָט נאַומבורג, האָבן מיר אַרעסטירט אין זיין וווינונג דעם געוועזענעם אָבערבעפעלסהאַבער פון דער דייטשער אָקופּאַציעאַרמיי אין דענעמאַרק אין די יאָרן 1940־42. ווי ער האָט געהייסן געדענק איך נישט. אַזוי האָב איך געדינט אין דייטשלאַנד ביז אָנהייב 1947 און שפּעטער אין רוסלאַנד.

זומער 1950 בין איך צוריקגעקומען אין מיין אַלטער היים־שטאָט לידע. ווי איך בין אַראָפּ פון באַן, בין איך גלייך געגאַנגען אויף לידער געסל, נעבן דעם טייך לידזייקע, ווו ס'איז פאַר דער מלחמה געשטאַנען אונדזער הויז, און דאָרט זענען פאַרגאַנגען מיינע גליקלעכע קינדער־יאָרן צווישן משפחה און חברים. איך בין אַרויף אויפן פּלאַץ, צוגעגאַנגען צום בערגל וואָס איז געווען פאַרוואַקסן מיט הויכן ווילדגראָז, וואָס איז פאַרבליבן פון דעם אַלעם וואָס איז געווען אין דער גליקלעכער פאַרגאַנגענהייט, געשטעלט זיך מיטן פּנים צו דער וויסט און זיך גוט אויסגעוויינט, ווי נאָך קיינמאָל נישט, אין משך פון פיל יאָרן פוןליידן און פּיין.

מרים יונגמן—סלונימצ׳יק

# ביקור בלידא לאחר השואה

נעדרתי מלידא בדיוק 9 חודשים. ב־17 ביוני 1944 חזרתי הביתה. הבית של סבתי ברחוב שקולנה 45 עמד על תילו והיה מלא רוסים שמיאנו לחזור למולדתם. הם פינו לנו אגף אחד של הבית שכלל שני חדרים ומטבח. בדירה זאת גרנו 4 משפחות שמנו 6 אנשים. אחותי ליזקה ואני התחלנו מיד לעבוד. ליזקה בתור מנהלת גן ילדים ואני בתור מזכירה במשרד.

יש לציין שבמידה וידענו מה לדרוש מהגויים בחזרה, הם החזירו לנו. הצרה היא שגם אנחנו לא ידענו בדיוק איזה דברים ובאיזה כמויות לדרוש. בכל אופן כעבור חודשים מספר התאוששנו איך שהוא מבחינה כלכלית. ואז התחילה הריפט־ריאציה (חזרה למולדת) לפולין. אזרחים פולניים לשעבר יכלו לחזור למולדתם. תחילה הסתייגו היהודים אזרחי פולין לשעבר ולא האמינו לשמועות אולם לאט לאט התחילו להירשם.

אינני זוכרת אל־נכון מה היתה סיבת נסיעתי הראשונה לווילנה, אולם שם פגשתי בהרבה יהודים יחסית, ומהם רבים מליטא שהביעו משאלתם לעבור לפולין. קיבלתי קשר עם המנהיגים הציוניים בווילנה, נפגשתי עם ניסן רזניק, שעמד אז בראש הנוער הציוני במקום. הוא שוחח אתי על האפשרות לארגן העברת יהודי ליטא לפולין (האזרחים הפולניים יכלו לעבור בגלוי).

באחת מנסיעותי לווילנה פגשתי ברכבת את מולה קושצ׳נסקי במדי קצין והוא הציע לקחת אותי ואת ליזקה ולהעביר אותנו לפולין, מאחר והיה לו רשיון מעבר מיוחד. ליזקה עברה אתו לפולין ואילו אנ ימסרתי את מקומי לשכננו, בחור צעיר, פארטיזאן פצוע לשעבר, שבזמנו הועבר מהיער באווירון למוסקבה לריפוי והוא בן דודה של הסיה צדרוביץ שהתגוררה יחד אתנו בדירה. הוא היה חייב להתגייס מחדש. הוא כמובן שמח על ההזדמנות ועבר יחד עם ליזקה ומולה את הגבול לפולין.

אני נשארתי בדירה עם הסיה צדרוביץ וקובה דנציגר. ערב אחד הופיעו בביתי ניסן רזניק ורעיתו, חיים לזר ורעייתו ועוד שני זוגות יהודים מליטא ושאלו על האפשרות לעבור את הגבול לפולין. קובה עבד אז בעיריה כמשרטט והכיר את הפקיד מטעם הממשלה הפולנית שהיה הממונה על הריפטריאציה. בינתים דאגתי למקום לינה ל־8 אנשים וכעבור כמה ימים סודר הענין, תמורת תשלום כמובן. וכן נהייתי המקשרת בין ווילנה ולידא בהעברת יהודים מליטא לפולין. בעיר נשארה עוד בחורה ליטאית בשם מרים דומני ועליה היה להעביר את האנשים ללידא ואילו עלי היה לסדר להם מקום לינה ולהשיג להם היתר יציאה מרוסיה הלבנה לפולין.

היתה זאת עבודה אחראית, קשה ומסוכנת כאחת. אני המשכתי לעבוד כדי לא לעורר תשומת לב. אסור היה לי להיעדר מהעבודה ולכן נשאר לי מעט זמן לטפל בבאים.

כמה ימים אחרי נסיעתם של ניסן וחבורתו, הגיעו לביתי 5 בנות עם פתק מניסן רזניק ובו בקשה לסדר להן מקום לינה ואוכל ולהעבירם מוקדם ככל האפשר לפולין. בינתיים הגיע אלי גם חבר שלמדתי אתו יחד בווילנה. הוא קיבל צו גיוס והיה צריך לעזוב את רוסיה מהר ככל האפשר. חוץ מזה היו מגיעים גם אנשים מווילנה בקבוצות של 4—6 ליום.

הבחורות שניסן שלח היו במחנה ריכוז גרמני ושוחררו ע״י הצבא האדום. הן ניפגשו עם ניסן בתחנת הרכבת בגרודנו, משם רצו הרוסים לשלוח אותן למחנה עבודה ברוסיה בטענה „שאם הן יכלו לעבוד למען הגרמנים הן בודאי ישכילו לעבוד גם למענם״. למותר לציין שהן היו מזוהמות, רעבות וחסרות כל. נטלתי עלי ברצון ובאהבה נטל נוסף זה. מאז חיינו יחד תקופה של ששה שבועות בערך.

היו ימים שבלידא הסתובבו כמה עשרות אנשים שחיכו לתורם לעבור את הגבול. יש לציין כאן את עזרתם של היהודים שישבו אז בלידא בהלנת ההמון הרב הזה. במיוחד זכורה לי עזרתם של זלמן ברקוביץ וירוחם. ירוחם היה אז שוטר רוסי, והייתי זקוקה למידה רבה של אומץ, העזה ואמון על מנת לפנות אליו. הוא לא הכזיב. חייתי שבועות בפחד ומתח מתמיד. מולנו היתה המשטרה הרוסית, אני עבדתי במשרה ממשלתית, העיר היתה הרוסה, הרבה יהודים לא נותרו בה, וכל תוספת פנים חדשות היתה עלולה להכשיל. בינתים התעכבו המשלוחים. הפקיד מטעם הממשלה הרוסית במקום הבחין במתרחש ורצה אף־הוא ליהנות מהענין. לו היו ידידים יהודים משלו והוא הסתפק בפחות כסף מאשר הפולנים. והוא שהיקשה על הפקיד הפולני להשיג רשיונות. המקשרת פנתה לי עורף וניסתה להתקשר עם הפקיד הרוסי. הייתי על סף התמוטטות. המעמסה שלקחתי על עצמי היתה כבדה מדי. החלטתי לעזוב את לידא יחד עם הבנות והאנשים האחרים שחיכו לתורם בהזדמנות הקרובה. יצחק חברי הצליח לעבור ע״י ניירות מזוייפים שקובה סיפק לו חינם. הוא השיג גם טפסים בשביל הבחורות בלי פרוטה. מאנתי לקבל אנשים נוספים. במאמצים רבים עד מאוד עלה בידי קובה לסדר היתרי כניסה לפולין גם לאנשים הנותרים. ארזתי את חפצי והתכוננתי לדרך. הבנות ורבים מהליטאים שהיו אתנו לא ידעו מילה פולנית. אני וקובה היינו צריכים להיות להם לפה. למזלנו בדקו את הרשיונות בלילה. למדנו בעל־פה את כל הפרטים של המועברים וענינו לקריאת שמותיהם בתור. על שמות הגברים ענה הוא — קובה, על שמות הבחורות — אני. וכך הגענו סוף־סוף לביאליסטוק. שאלתי על אנשי התנועה הציונית במקום. רציתי שיעזרו לי לפחות לסדר את הבנות. יתר האנשים הסתדרו בכוחות עצמם. אמרו לי שהמרכז הוא בלובלין. כשהגעתי ללובלין התברר שניסן כבר עזב את לובלין בדרכו לארץ. לא היה לי למי לפנות. פגשתי במקרה בגרשון כ״ץ והוא הביא אותי למרתף שהיה מרכז הנוער הציוני במחתרת. אנשים שעמדו אז בראש התנועה „לא ידעו את יוסף״. הצלחתי איך־שהוא שיעזרו לבנות לנסוע הלאה, ואילו אני הצטרפתי לקבוצת בנות הונגריות שחזרו מהמחנות הביתה ויחד אתן, עם קובה ועוד כמה מכרים מלידא הצלחנו תמורת תשלום לעבור את הגבול לרומניה ומשם פנה איש־איש לדרכו.

אליהו דמשק

# מיין אנקום נאכן חורבן

איך בין אָנגעקומען קיין לידע, אַראָפּ אויף דער פאַרשטאָט (זאַרעטשע), וואָס איז געווען אַמאָל באַוווינט געדיכט מיט יידן, אַראָפּ פון לאַסט־אויטאָ, אָפּגעשאָקלט פון זיך דעם שטויב, געמאַכט אַ פּאָר טריט פאָרויס און געבליבן שטיין, באַטראַכטנדיק די חורבות און זיך באַמיט צו אָריענטירן וווּ איך געפין זיך. דאָס האַרץ מיינס איז פאַרפלייצט געוואָרן מיט בלוט. וויינען האָב איך שוין נישט געקענט, געווען פאַרגליווערט פון דעם אַלעם וואָס איך האָב דורכגעמאַכט פאַר די לעצטע עטלעכע יאָר אין געטאָ און אין וואַלד, אַלס פּאַרטיזאַן.

די גאַנצע שטאָט איז פאַרברענט. פון דעם עק זעט מען די גאַנצע וויסטעניש פון שטאָט, מען זעט די פּאָר גרויסע געביידעס אויפן וויגאַן, וואָס זענען עטלעכע יאָר פאַר דער מלחמה אויפגעבויט געוואָרן דורך דער פּוילישער רעגירונג. אַלע פאַרברענטע הייזער זענען אָפּגערייניקט געוואָרן ביזן גרונט, נישטאָ קיין חורבות.

איך גיי מיט דער גאַס, ווייטער, נישטאָ קיין לעבעדיקער נפש. איך באַגעגן קיינעם נישט, נישט קיין יידן און נישט קיין קריסטן.

אָפּגייענדיק אַ שטיקל וועג, נאָך אַלץ אויף דער פאַרשטאָט זאַרעטשע, שטייט אין אַ זייט פון כביש אַ הילצערן שטיבל, וואָס איז געבליבן פון דער גרויסער שריפה. פון דאָרט איז צופעליק אַרויסגעגאַנגען אַ יידישער יונגערמאַן יעקב מאַלצאַדסקי. ער איז געווען נישט קיין לידער, נאָר אַ צייט יאָרן האָט ער באַאַרבעט גרויסע שטחים ערד, געדונגענע ביי פּוילישע מאַגנאַטן אין דער סביבה פון לידע.

דער יונגערמאַן איז מיר אַרויסגעשיקט געוואָרן, פּונקט ווי אַ מלאך פון הימל. מיר האָבן זיך דערפרייט איינער מיטן צווייטן, דערזעענדיק זיך לעבעדיקע, אַרומגעכאַפּט זיך און צעקושט פון איבערראַשונג. די ערשטע פראַגע מיינע איז געווען, צי זענען געבליבן יידן אין לידע? ווייל, ווען איך האָב פאַרלאָזט דעם געטאָ און אַוועק אין וואַלד האָב איך נאָך איבערגעלאָזט 1,500 יידן לידער איינוווינער און ביי 1,500 יידן געבראַכטע פון לידער סביבה. וועגן דעם וואָס מען האָט שפּעטער אַרויסגעפירט קיין מיידאַנעק האָב איך נאָך געהערט אין וואַלד, אָבער ווער און וויפל עס זענען געבליבן האָב איך נישט געוווּסט און זיך נישט געקענט פאָרשטעלן.

מאַלצאַדסקי ענטפערט מיר: „יאָ, עס זענען געבליבן אַ ביסל לידער יידן. גייט אַרויף אויפן שול־הויף, דאָרט איז געבליבן אַ פּאָר הייזער, וווּ עס האָבן זיך באַזעצט אַלע איבערגעבליבענע לידער יידן. דאָרטן, ביי זיי, קענט איר זיך דערוויסן ווער און וווּ געפינען זיך די עטלעכע צענדליק איבערגעבליבענע, איינצלנע, צעבראָכענע לידער נפשות.”

איך האָב זיך מיט אים געזעגנט און גענומען שפּרייזן ווייטער, נישט מיט דעם טראָטואַר, נאָר אין מיטן גאַס, וווּ מיר זענען געגאַנגען אין דער צייט פון די היטלעריסטן. כ׳בין געגאַנגען אין מיטן גאַס נישט צוליב מורא פאַר היטלעריסטן, דאַן האָב איך שוין פאַר זיי נישט מורא געהאַט, נאָר פון אויפרעגונג, פון פאַרביטערונג, זעענדיק פאַר די אויגן דעם חורבן פון דער יידישער שטאָט לידע. די פּלעצער וווּ עס זענען געשטאַנען גרויסע צווישטאָקיקע געביידעס, זענען אָפּגערייניקט, ריין, פּונקט ווי עס וואָלט דאָרט קיינמאָל קיין זאַך נישט געווען און קיינער קיינמאָל נישט געלעבט. ווי געווענלעך בלייבן נאָך אַ שריפה די פאַרברענטע חורבות, די הויכע קוימענס, נאָך דער מלחמה. נישט ווי געוויינלעך איז אַלץ חרוב געמאַכט ביזן גרונט. אַלע מויערן זענען פאַנאַנדערגענומען ביזן גרונט, די פּלעצער אויסגעראַמט, אָפּגערייניקט דורך די יידן זעלבסט, וואָס זענען טאָג טעגלעך געטריבן געוואָרן אויף צוואַנגס־אַרבעט באַקומענדיק 125 גראַם ברויט מיט אַ זופּ פון צעפּוילטע קאַרטאָפל מיט וואַסער.

איך גיי און קוק זיך אַרום, דערקען קוים די גאַסן, אָריענטיר זיך מער־ווייניקער וווּ וואָס עס איז געווען, זאָג צו זיך אַליין שטילערהייט: דאָ איז געווען די געביידע פון מלוכה־קאַסע, אַנטקעגן די געביידע פון דעם שטאָט־ראָט, דער קליינער חרוב געמאַכטער שטאָט־גערטנדל, די הילצערנע געביידע אַנטקעגן שטאָט־גערטנדל, וווּ עס איז געווען די שטאָטישע ביבליאָטעק.

די פּלעצער איז געווען אַ ביסל לייכטער צו דערקענען, ווייל דאָס איז געווען אין דער סביבה פון די חורבות פון דעם איבערגעבליבענעם „געדימין שלאָס”.

כ׳גיי ווייטער. כ׳זע דעם קלויסטער, וואָס האָט קיין פייער גישט גענומען צוליב די גראָבע ווענט און פאַרפלאַנצטע גרויסע בוימער, וואָס האָבן געשטערט דעם פייער אַריינכאַפּן זיך אין אים און אים חרוב מאַכן.

איך קום צו אויף דער צענטראַלער גאַס, ווילנער — שפּעטער האָט די זעלבע גאַס זיך גערופן סוואַלסקע. דער קינאָ „עדיסאָן” אַנטקעגן דעם שטאָט־גאָרטן, די קאַמינקע גאַס, שפּעטער דריטער מאַי גאַס. איך גיי ווייטער — סאַלץ׳ס הויף, אַנטקעגן דעם פּלאַץ, וווּ עס איז געווען דער מויער פון די ברידער ווינאָגראַדאָוו, גרויסע שיינע געשעפטן; די שמאָלע געסלעך טורעצקע, אַנטקעגן רויטע, די ווייטערדיקע געסלעך, גלעזער גאַס, קאַמערציינע, אַנטקעגן דעם אַרויפגאַנג אויפן מאַרק, פּאָליציינע — שפּעטער אויפן נאָמען פון י. ל. פּרץ; לידער געסל, וואָס פירט צום וועלדל ראַסלאַקי, די חורבות פון דער גרויסער געביידע וווּ עס איז געווען דער גרויסער קינאָ „נירוואַנאַ” — אַ גרויסער הויף מיט חורבות. דאָס האָבן די היטלעריסטישע מערדער נישט פאַנאַנדערגענומען, ווייסנדיק אַז דאָס געהערט צו אַ געוויסן פּאָליאַק דלוסקין. מ׳האָט דאָרט איינגעאָרדנט די קיך פאַר די יידן, וואָס מ׳האָט גענומען צו צוואַנגס־אַרבעט און פאַר דעם באַקומען געקאָכטע וואַסער מיט צעפּוילטע קאַרטאָפל.

ווייטער קום איך צו צום געסל וואָס פירט צום שולהויף. די ברוקירטע גאַסן זענען גאַנץ, אַלץ אַרום איז פּוסט און וויסט, ריינע אָפּגעליידיקטע פּלעצער. דער גרויסער שטח אין דעם שול־הויף געסל, וווּ עס זענען געווען אויסגעבויט די גרויסע, מאָדערנע לידער שטאָט־שול, דער גרויסער בית־המדרש, געפאַרבט אויף ווייס; פון איין זייט אַנטקעגן די קצבישע שול, די חסידישע שול, נאָך אַ שול, די סטאָלאַרסקע

קלויז, שניידערשע קלויז; דער גרויסער בנין פון תלמוד־תורה מיטן מושב זקנים, דער בנין פון דער קהילה — אַלץ איז חרוב. אַ גרויסער ליידיקער פּלאַץ, כמעט אויפן גאַנצן פאַרנעם פון דעם שול־הויף געסל.

נאָכן קליינעם בריקל אויפן שמאָלן, שמוציקן טייכל זענען נאָך פאַרבליבן עטלעכע הילצערנע הייזלעך, ווו ס׳געפינען זיך די עטלעכע צענדליק לידער שרידים, איינצלנע געבליבענע פון גרויסע משפחות. איך האָב געטראָפן די צוויי שוועסטער לאה און מרים סלאָנימטשיק. זיי האָבן זיך אַריינגעצויגן אין זייער זיידנס הויז, צוגענומען צו זיך נאָך עטלעכע איינצלנע מענטשן און אַזוי צוזאַמען געלעבט.

איך בין דאַן געווען אין לידע בלויז דריי טעג. כ׳האָב באַטראַכט די חורבות, דערמאָנט זיך אין יעדערן באַזונדער. שווער איבערצוגעבן ווי צובראָכן כ׳בין געווען מאָראַליש. גייענדיק איבער די גאַסן וואָס זענען מיט אַ פּאָר יאָר צוריק געווען באַוווינט בלויז פון יידן, ווו עס זענען געווען גרויסע יידישע געשעפטן, אַ שטענדיקער גערויש און געפילדער. היינט איז דאָ אַלץ טויט, שטיל, פאַרברענט און פאַנאַנדערגענומען ביזן גרונט.

איך האָב אין מיין געבורט־שטאָט נישט געקענט פאַרבלייבן און דאָ פירן אַ נאָרמאַל לעבן. איך האָב זיך צוריק געאיילט קיין סלאָנים, וואָס איז אויך געווען טיילווייז אַזוי פּוסט און פאַרברענט, אָבער זי איז מיר נישט געווען אַזוי באַקאַנט און היימיש, ווי מיין שטאָט לידע.

## דער סך הכל פון לידער באַפעלקערונג

מיר, עטלעכע לידער, האָבן געמאַכט אַ חשבון און אויפגעציילט קוים הונדערט איבערגעבליבענע נפשות, זייער פיל איינצלנע פון גרויסע פאַרצווייגטע משפחות, וואָס זענען אויף פאַרשידענע אופנים געבליבן ביים לעבן. איך האָב זיך דערוווּסט, אַז עס איז געבליבן לעבן אַ קינד פון מיינעם אַ גוטן פריינד, דאָס טעכטערל פון באַוווּסטן אין לידע בוכהאַלטער לאַזאַר אָלשטיין. דאָס מיידעלע איז געבליבן לעבן אויף פאָלגנדן אופן: אין טאָג פון 17־טן סעפּטעמבער 1943, ווען מען האָט ליקווידירט אַלע יידן אין לידע פירנדיק זיי גרופּנווייז צום באַן, כדי אָפּצושיקן קיין מיידאַנעק, האָבן זיך עטלעכע פּערזאָן געראַטעוועט אַרויסגייענדיק פון די רייען און אַנטלאָפן צו באַקאַנטע קריסטן אָדער אין וואַלד צו די פּאַרטיזאַנער. די עלטערן פון דעם קינד, וואָס איז דאַן אַלט געווען 12 יאָר, האָבן גייענדיק צווישן זיך אָפּגערעדט, אַז זיי וועלן פּרוּוון אַנטלויפן פון זיכערן טויט. דער גורל איז געפאַלן אויף דאָס טעכטערל, אַז זי זאָל די ערשטע פאַרלאָזן די ריי און אַוועקגיין צו אַ באַקאַנטן קריסט, שפּעטער וועלן די עלטערן מיטן יינגערן יינגעלע אויך טאָן דאָס זעלבע. די מיידעלע, יהודית אָלשטיין, איז געלונגען אַרויסצוגיין פון דער ריי, וואָס איז געווען אַרומגערינגלט דורך עטלעכע היטלעריסטן און זי איז אַוועק צום באַקאַנטן קריסט, אַ באַוווּסטער אינזשענער, אַ טשעך מיטן נאָמען וואָלני. דאָרט האָט זי מיט אומגעדולד און פּיין געוואַרט אויף אירע עלטערן מיטן יינגערן ברודערל, וועלכע האָבן וואַרשיינלעך נישט געהאַט קיין גוטע געלעגנהייט אַרויסצוגיין פון די רייען און זיך ראַטעווען פון זיכערן טויט. יהודית איז אָפּגעזעסן בערך 10 חדשים, טיילווייז אין אַ צימער באַהאַלטן, געאַרבעט ביי דער קריסטין אין הויז, געדינט טריי דער קריסטלעכער משפּחה וואַרטנדיק אויף דער גאולה, האָפנדיק זיך נאָך אַמאָל צונויפקומען מיט אירע עלטערן.

אַרויסגייענדיק פון קריסטלעכן הויז, האָט יהודיתל, נישט האָבנדיק קיין היים, זיך פאַרהאַלטן אויף אַ קורצער צייט ביי אַ חברטע פון שולע, משפחה פּיטלוק. פון דער משפחה האָב איך יהודיתן צוגענומען צו מיר קיין סלאָנים, אַוועקגעשיקט לערנען אין אַ סאָוויעטישער שולע, באַזאָרגט מיט אַלץ וואָס ס׳איז איר געווען נויטיק לויט מיינע מעגלעכקייטן.

אַזוי זענען מיר צוזאַמען, נידערגעשלאָגענע, פאַרביטערטע פון דעם אַלעם וואָס מיר זענען דורכגעגאַנגען אָפּגעוועזן אין סלאָנים ביי אַ זיבן חדשים. גרויס איז געווען אונדזער ווייטיק, ווען אין דער יידישער שטאָט סלאָנים האָט מען נישט געקענט צונויפזאַמלען אַ מנין ערב יום הכפורים צו כל נדרי. אַ פּאָר שעה פאַר כל נדרי האָבן זיך אָפּגעזוכט עטלעכע סאָוויעטישע יידישע זעלנער, וואָס זענען געווען גרייט זיך אָפּשטעלן צו כל נדרי אין שטאָט. אַזוי האָט אויסגעזען די יידישע שטאָט סלאָנים אין 1944. די איבערגעבליבענע איינצלנע שרידים אין יעדער שטאָט און שטעטל אין פּוילן האָבן געזוכט צו אַנטלויפן פון דער מרה־שחורהדיקער אַטמאָספער און פאַרבלוטיקטער ערד.

קיילע ספוטניצקאַ (קרייער)

# צוריק אין מיין היימשטאט

אין מיטן אַ שטילן זומער־טאָג, ווען אַלץ האָט נאָך געבליט, פול מיט פרייד האָט נאָך געפליסט דאָס ידישע לעבן, איז אונדזער פאַמיליע און מיין היים פלוצלינג צעבראָכן געוואָרן. דאָס איז געווען דער 20.6.41. דעם פאָטער אונדזערן, אַ ייד, וואָס האָט אין זיין לעבן קיין פאַרברעכן נישט באַגאַנגען און קיינעם קיין שלעכטס וואָרט נישט געזאָגט, האָט מען פון אונדז אַוועקגעריסן און פאַרשפאַרט אין תפיסה. אונדז האָט מען פאַר זיינע „גרויסע זינד" פאַרשיקט קיין סיביר. מיר זענען אַרויסגעריסן געוואָרן פון אונדזער היים. מען האָט נאָך נישט געטראַכט און נישט געחלומט, אַז אויף מאָרגן קען עפּעס מער שרעקלעכערס געשען.

פיל באַקאַנטע פון שטאָט האָבן אונדז באַגלייט מיט טרערן אין די אויגן. ווען דער לאַנגער צוג האָט גערירט, זענען זיי נאָכגעלאָפן און געוואָרפן דעם לעצטן בליק צו אונדז. מער האָבן מיר זיי נישט געזען. ביז היינט קלינגען מיר נאָך אין די אויערן זייער לעצט האַרצרייסנדער געוויין און די געזעגענונגס־ווערטער: „ווער ווייס צי מיר וועלן אייך נישט מקנא זיין".

די וואַגאָנען רירן זיך לאַנגזאַם און אַ מוראדיקע שווערקייט באַפאַלט יעדן פון אונדז. דער לעצטער בליק אויף אונדזער ליבע שטאָט. דער לעצטער בליק אויף דער פרייער וועלט.

דער וועג ציט זיך לאַנגזאַם און שווער. דורך די פאַרקראַטעוועטע וואַגאָנען זעען מיר ווו נישט ווו אַ מערקווירדיקן אומרו. מיר קומען אָן קיין מינסק און ווייסן נישט, אַז דער קריג האָט אויסגעבראָכן. דורך די קליינע פענסטער מערקן מיר ווי עס לויפן דורך מענטשן, זעלנער אין גאַז־מאַסקעס. מיר מיינען, אַז דאָס זענען איבונגען און מיר פאָרן אַלץ ווייטער און ווייטער אין די טיפעניִשן פון גרויסן רוסלאַנד.

דורך אַ צופאַל האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז דער קריג האַלט שוין אָן העכער אַ וואָך צייט. מיט פאַרגליווערטע הערצער לייענען מיר אַ צייטונג, וועלכע מיר האָבן דורך די קראַטן אויסגעבעטלט ביי דורכפאָרנדיקע זעלנער. פון דער צייטונג דערוויסן מיר זיך, אַז די שטאָט לידע שטייט אין פלאַמען. אַ גרויסע צאָל זעלנער און אויך אַ גאַנצע דייטשישע דיוויזיע צעשלאָגן נעבן לידע.

לידע ברענט. דאָס האַרץ ווערט צעריסן פאַר ווייטיק, פאַר די וואָס זענען דאָרט פאַרבליבן.

מיר קומען אָן טיף אין סיביר. שרעקלעכע טעג גייען אַדורך. אונדזער האַרץ איז אין לידע.

עס דערגייען טרויעריקע ידיעות פון פראָנט. דער שונא דערנענטערט זיך צו מאָסקווע. עשאַלאָנען מיט פאַרווונדעטע קומען אָן אין די געגנטן ווו מיר געפינען זיך.

אַ קאַלטע נאַכט. מיר גייען פון דער נאַכט־שיכט אַרבעט. מיר זעען ווי פון מאַשינען נעמט מען אַראָפּ פאַרווונדעטע זעלנער. עס גיט מיר אַ ריס ביים האַרץ און איך מיט מיין שוועסטער גייען צו צו אַ סאַניטאַר וואָס טראָגט אויף אַ בעטל אַ פאַרווונדעטן, און פרעג: צי איז אימיצער פון לידע צווישן די פאַרווונדעטע? מיין פראַגע קומט מיר זעלבסט אויס צו זיין נאַריש. צווישן טויזנטער פאַרווונדעטע קען דער סאַניטאַר פונקט וויסן ווער ס'איז פון לידע. אָבער אַ צופאַל: דער סאַניטאַר ענטפערט מיר „יאָ, ס'איז פאַראַן איינער מיטן נאָמען שולמאַן. ער איז פון לידע". עס שטאַרבן מיר אָפּ אַלע גלידער. „ווער נאָך?" פרעג איך. ער ענטפערט מיר: „קום מאָרגן וועסטו אַלץ וויסן".

מאָרגן פרי קומען מיר אין שפּיטאָל אַריין. שולמאַן איז געווען דער בעסטער חבר פון מיין ברודער עליו השלום. מיר גייען אַריין אין שפּיטאָל. דער מענטש דערקענט אונדז. טרערן פון פרייד און פון טרויער אין זיינע און אין אונדזערע אויגן. ווער האָט געחלומט זיך צו טרעפן אין וויטן סיביר. די אַרומיקע זעלנער קוקן זיך צו און זענען אים מקנא. „וואָס, דו האָסט דיין שוועסטער געטראָפן?" ס'איז אַלץ איינס ווי שוועסטער — פון איין שטאָט זענען מיר.

ס'איז אַדורך אַ קורצע צייט. שולמאַן איז ווידער צום פראָנט אַוועקגעשיקט געוואָרן. מיר האָבן פון אים נאָך באַקומען איין־איקע בריוו, פון כאַרקאָוו, און נישט מער. זיין גורל איז אונדז געבליבן אומבאַוווּסט.

די צייטונגען האָבן טאָג טעגלעך געשריבן וועגן די שוידערלעכקייטן פון די דייטשישע בעסטיעס. מיר האָבן געהאַט דאָס געפיל, אַז אונדזער פאָלק קומט אום. טאָג און נאַכט האָבן מיר קיין רו נישט געפונען און איבערגעלעבט אין זאָרג וועגן גורל פון די דאָרטיקע פאַרבליבענע.

דער גורל פון דער מלחמה האָט זיך איבערגעדרייט. די דייטשן האָבן אָנגעהויבן באַקומען אַלץ שטאַרקערע קלעפּ פון דער רויטער אַרמיי. מען האָט זיך אַלץ מער דערנענטערט צו אונדזער שטאָט. טאָג און נאַכט האָבן מיר געוואַרט ביים ראַדיאָ צו דערהערן די בשורה, ווען מען וועט באַפרייען לידע. מיר האָבן זיך דערוואַרט. אַ האַסטיקער קלאַפּ און ריס אין האַרץ האָט אונדז געגעבן, אַז מיר האָבן דערהערט די ווערטער: „לידע איז באַפרייט".

דעם זעלבן טאָג האָבן מיר אָנגעשריבן עטלעכע בריוו, כאָטש פיל האָפענונג צו באַקומען אָן ענטפער האָבן מיר נישט געהאַט. דאָך האָבן מיר געשריבן. אפשר איז דאָך עמעצער געבליבן לעבן פון אונדזער גרויסער משפחה. ס'איז אַדורך אַ לאַנגע צייט און קיין ענטפער איז נישט געקומען.

פלוצלונג — אַ בריוו פון לייביש פערדמאַן, אונדזערס אַן אַלטער פריינט. אַ בריוו פול מיט צער און צאָרן: פון אונדזער משפחה — קיינער איז נישט געבליבן לעבן. פון דער גאַנצער שטאָט זענען געבליבן געציילטע יידן, וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט דורך אַ נס. לידע איז פאַרניכטעט, אָפּגעמעקט צוזאַמען מיט אירע טייערע יידן.

טרויערן? ס'איז ווייניק צו זאָגן. מיר זענען געווען צעבראָכן. און כאָטש פון לידע איז גאָרנישט געבליבן און קיינער איז נישט געבליבן, האָט נאָך דאָס האַרץ אַהין געצויגן, צו זען נאָך אין לעבן אונדזער געבורט־שטאָט.

אין אַ קורצער צייט אַרום האָבן מיר ווידער געהאַט אַ שווערן קלאַפּ פאַר מיר און מיין מוטער און שוועסטער. ס'איז ענדע יאָר 1944. מיר באַגלייטן אונדזער איינציקן ברו־

דער צום פראָנט. מיר געזעגענען זיך מיט די ווערטער: „נקמה פאַר דעם אומשולדיקן בלוט!" פון ווייטן מאַכט ער מיט דער האַנט און רופט: היט אָפּ דער מאַמען!

מער האָבן מיר אים נישט געזען. ער איז אומגעקומען אויפן פראָנט. די אייניקע בריוו וואָס ער האָט נאָך באַוויזן אָנצושרייבן זענען געווען פול מיט ווייטאָק. ער גייט דורך די צעשעדיקטע שטעט, לידיקע, אָן יידן, באַפרייטע לאַגערן, און זעט אויסגעמאַטערטע רעשטלעך יידן, וועלכע זענען פאַרבליבן און באַטאָנט „די אייציקע טרייסט מיינע איז — נעמען נקמה!"

די קריג ענדיקט זיך. מען טאַנצט אין די גאַסן. אונדזער האַרץ איז פול מיט טרויער. נישטאָ וועמען צו באַגעגענען און וועמען צו דערוואַרטן. נישטאָ ווו צו פאָרן און נישטאָ ווו צו בלייבן. מיר באַשליסן וואָס שנעלער אַוועקצופאָרן און זיך פאַראייניקן מיט די רעשטלעך יידן, וועלכע ס'איז געלונגען צו ראַטעווען דאָס לעבן.

מיר זיצן אין די וואַגאָנען און עס גלייבט זיך נישט, אַז ענדלעך איז געקומען די מינוט, אָבער — צו וועמען פאָרן מיר און וואוהין? זעקס וואָכן דויערט די רייזע, אָבער מיר פילן נישט קיין דערשעפונג, ווייל מיר פאָרן מיטן געדאַנק, מישטיינס־געזאָגט: „אַהיים".

און אָט קומען מיר וואָס אַמאָל נענטער און נענטער צו לידע. מיר פאָרן דורך די נאָענטע שטעטלעך נעבן לידע און מאַכן נישט צו קיין אויג, כאָטש מיר זענען אַזוי מיד פון אונדזער לאַנגער רייזע.

ענדלעך, פאַרטאָג קומען מיר אָן קיין לידע. מיר טראַכטן נישט קיין סך און לויפן שנעל אַרויס פון עשאַלאָן אין שטאָט אַריין. מען איז געווען געוווינט כמעט אַ האַלבע שעה צו גיין ביז דער גאַס ווו מיר האָבן געוווינט. נאָר עפּעס מאָדנע — אַ מינוט האָט איצט דער וועג געדויערט. די שטאָט? — מען קען איר איבערהויפּט נישט דערקענען. יעדעס הויז דערציילט דעם שוידער וואָס זי האָט געזען. די הייזער זעען אויס ווי צעבראָכענע מצבות. יעדעס הויז אַן אויסגעלאָשן מענטשלעך לעבן.

מיר דערנענטערן זיך צו אונדזער הויז. ס'איז נישט קיין הויז, נאָר אַ בערגל פאַרוואַקסן מיט גראָז. נעבן אים נישט ווייט, אַן איינגעבויגענער בעטאָנענער סלופּעק, — דער איינציקער סימן, אַז דאָ איז געשטאַנען אונדזער הויז. קיין סך צייט דאָ שטיין קען איך נישט. עס האָבן זיך מיר די פיס אונטערגעבראָכן. איך ווייז זיך אויס ווי ביי אַ קבר און אַנטלויף פון שרעקלעכן בילד. איך לויף דורך די שול־גאַס. פּוסט און וויסט, מען זעט נישט קיין איין יידיש פּנים. פון אַלע שולן קיין סימן נישט. פונקט עס וואָלט דאָ קיין ייד זיך קיינמאָל נישט געפונען. דאָס טייכל פליסט דאָרט שטיל און רויק. איך טו אַ בליק און טראַכט: דו נישטיק טייכעלע, האָסט איבערגעלעבט אַלעמען, אַלץ געזען — און דו פליסט ווייטער, ווי קיינמאָל גאָרנישט געשען...

מיר לויפן ווייטער, ווייל די ערד ברענט אונטער אונדז. מיר לויפן אין דער ריכטונג פון די קאָשאַרן ווו אונדזער מומע גאָלדע מיט אירע קינדער האָבן געוווינט.

ענדלעך דערזעען מיר די שטוב פון ווייטן. מיט אויסערגעוויינלעכער שנעלקייט קומען מיר צו. מיר קוקן נישט דרייסט אַריין דורכן פענסטער און דערזעען דיזעלבע מעבל, אַפילו דאָס בעטגעוואַנד דערקענען מיר. אָבער אַנדערע מענטשן, אינגאַנצן פרעמדע, שלאָפן אין די בעטן. נישט דרייסט קלאַפּן מיר אָן כדי זיך עפּעס דערוויסן. מען עפנט אונדז בלויז די טיר, און מען בלייבט אומצופרידן מיט אַזעלכע געסט. כדי אונדז אָפּפּטרן זאָגט מען אונדז אַ ליגן, מיר זאָלן שנעלער זוכן אַ זון פון דער געוועזענער באַלעבאָסטע פון דעם הויז און — פאַרהאַקן שנעל די טיר...

מיר טראַכטן: וויפל טעג האָט די מומע גאָלדע נישט דערעסן כדי צו האָבן אַ שטיקל אייגן ווינקל און איצט וווינען דאָרט פרעמדע גויים.

דער ווייטאָק און פאַרדראָס איז גרויס און עס ווילט זיך שנעל אַנטלויפן. קיין צייט צו לויפן ווייטער האָבן מיר נישט. די באַן שטייט געציילטע שעה'ען. מיר ווילן לויפן אויף נאָך פיל פּלעצער. אָבער לײדער, די צייט דערלויבט נישט. עס ווילט זיך לויפן זען יעדן פּלאַץ, ווו מען האָט געהאַט חברים, פריינט און באַקאַנטע. נאָר ס'איז אַלץ איינס, שווער צו דערקענען די פּלעצער. אומעטום דאָס זעלבע טרויעריקע בילד. אין די איבערגעבליבענע הייזער, וועלכע מען האָט פאַרהאַרעוועט מיט שווייס און געשפּאָרט אַ גאַנץ לעבן, וווינען דאָרט באַקוועם די גויים. עס ווילט זיך אַנטלויפן פון דעם אַלעמען — וואָס ווייטער פון חורבן.

מיר לויפן דורך דעם אַמאָליקן מאַרק. מען זעט עטלעכע סטראַגאַנעס, פּוסט אַרום. נישטאָ קיין סוחרים, קיין קליינהענדלער, קיין הענדלערקעס מיט אויבסט, קיין יידישע באַלעבאָסטעס מיט קוישלעך אין די הענט — אַלץ איז אָפּגעשטאָרבן, פּונקט ווי עס וואָלט קיינמאָל גאָרנישט געווען.

מיר לויפן צוריק צום באַן, ווייל די צייט איז באַגרענעצט. מיר טרעפן דאָרט פיל באַרעמהאַרציקע קריסטינס, וועלכע באַגעגענען אונדז כלומרשט מיט פרייד. און וווּנדערן זיך גלייכצייטיק פון דעם וואָס מיר לעבן. אַנדערע גיבן נאָך צו: „יידן, יידן, אייערע ברידער און שוועסטער זענען געגאַנגען ווי שעפּסן צו דער שחיטה", און דערמיט שיטן זיי אונדז זאַלץ אויף די ווונדן. בעת־מעשה ווייסן מיר נישט וואָס צו ענטפערן. אין אַ מינוט אַרום אָריענטירן מיר זיך און זאָגן: „און וואָס האָט איר געשוויגן? געוויס געווען באַשעפטיקט מיט העלפן זיי פירן!..."

די באַן רירט פון פּלאַץ. מיר קוקן מיט פאַרביטערונג אויף דער פאַרשאָלטענער ערד, און פּונקט אַזוי ווי פריער האָט אונדז געצויגן צו קומען און זען, אַזוי טרייבט אונדז איצט און מיר ווילן מער נישט זען, נאָר אַנטלויפן ווייט ווייט פון דער ערד, וואָס איז דורכגעזאָפּט מיט אונדזער בלוט.

**שרה שיף (רובינוביץ)**

# נאָכן חורבן

נאָכן קריג האָב איך זיך צוריקגעקערט קיין לידע. אין מיין פאַנטאַזיע האָב איך זיך פאַרגעשטעלט ווי פאַרענדערט מיין שטעטל איז נאָכן קריג. נאָר דאָס וואָס איך האָב דערזען פאַר מיינע אויגן האָט איבערגעשטיגן אַלע מיינע ערוואַרטונגען. די גרויסע שול מיטן קיילעכדיקן דאַך און דער באַזילבערטער גרויסער קאָפּ איבער אים — האָט מען געקענט זען פון אַלע זייטן הינטערן שטאָט. זי האָט צענדליקער יאָרן איבערגעשטיגן אַלע הויכע געביידעס אין שטעטל מיט איר שטאָלצן און הייליקן אויסקוק. די שול, וואָס איז געווען דער סימבאָל פון שיינקייט און הייליקייט ביי אונדז, איז פאַרשוווּנדן פון האָריזאָנט.

איך בין געשטאַנען ביי דער זייט פון גרויסן מיליטערישן לאַסט־אויטאָ, וועלכער האָט מיך געבראַכט קיין לידע, און געזוכט דאָס אַמאָליקע בילד פון דער ווייטנס. דאָס בילד, וואָס איז געווען איינגעקריצט אין מיין זכרון, נאָר לײדער האָב איך עס מער נישט געפונען. אַפילו די מויערן, וועלכע האָבן די שול אַרומגערינגלט זענען פאַרשוווּנדן. נאָר דער גרויסער, ווייסער קלויסטער, מיטן הויכן צלם, האָט ווי פּראָוואָצירנדיק געקוקט אויף מיר פון ווייטן...

לידע! מיין אַלטע היים. איך האָב געהאָפט, נאָך 5 יאָר ליידן און פּיין, צו געפינען ביי דיר, נאָך מיין צוריקקומען, עפּעס אַ נאָענטקייט, אַ טראָפּן פון האָפענונג — און אפשר נאָך עמעצן פון מיינע נאָענטע.

די טרערן, וואָס האָבן זיך געגאָסן פון מיינע אויגן אין יענעם מאָמענט האָבן נישט נאָר באַוויינט די טויזנטער יידן, וועלכע זענען דאָ אומגעקומען; נישט נאָר מיין גרויסע און פאַרצווייגטע משפּחה — פון וועלכער נאָר מיינע עלטערן, ברידער און שוועסטער זענען געבליבן אין סיביר. איך האָב באַוויינט אַלע געסעלעך, אַלע יידישע הייזער, וועלכע זענען פאַרשוווּנדן צוזאַמען מיטן יידישן לעבן, און אונדזער גרויסע לידער שול.

דער שאָפער, אַ סאָוויעטישער זעלנער, וועלכער האָט מיך געבראַכט קיין לידע, האָט קענטיק פאַרשטאַנען, אַז איך בין שטאַרק פאַרצווייפלט און צעבראָכן. ער איז רואיק געזעסן און געקוקט אויף מיינע טרערן מיט מיטגעפיל. מיר איז געוואָרן אומאַנגענעם און איך האָב גענומען אים טרייסטן:

— „איך האָף, אַז דו וועסט דיינע נאָענטע יאָ געפינען ביים לעבן, ווען אַפילו דיין וווינאָרט זאָל זיין פאַרניכטעט ווי דאָ."

— ס קאָן זיין — האָט ער ווי פאַרשעמט געענטפערט. — נו, דו בלייבסט דאָ? ווייל איך מוז ווייטער פאָרן — האָט ער צוגעגעבן.

— יאָ, זיכער בלייב איך דאָ, ווייל איך מוז גיין אַ קוק טאָן אויף אונדזער שטוב, אויב זי שטייט נאָך.

מיר האָבן זיך געדריקט די הענט און געווּנטשן פיל גליק איינער דעם צווייטן. דער אויטאָ האָט גערירט פון אָרט און איך בין אַוועק מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ צום צענטער פון שטאָט.

ניט צו דערקענען. איך האָב געבלאָנדזשעט. זעלטן ווען מען האָט געזען אַ דורכגייער. די לאַנגע סזוואָלסקע גאַס איז געווען ווי פאַריתומט. די מויערן פוןביידע זייטן זענען אָפּגעמעקט געוואָרן. עס האָבן זיך נאָר געצויגן לענגאויס קופּעס גרוז. ווען איך האָב געמיינט, אַז איך דאַרף זיך שוין פאַרנעמען אויף לינקס, גיין דורכן מאַרק, האָב איך בשום אופן נישט געפונען וווּ דער מאַרק איז. אַלץ אַרום איז געווען פאַרוואָקסן מיט הויכע און ווילדע גראָזן. איך האָב געזוכט אַ סימן פון אַמאָליקן מאַרק־פּלאַץ, וואָס זאָל מיר זיין אַ צייכן, וווּהין איך דאַרף גיין. פּלוצלונג, האָב איך פון דערווייטנס דערזען די גרויסע מאַרק־פּאָמפּע. זי איז געבליבן שטיין אויף איר פּלאַץ נישט גערירט, ווי אַ זכר לחורבן... וווּ איז מיין פעטערס מויער, וועלכער איז געשטאַנען עטלעכע מעטער פון דער פּאָמפּע? וווּ זיינען אַלע קליינע און גרויסע געשעפטן? וווּ זענען די יידן, וואָס האָבן זיך לאַנגע יאָרן געשעפּט דאָ זייער פּרנסה?

קיין זאַך איז נישטאָ מער. אַזוי ווי דאָס אַלץ וואָלט קיינמאָל נישט עקזיסטירט. איצט ווייס איך שוין דעם וועג, נאָר איך מוז נישט גיין ווי אַמאָל, מיטן שטיינערנעם ברוק. איך מוז נישט פאַרבייגיין ברוך קולקאָווסקיס בעקעריי, וואָס האָט שטענדיק פאַרשמעקט מיט דעם פרישן ברויט דעם אַרום, און נישט פאַרבייגיין דעם „לאַזוקערס" חדר, מיט וועלכן עס זענען געווען פאַרבונדן מיינע שענסטע יאָרן און ערינערונגען. איך קאָן אויך אויסמיידן „ליבעטשקעס" קליינע צוקערקעס־קרעמעלע, וווּ אַלע מיינע גראָשנס, וועלכע איך פלעג באַקומען, זענען פאַרביטן געוואָרן אויף אַ צוקערל אָדער אַ מאַנעלע. איך קען איצט גיין גלייך דורך די אַמאָליקע פאַרצוימטע הויפן — זיי האָבן היינט מער קיין צוימען נישט.

מער לויט דער אינטואיציע ווי לויטן שכל, גיי איך מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ צום „שול־גאַס", וווּ אונדזער שטוב איז געשטאַנען.

די שול־גאַס איז ווי שמעלער געוואָרן. די געוויקסן פון ביידע זייטן גאַס, ביי די חורבות, וואָס זענען געבליבן פון די יידישע הייזער, דעקן כמעט צו דעם ברוק. אָט זע איך פונדערווייטנס דאָס בריקל איבערן שמוציקן טייכל; און גלייך נאָך אים — זע איך אַ הילצערנע שטוב שטייט. איך קען בשום אופן נישט דערקענען, וועמענס שטוב דאָס איז. נאָך דער שטוב זעט זיך שוין אַ ריי הייזער, לענגאויס דער גאַס, וואָס זענען נישט גערירט געוואָרן פון קיין באָמבעס. מען זעט דאָרטן אַרומלויפן קינדער, הין און צוריק — דאָס זענען אָבער נישט די שוואַרצע און בלאָנדע קעפּעלעך פון אונדזערע שכנימס קינדער. זיי ליגן שוין לאַנג אינעם גרויסן ברידער־קבר, איינגעקלאַמערט שטאַרק אין זייערע מאַמעס אָרעמס.

דאָרטן שפּילן זיך גאָר אַנדערע קינדער. קינדער, וואָס פרייען זיך מיט זייערע נייע וווינונגען און שפּיל־פּלעצער, וואָס זיי האָבן געירשנט נאָך די „זשידעס".

ווען איך קום צו נענטער, דאַכט זיך מיר, אַז אונדזער

שטוב איז די ערשטע. יאָ! אָט איז דער הויף. אַנטקעגן ראובן דעם שמידס ווינונג. טיפער אין הויף — די גרויסע שטאַל. אַלץ זעט דאָ אויס פאַרעלטערט, פאַרנאַכלעסיקט, שמוציק. צי דען קענען 5 יאָר ענדערן אַן אויסזען פון אַ הויז? יאָ! דאָס איז אונדזער שטוב, וווּ איך האָב דורכגעלעבט מיינע קינדער־יאָרן; די היים, פון וואַנען עס האָבן נאָך מיט 5 יאָר צוריק געקלונגען יעדן פרייטיק־צו־נאַכט די זמירות פון מיין טאַטן, די געזאַנגען פון בערעלען מיט זיין הילכיקער טענאָר־שטימע. יאָ! דאָס איז מיין אַמאָליקע היים, פון וואַנען מען האָט מיך מיט 5 יאָר צוריק, אין אַן ערב פסחדיקן נאַכט, צוגענומען און פון וואַנען מען האָט מיינע ליבסטע אויף סיביר פאַרשיקט.

איך בין נייגעריק צו זען, ווי זעט דאָרט אויס אינעווייניק. מיט אַ ציטערדיקער האַנט האָב איך אָנגעקלאַפּט אין טיר. די טיר האָט זיך געעפנט מיט אַ הייזעריקן און קרעכצנדיקן רעש. אין איר עפענונג איז געבליבן שטיין אַ יונגע, דיקע קריסטין מיט אַ געשטופּלט גרויס פּנים. זי האָט מיך נייגעריק אָנגעקוקט און געפרעגט צו וועמען איך דאַרף.

— איך דאַרף צו קיינעם נישט. איך וויל בלויז אָנקוקן די שטוב, וואָס איז מיט 5 יאָר צוריק מיינע געווען.

— וואָס, דו ווילסט מיר זאָלן זיך אַרויסציען פון דאַנען? — האָט זי מיך דערשראָקן געפרעגט.

— ניין, זיי רואיק. איך בין נישט געקומען פאָדערן מיין אייגנטום. איך וויל נאָר אָנקוקן, זען צי עס האָט זיך דאָ עפּעס געענדערט — האָב איך איר דערקלערט.

זי האָט אַ בארויקטע מיך אַריינגעבעטן אינעווייניק.

אַלץ האָט זיך דאָ געענדערט. דער באַלקן איז ווי גע־האַנגען אויפן קאָפּ; דער ווייסער קאַכל־אויוון, וועלכער האָט געוואָרעמט דריי צימערן, איז געווען אויסגעגעוויגט און צע־בראָכן; די ברעטער פון דער פּאָדלאָגע האָבן זיך געוואַקלט ביי יעדן טריט. דער גרויסער, ווייסער קיך אויוון, ביי וועלכן מיין מאַמע פלעגט יעדן טאָג פאַרברענגען לאַנגע שעהן, איז געווען כמעט פאַרניכטעט; די פענצטער פון קיך זענען גע־ווען פאַרשטעלט מיט אַלטע, פאַרפלעקטע קאַרטאָנען. ווו נישט ווו האָב איך נאָך באַמערקט אַ זכר פון אונדזער מעבל.

— פאַרוואָס איז דאָס אַלץ אַזוי אָפּגעלאָזן און צע־בראָכן? — האָב איך געפרעגט דער קריסטין.

זי האָט מיך דערשטוינט אָנגעקוקט:

— וואָס, ווייסט נישט, אַז ס'איז געווען אַ מלחמה? די שטוב איז צעטרייסלט פון די באָמבעס, וועלכע זענען אין דער נאָענט אַראָפּגעפאַלן. — און באַלד גיט זי מיך אַ פרעג: — דו ביסט ראַבינאָוויטשעס אַ טאָכטער? דו ווייסט, אַז דיינע עלטערן זענען פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר?

איך האָב איר גאָרנישט געענטפערט. מיינע געדאַנקען זענען אין יענעם מאָמענט געווען מיט מיין שטאָט לידע און אירע יידן, וואָס איז אין גאַנצן חרוב געוואָרן.

יצחק רובינוביץ

# חיסולו של בית־העלמין היהודי

מיד לאחר כיבוש העיר לידא על ידי הגרמנים, התחיל חיסולו של בית־העלמין במקום. הכפריים מהסביבה התחילו לרעות שם את פרותיהם, ולאחר מכן התחילו לנפץ את המצבות ולהוציא את אבניהן לשימוש פרטי. ככה זה נמשך גם לאחר המלחמה, באין מפריע.

באמצע שנות החמישים אסרה העיריה על מתי מספר המשפחות היהודיות שהתגוררו אז בלידא, לקבור שם את מתיהם ובאין אפשרות אחרת הובלו הנפטרים לבית־העלמין בעיירה איביה. חיסולו המהיר של בית־העלמין בלידא החל בתחילת שנות הששים. בהתחלה החריבו במכונות חפירה את חלקו שעל יד שפת הנהר לידז׳יקה. חפרו והקימו שם מחסנים ומבנים שונים בשביל שרותים, סירות וסירות מרוץ ששירתו את האגם המלאכותי שיצרו ממימי הנהר לידז׳יקה, בקצה הרחוב פוסטובסקה. לאחר מכן החריבו גם את חלקו שגבל עם הרחוב פוסטובסקה, ושברו את המצבות שנותרו שם. כל זה נעשה למרות המחאות של היהודים שהתגוררו עדיין בעיר. הרבה עצמות אדם היו מפוזרים על פני האדמה. אז אספו אותם לתוך שק, והטמינו אותם בחלקו המרכזי של בית־העלמין, שעוד שרד אז. בסוף ינואר 1966 נותרו רק מצבות בודדות במרכזו של בית העלמין, וגם אלה נחרבו לאחר מכן.

ככה נחרב ונמחה הסימן האחרון שהעיד על קיומה של קהילה יהודית גדולה ומשגשגת במשך מאות שנים בעיר לידא.



יצחק רובינוביץ

# האנדרטה על קבר־האחים של קדושי לידא

בקיץ בשנת 1961 הגעתי ללידא, ופניתי אל ראש העיריה בדבר הקמת אנדרטת זיכרון על קבר־האחים של קדושי עירנו, שנטבחו ב־8 במאי 1942, על ידי הנאצים. הדגשתי, שכיליד לידא, וכעד ראיה חי של אותה טרגדיה, אני מבקש מהשלטון המקומי להקים אנדרטת זיכרון על קברי קרבנות השואה שתנציח את זכרם, לבל ישכחו הדורות הבאים את זוועת הנאצים. הסברתי, שבזמן הנוכחי ניתן למצוא בקושי רב את מקומם של הקברים, ושכעבור מספר שנים, ימחקו כליל מעל פני האדמה, ולא ישאר מהם זכר. הוא ענה לי שהעיריה תעיין ותדון בבקשתי ושבזמן הקרוב אקבל תשובה מפורטת בנידון. כעבור זמן קצר קיבלתי תשובה. הסבירו לי שבתקציב של השנה הפיננסית השוטפת לא הקציבו כספים להקמת אנדרטה כזאת, אבל בתקציב של שנת הכספים הבאה, יקציבו למטרה זו. על יסוד התשובה שקיבלתי, פניתי שוב, באביב של שנת 1962, אל ראש עירית לידא במכתב־שאלה, אם נקבע תקציב להקמת האנדרטה בשנה זאת, ומתי תתחיל העבודה. לתימהוני הרב, קיבלתי תשובה האומרת, שלא הוקצבו שום כספים להקמת האנדרטה, ולפי החלטת הממשלה נאסר על השלטון המקומי להקים מצבות זיכרון, אנדרטאות, ברכות שחיה, וכיוצא בהם, עד שיבנו בשביל כל אזרחי העיר דירות מתאימות. נטלתי אז חופשה מהעבודה ליום אחד, נסעתי ללידא, ובאתי שוב אל ראש העיריה. אמרתי לו שזה ממש מצחיק, אם בשביל הקמת אנדרטה שצריכה לעלות 2000—1000 רובל, צריכים לחכות עד שבשביל כל אזרחי העיר יבנו דירות מתאימות, — זוהי תכנית לעשרות שנים, ובביצועה צריך להשקיע מאות מיליוני רובל. עוד הוספתי שזאת היא בראש וראשונה שאלה אנושית והומניטארית, ושבכל העולם המתקדם כבר הוקמו מזמן אנדרטאות זיכרון במקומות כאלה של רצח המוני. אז הוא פרץ עלי בצעקות, שכל בני כפר מולדתו ברוסיה, וביניהם גם בני משפחתו, נרצחו על ידי הגרמנים בעד זה, שהם עזרו לפרטיזאנים, והוא לא דורש מהממשלה להקים על קברם אנדרטה, ואני דורש ממנה, מה שאין היא יכולה לעשות עכשיו. החלפנו עוד מילים חריפות, ועזבתי את משרדו.

שבתי לעיר המחוז גרודנו, בה גרתי אז, ולמחרת פניתי בשאלה זאת אל ראש שלטון המחוז. כמה פעמים פניתי אליו, בכתב ובעל פה, דרשתי את התערבותו של השלטון המחוזי, כשלטון מקומי עליון. דרשתי שיתנו הוראה לראש עירית לידא, שיקיים את הבטחתו. אחרי מאבק של מחצית שנה נוכחתי לדעת, שהשלטון המחוזי עשה יד אחת עם עירית לידא, ופשוט לא רוצים להקים את האנדרטה רק בגלל זה, שהקרבנות הם יהודים. אז החלטתי לפנות אל השלטונות המרכזיים במוסקבה.

כדי להבהיר את אמיתות דברי, כתבתי מכתב ב־3 העתקים שבו הבהרתי בפרוטרוט את השאלה, ואת יחסם השלילי והבלתי הוגן של השלטונות המקומיים והמחוזיים לביצוע התכנית של הקמת האנדרטה על קבר־האחים של קרבנות השואה. נוסף לכך הכנתי 3 העתקים מכל המכתבים שקיבלתי, במשך הזמן שחלף, מראש עירית לידא, ומראש השלטון המחוזי, וצרפתי אותם למכתבי. בסוף המכתב הוספתי, שאחרי כל זה היגעתי למסקנה ברורה, שאת האנדרטה לא רוצים להקים במכוון, רק מפני זה שהקרבנות הם יהודים, ולו הם היו לא יהודים, אזי מכבר היתה עומדת אנדרטת זיכרון על קברם. עוד הוספתי, שחרפה ובושה היא, שהמציאות הסו־בייטית היא כזאת. את המכתב שלחתי בדואר רשום: העתק אחד „לוועד המרכזי של המפלגה הקומוניסטית הסובייטית; שני, לראש הממשלה הסובייטית; ושלישי, למערכת העיתון „פראַבדה". צעדי זה הוא שחולל את המיפנה החיובי בשאלה. בסוף 1962 הזמינו אותי לבוא למשרדו של ראש השלטון המחוזי. הוא הודיע לי שלראש עירית לידא ניתנה הוראה להקים אנדרטת זיכרון על קברי הקרבנות הנאצים בחודשי האביב והקיץ של 1963, ושלמטרה זאת הועבר כבר סכום הכסף הדרוש.

בתחילת האביב של שנת 1963 פניתי בכתב אל ראש עירית לידא ושאלתי אם התחילו כבר בהקמת האנדרטה. קיבלתי תשובה, שכשיתחילו יודיעו לי על כך. חלף האביב והתחיל הקיץ ושוב הודעה לא קיבלתי. כתבתי שוב, וכעבור זמן קיבלתי תשובה, שהעבודה החלה. נטלתי יום חופשה מהעבודה, נסעתי ללידא, והגעתי למקום קבר האחים. לתימהוני הרב, לא מצאתי שום סימנים שיעידו על התחלת העבודה. הלכתי מיד אל ראש העיריה, אבל לא מצאתיו, כי באותו יום לא היה במשרדו. חזרתי לגרודנו ולמחרת היום פניתי אל ראש השלטון המחוזי. הראיתי לו את המכתב שבו הודיעו לי על התחלת העבודה, וסיפרתי לו הכל. בנוכחותי הוא נתן הוראה חריפה בכתב לראש עיריית לידא להתחיל מיד בעבודה, ולגמור אותה עד ה־1 באוקטובר 1963. בקשתי העתק מההוראה, וקיבלתי אותו. כעבור זמן קצר נסעתי שוב ללידא, היגעתי למקום, ונוכחתי לדעת, שהפעם העבודה החלה. בסוף שנת 1963 קיבלתי מכתב מעירית לידא ובו הודיעו לי שהאנדרטה על קברי קרבנות הנאצים הוקמה. הם הוסיפו שאת הכתובת על האנדרטה יחרטו באביב 1964, כשמזג האויר יהיה נוח. אז גם יטעו פרחים לרגלי מצבת הזיכרון. שלחתי להם מכתב בו הצעתי, מה לכתוב על מצבת הזיכרון. הם לא רצו לקבל הצעתי. אבל אחרי מאבק של מספר חודשים קיבלו אותה. רצו לכתוב „אזרחים סובייטיים", אבל לבסוף הסכימו לנוסח הפשרה „אזרחי העיר לידא".

טקס הסרת הלוט מעל האנדרטה התקיים ב־8 ביולי 1964, שהוא יום השנה לשיחרור העיר על ידי הצבא הסו־בייטי, מידי הגרמנים.

כעת, מדי שנה בשנה כשמניחים זרי פרחים לרגלי האנדרטות הצבאיות, מניחים גם זרי פרחים לרגליה. האנדרטה מוגנת על ידי החוק, כי היא שייכת לממשלה.

וכך, אחרי מאבק של 3 שנים, הוקמה על ידי השלטון הסובייטי אנדרטת הזיכרון על קברי האחים של קדושי עירנו.

א. ל.

# הרוצחים לפני כס המשפט 25 שנה אחרי הרצח

רק שניים מהם „זכו" להגיע למשפט — ווינדיש וורנר, רבי הטבחים של יהודי לידא, שתי מפלצות אדם, שזכרונם יעלה עד היום חלחלה בכל מי שזכה להכיר אותם בימי „גדו־לתם". השליט הראשי של מחוז לידא, קומיסר המחוז הנוויג, „הגרמני הטוב", שידע למצוץ את דם תמציתם של יהודי לידא יום יום, טיפין טיפין, בשיטתיות גרמנית, תוך העמדת פנים של „שחור טוב", זכה למתת חסד — מוות מכדור צרפתי, בחזית המערב.

לא נודעו לנו פרטי מעצרם של שני הרוצחים. ידוע לנו רק כי בשנת 1963 נמסרו פרטיהם לאגף לחקירת פשעי הנאצים על יד משטרת ישראל, פרטים שהועברו לשלטונות גרמניה, ובערך בשלהי 1964, נאסרו השניים. שנים אחדות ארכו ההכ־נות למשפט. עדים רבים נחקרו בישראל וחוקרים מטעם מוס־דות המשפט הגרמניים הגיעו לשם כך הנה.

בשנת 1967/1968 נפתח המשפט במיינץ ורבים מיוצאים לידא וסביבתה הוזמנו להעיד. מארץ־ישראל הגיעו כעדים: ארלוק, ברקוביץ, ד"ר גולומבסקי, גורפונג, דמשק, צלה סוויצקי, האחיות סלונימצ'יק (עכשיו: אטינגר ויונגמן), רז־ניק; מארצות הברית: רבקה נובופרוצקי, בלה סטולוביצקי (גולדפישר), ד"ר קיבלוביץ, מנסקי; מאוסטרליה: אינג' טננבוים, פרנקל; מקנדה: דרוק ורעיתו, סימה אילוטוביץ (כשר); מגרמניה גופה: ברנציק. לפי הזמנת הפרקליטות הגר־מנית, התייצבו לדוכן העדות גם כ־250 אזרחים גרמניים, חיילים וקצינים שהיו בלידא בשנות המלחמה; ביניהם דומבק, מנהל בתי היציקה בלידא, של „בנלנד" ושל האחים שפירא, ומנהל בית החרושת לשיכר של פופקו. הופיעה גם — „פרויליין מאייר" המפורסמת לדראון, אשתו של הנוויג הסדיסטית.

אנשי לידא הועמדו בניסיון קשה, להעלות מחדש כל אותם זכרונות איומים מלפני עשרים וכמה שנים, לכל זוועותיהם, ואין פלא כי אחדים מהם אף הגיעו לידי התמוטטות ממועקת הזכרונות. אכן, מאמציהם של הסניגורים להכשיל את העדים היהודים ולגלות סתירות שונות בפרטי עדותם עלו בתהו, כי יותר מדי חרותים הדברים בזכרונם של האנשים מכדי שיוכלו לבלבלם. אולם תקלה נתגלתה בניהול המשפט, כשהו־דיעו הסניגורים שגילו בחדרו של נשיא בית־המשפט מכשיר האזנה, בו השתמש לצותת לשיחותיהם עם הנאשמים. הענין הגיע למשרד המשפטים הגרמני הפדרלי — ומהלך המשפט נפסל.

המשפט נתחדש בקיץ 1969, בהרכב חדש. שוב הוזמנו כל העדים שהעידו במערכתו הראשונה. המשפט ארך הפעם שבועות אחדים וב־18 ביולי 1969, קרא נשיא בית־המשפט מילר את פסק־הדין, לפני אולם מלא מפה אל פה: הנאשם ליאופולד ווינדיש, בן 56, שנאסר בשנת 1964 בעיר מיינץ, בה התגורר כסוחר, נדון למאסר עולם, לאחר שהוכח כי בשבעה מקרים השתתף אישית ברציחת יהודים בלידא, מקום שם שימש ראש מטה וממלא מקומו של קומיסר המחוז. כל נכסיו יוחרמו וזכויותיו האזרחיות ישללו ממנו לצמיתות. בית המשפט משוכנע, כי ברציחת ההמונים בחודש מאי 1942 בלידא וסביבתה, בה מצאו את מותם אלפי יהודים, מילא ווינדיש לא רק תפקיד עזר אלא לקח בה חלק פעיל.

הנאשם הודיע כי הוא יערער על פסק הדין, אך טרם נודע דבר על גורל הערעור, אם אמנם הוגש.

הנאשם השני, וורנר, לא הופיע הפעם לפני השופטים: כפי שנמסר, כבר שכב אותה שעה בבית־החולים, במצב של גסיסה.

בני עירנו שהעידו במשפט מוסרים מרשמיהם:

— וורנר, כפי שאנו זוכרים אותו, ענק, קרוב לשני מטרים, תמיד בלווית כלבו הגדול האימתני בשם „דונר" (רעם) — נראה בבית־המשפט כבעל מום, זקן, חולה ושבור לגמרי. בעת המשפט במשך כל מהלך המשפט, (במערכתו הראשונה, בשנת 1967/68, בהתחדש המשפט ב־1969, לא היה מסוגל להגיע לבית המשפט, כאמור לעיל), ישב אדיש לגורלו, פסיבי, בהבעה מטומטמת. לעומת זאת ווינדיש — שחצני ומחוצף ותוסס ארס, כל הזמן בשיחות עם סניגוריו. התנהגותו הביאה את בית־המשפט לשלוח אותו אל רופא פסיכיאטר לבדיקה, אך הלה מצא אותו בריא ושלם. בעת פתיחת המשפט, פנה אל השופטים בקריאה „לבל יושפעו מן התעמולה האימפריאליסטית הציונית־אמריקאית". תוך חקירת העדים, ניהל אתם ויכוחים וביקש לעשות רושם שב„אותם הימים" היה כמעט „פילושמי". אכן, המושבעים והשופטים לא נראו מושפעים מן הדבורים האלה והלידאים התרשמו מן האווירה בה התנהל המשפט, תוך חתירה כנה בולטת לחקור את העובדות עד היסוד ולהגיע למשפט צדק.

מאסר עולם — זה הוא העונש המירבי: אין עונש מוות בגרמניה. אך לו גם היה — כלום יש עונש שיכפר על נחלי הדם שנשפך, ולו גם נתחייבו הנאשמים בכל ארבע מיתות בית־דין! אך, מצד שני, הרי נורא היה לחשוב, כי מלאכי המוות של יהודי לידא מתהלכים חופשים בראש חוצות ולית דין ולית דיין. ומתוך שקול זה, מילא בית־המשפט את יעודו.

